# אינהאַלט


1. צפת — תרצ״ו . . . . . 7
2. דער „קדוש״ פון עכו . . . 18
3. ר׳ זרחל דער פּאַסטעך . . . 36
   א) ביריה
   ב) שבת־ביריה אין צפת
   ג) ר׳ זרחל העלפט דעם פּלמ״ח
   ד) חוני המעגל
4. באַזאַלט . . . . . . . 90
5. גאָר אין דער הויך . . . . 162
6. שהחיינו . . . . . . 180
7. די הייל פון אליהו הנביא . . 208
8. די קללה . . . . . . 244

## אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

אויב די טעמאַטיק פון די דערציילונגען דערמאָנען מעשים מיט פאַקטן שהיו, איז אָבער זייער אינהאַלט און די נעמען פון די העלדן נישט מער ווי „פרי הדמיון" פונעם מחבר.

דער מחבר

## צפת — תרצ״ו

יעמאָלט, אין יאָר תרצ״ו, איז צפת געלעגן איינגעשטאַנצט אין רוקן פון הר־כנען ווי אַ וווּנדער בילד, צווישן גערטנער פון מילגרוימען, פייגן און איילבערט בוימער, צווישן ציפּרעסן מיט עקאַליפּטוסן, וואָס האָבן אויס־געזען ווי ממזרים אינעם אַלטן באַרגיקן פּייזאַזש פון גליל.

במשך פון דורות האָט זיך צפת געבויט צוזאַמען מיט אירע קרומע גאַסן און געסלעך, צעשניטענע אין שטעגן מיט טרעפּ, באַרג אַראָפּ, באַרג אַרויף, ביז דער הויך פון דער מצודה. איין געסל האָט זיך געדראַפּעט איבער דער צווייטער, איין הויז האָט געקלעטערט אַ צווייטע הויז אויפן קאַרק, ביז עס האָט זיך אויסגעפורעמט אַ ישוב מיט געדיכטע צעלן, ווי אַ האָניק־קוכן אין אַ בינשטאָק, מיט אָן אַ צאָל דורכגענג, געפּלאַסטערטע מיט גלאַטע שטיינער, פּאָלירטע פון דורות באָרוועסע און באַלעטשלטע פיס, פון גייער און דורכגייער.

ביזן יאָר תרצ״ו, איז צפת נישט איין מאָל צעטרייסלט און חרוב געוואָרן פון ערדציטערנישן, מלחמות און מגיפות, און יעדער וואַנט איז צעמענטירט מיט אַלטן קאַלך, פאַרמישט מיט זאַמד, בלוט, טרערן, חלומות און לעגענדעס.

די ירושלים גאַס איז געווען און געבליבן די, וואָס האָט צעטיילט די שטאָט אינעם באַרג אַראָפּ און באַרג אַרויף: פון אונטן דאָס יידישע צפת, ווו נישט ווו דורכגעוואָרפן מיט אַראַבישע קוואַרטאַלן, מיטן קען־צייכן: מעטשעטן מיט שפּיציקע און קאָנוספאָרמיקע מינאַרעטן, אַנדערע מיט אַ באַנאַנע אין דער הויך.

באַרג אַרויף, ווי איבערן קאָפּ, האָט זיך געשפּרייט די אַראַבישע געגנט,

ווי אַ זאַמלונג פון קובן, גאוהדיק פאַרריסן, אויסגעקאַלכט אין בלוי און ווייס, אַ יעדער רגע גרייט זיך אַראָפּקייקלען ווי אַ לאַווע, צופוסנס, אויפן קאַרק פון יידישן יישוב, וואָס איז פול געווען מיט תורה, זוהר און קבלה, מיט קליין־קרעמעריי, וואַרשטאַטלעך, אכסניהס, מיט שולן, קלויזן, ישיבות, חדרים און בתי מדרשים, פון וואַנען ס׳האָבן זיך שטענדיק געטראָגן ניגונים מיט תפילות, דורכגעזאַפּטע מיט ווײ און בענקען אויף ביאת המשיח, אויף דער גאולה, וואָס פאַרשפּעטיקט זיך.

יעמאָלט האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן די גאַנצע שרעק און האָפענונג פונעם יידישן אומעטום, פון אַלע גלותן, אָט דאָ אין צפת, אויפן סאַמן שפּיץ פון ארץ ישראל, ביז דעם קאָפּ פון דער מצודה.

דאַן האָט נאָך צפת זיך אויסגעלעבט אין איר אַלטן שטייגער, ס׳איז געווען ערב דעם סוף פון איר אַלטן גאַנג, בס״ה עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, לויטן פירוש פון די מקובלים און פרושים: — „מלחמת גוג ומגוג״, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט גאָרנישט אַזוי, ווי לויט אַלע צעוואָרפענע און אויסגעטייטשטע רמזים פון די הייליקע ספרים, פון אַלע צייטן.

יעמאָלט זענען נאָך צפתער בתי מדרשים און קלויזן פול געווען מיט אויסגעדאַווענטע יידן, וואָס האָבן דאָרטן פאַרצערט זייערע לייב און לעבנס, בעת זייערע נשים, האָבן אין די היימען אויסגעפינצטערט ס׳מאָגער ביסן ברויט.

די יידן זענען געזעסן ביי ספרים, זיך איבערצופרעגן מיט פסוקים, מיט פשט, דרוש און רמזים, צו דערציילן צום וויפלסטן מאָל, די פלאי־פלאים פון צדיקים און קדושים, איבערצוחזרן די שמועסן מיט טבילה אין קאַלטע מקוואות, און מאָגערן איבערבייסן, וואָס די נשים פלעגן צוגרייטן, דער גוף זאָל קענען אויסהאַלטן די צאַפּלדיקע, אויסגעבענקטע נשמה. יעמאָלט האָבן אין צפת געלעבט אַ געוויסע צאָל אנשי חול, פשוטע גוטע „צפאָסער״ יידן, „מייסטערס״ אין שניידעריי, שוסטעריי, געלטגיסער, קופּער שמידן, בעקערס, זייגער־מאַכער, בעלי אכסניהס פאַר זומער־געסט און מומחים פון גוטן, גע־זאַלצענעם שאָפן קעז. פלעגן דאָ קומען יידן פון אומעטום, לאו דוקא צו געניסן פון דער גוטער פרישער באַרג לופט, געגעזן צו ווערן, נאָך זיך

אויך מחיה צו זיין און אָפּפרישן מיט שפּרודלדיקער תורה, מיט סגולות און אָפּשפּרעכערייִ.

האָבן דאָרטן אויך נישט געפעלט קיין סוחרימלעך פון תבואה, שמן־זית, פון פּרוכתן, מענטעלעך, יַדן, טליתים און תפילין, שניצער פון צאַצקעס „למזכרת נצח דק״ק צפת עיר הקודש״. ס׳האָבן זיך דאָרטן געפונען שטילע מלוה־בריביתניקעס, און גבירים, וואָס פלעגן טיילן „מתן־בסתר״ מיט גמילת חסדים, שלא על מנת לקבל פּרס, ס׳האָבן אין צפת נישט געפעלט קיין משור־לחים, סופרי־סת״ם און מורי־דרך, צו ווייזן אַלטע הייליקע קברים, ווי פון דעם אר״י הקדוש וכדומה, צו באַגלייטן יידישע עולי־רגל אָנצוקוקן די פּראַכט מיט די אַנטיקן פון די געשניצטע „מזרחן״, עמודים, און געוועלבן פון אַלטע שולן, אויך צו באַגלייטן באַזוכער אויפן באַרג, אין מירון, ל״ג בעומר. יענע באַגלייטער פלעגן וואַרטן אַ רונדן יאָר אויפן טאָג פון רבי שמעון בר יוחאי, אַרויסצוגיין מיט ספרי תורות פון עבו׳ס הויז, ברינה ובשמחה, מיט פּזמונים און כלי זמר צו דער הדלקה, און אָפּשערן צום ערשטן מאָל יידישע קינדער־לאָקן. זיי פלעגן חלילה נישט אָפּוואַרטן דעם ל״ג בעומר מחמת גייציקייט, חלילה! אַלץ איז געווען „לשם שמים.״

עס האָבן דאָרטן אויך נישט געפעלט קיין צדקה און נדבות קלייבער, מיט געדרוקטע און געכתיבהטע קבלות פון כלערליי פּאַראַנענע און נישט געשטויגענע חברות.

די יידישע גאַסן האָבן געווימלט מיט שטענדיקע חול־המועד־יידן אין שטריימלעך מיט עקלעך, מיט ציטערנדיקע פּאות־לאָקן, אין אַטלאַסענע זשופּיצעס און אין פאַרביקע געפּאַסקעוועטע כאַלאַטן, מיט די ציצית אויפן ווינט, אין ווייסע מכנסים, פאַרשטעקטע אין שוואַרצע זאָקן, אין די ווייכע שטיוולעטן, מיט פולע אויגן עצבות, און מיט דעם פחד פאַרן היינט און פאַרן מאָרגן. צווישן זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט געזונטע יידן מיט ברוינע פּנימער, מיט אייזערנע הענט, מיט אָדלער אויגן אונטער דעכלעך פון דיקע אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמען: — די איכרים פון די אַלטע יידישע קאָלאָניעס, פון ראש פינה, פון יסוד המעלה, פון דער וויטלעכער כנרת וכדומה.

די אַראַבישע גאַסן ווידער זענען אויך פול געווען ווי מוראַזשניקעס, מיט שטאָטישע ישמעאלים אין ברייטע שאַראַוואַרעס, אין קאָמבאַזן, מיט

באַרוועסע פיס און פאַנטאָפל, מיט קעפּיעס אָדער רויטע פעסן אויף די קעפּ, וואָס עס פלעגן טראָגן די רייכע און משכילים. צווישן זיי פלעגן זיך אַרומ־דרייען פעלאַכן פון די אַרומיקע דערפער, יעדערער מיט זיין סחורה: — געטריקנטע פייגן, איילבערטן, טייטלען, פיש, גרינצייג, מיט לאָגלען קאַלטן „תמר־אינדי״, מיט „בוזה״ (אייז־קרעם), מיט כלערליי פּעקלעך פון קאָנ־פעקציע און מיט זיסוואַרג, באַדעקט פון פליגן. אַלע האָבן געטומלט, גע־שריען, זיך איבערגערופן, אויסגעזונגען די מעלות פון זייערע סחורות, און צוגעצימבלט מיט קופּערנע טעצלעך און בעכערס.

אָפט פלעגט דער עולם זיך שפּאַלטן צו מאַכן אַ וואַרע פאַר געלאָדענע קאַראַוואַנען קעמלען מיט גלעקלעך אויף די העלדזער, פאַר שוואַרץ געהילטע בעדואינער מיט זייערע ווייבער און קינדער, צוגעבונדענע צו די פּלייצעס, ווער פון זיי צופוס, און ווער צו רייטן אויף פערד און אייזלען. די מענער בעדואינער זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט לעדערנע גורטן, אויסגע־צאַצקעטע מיט גלאַנציקע ווייסע און געלע ניטן, און באַהאָנגען מיט קרומע שווערדן און קינדזשאַלן. זייערע אויגן — שפּיזן.

די טונקעלע קאַפע־הייזער, זענען פול געווען מיט ליידיק גייער, וואָס האָבן געשפּילט אין קאָרטן, אין שטיינער וואַרפן און „שעז׳־בעז׳״. ס׳רוב פון זיי האָבן געזויגן נאַרגילעס, צוזופנדיק דערביי קלעפּיק־זיסע קאַווע. די באַדינער, מיט שמוציקע האַנטעכלעך אויף די הענט, האָבן געטומלט ווי אַלע, און אויסגערופן בקול רם די באַשטעלונגען. ביי די אַריינגאַנגען פון די אַראַבישע פּרעסאַרניעס, האָבן געקיניגט די רעסטאָראַטאָרן איבער פול געלאָדענע טישן מכל טוב. זיי האָבן כסדר פונאַנדערגעבלאָזן דאָס פייער פון די אָנגעגליטע קוילן אין די בעקנס, איבער וועלכע ס׳האָבן זיך געבראָטן שטיקלעך שאָפּן פלייש, אָנגעשטאָכענע אויף שפּיזלען, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַ ריח איבער אַלע געסלעך אַרום.

צווישן אַראַבישן עולם האָבן זיך אַרומגעדרייט יידישע הענדלער און מעקלער, סתם יידן, וואָס פלעגן קומען איינהאַנדלען מציאות, אָדער גאַלאַנ־טערייסטשיקעס, וואָס פלעגן ברענגען פאַרקויפן, קנעפּלעך, פאָדים, נאָדלען, טיכלעך, בענדלעך, ציץ וכדומה. דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין רויִקע צייטן, נאָר זומער תרצ״ו, זענען געקומען ווייניק יידן, און די וואָס זיינען געקומען,

האָבן זיך כסדר אַרומגעקוקט אין די זייטן, זיינען געווען געשפּאַנט, גרייט עוקר צו זיין אַ יעדער רגע און אַנטרינען אין די יידישע גאַסן, דורך הויפלעך און דורכגעגנג. וואָס זיי האָבן גוט געקענט ווי אַלטע תושבים.

אין יענעם יאָר תרצ״ו, האָט אין צפת געלעבט רבי אַלטער, אַ סופר סת״ם, אַ ייד פון אַ יאָר זעקס און דרייסיק. ר׳ אַלטער האָט געשריבן תפילין, מזוזות און ספרי תורות. שוין דאַן האָט מען געוווּסט, אַז אַ סופר סת״ם, גיט זיין משפחה ברויט בצמצום. האָט ר׳ אַלטער מיט זיין הויזגעזינט — בשתיקה צוגעהונגערט — אַ הויזגעזינט פון אַ ווייב, אַן אַלטע מאַמע מיט דריי קינדערלעך. ר׳ אַלטער האָט חלילה נישט געהאַט קיין טענות אָדער תרעומות, נישט צו גאָט, און נישט צו לייטן. דאָס האָט שוין גענומען אויף זיך זיין זוגתו, בשותפות מיט דער מאַמען... ר׳ אַלטער האָט געלעבט מיט זיינע פּאַרמעטן, טינט און פאַרשניצטע פעדערס. ער פלעגט כסדר שרייבן די הייליקע ווערטער און שורות, פון פרשה צו פרשה, — אַ מקוה, פון שורה צו שורה, אַ לויב צו גאָט ברוך הוא. זוהר אין די אָוונטן, און שטילע, זיסע זמירות אין די באַגינענס, שפּרייזנדיק הין און צוריק אויף דער טעראַסע, אַזוי, ביזן גיין אין בית מדרש צו שחרית.

זיינע קינדער זענען געווען יונגע: אברהם יענקעלע זעקס יאָר, חוהלע — זיבן יאָר, און די עלטסטע, יפה, — ניין יאָר. יפה איז געווען אַ קינד מיט אַן „אָפּענעם״ קאָפּ, מיט אַ „מאַנסבילשן״ שכל, אלא, ס׳נחת, האָט ר׳ אַלטער געשעפּט פון זיין אברהם יענקעלען, וואָס איז געווען בלאַס, ציטעריק ווי אַ גרעזל. אברהם יענקעלע האָט געוואָלט זיין אַ סופר, ווי דער טאַטע, פלעגט ער שטענדיק שטיין אָנגעשפּאַרט אָנעם שולחן, נתפעל צו ווערן פון די קליינע, שוואַרץ־גלאַנציקע אותיות, וואָס פלעגן פערלען פון אונטער דעם טאַטנס „גאָלדענע הענט״ אויף די פּאַרמעטענע יריעות. — „גאָלדענע הענט, און אַ ווייב אַ מרשעת״, פלעגט מורמלען די באָבע.

— „גאָלדענע הענט און אַ ביטערן מזל״, פלעגט ענטפערן די מאַמע.

אינעם יאָר תרצ״ו, זענען אויסגערונען אַלע געסט פון צפת. אַפילו ל״ג בעומר, צו דער הלולה און הדלקה אין מירון, זענען געקומען ווינציקע מבחוץ. עס זענען געקומען לויטער קבצנים, וואָס האָבן איינגעשטעלט ס׳לעבן אָפּצו־דאַווענען איין נאַכט אויפן קבר פון רבי שמעון בר יוחאי. דער טויט האָט

געלויערט אויף די וועגן און בערג פון גליל. רוצחים, אָנגעלאָפּענע פון נאָענט און ווייט, האָבן פול געמאַכט ארץ ישראל. אַ גאַנץ יאָר, האָט ר׳ אַלטער געטרייסט זיין ווייב מיטן זומער: — ס׳וועלן קומען פרומע יידן פון אומעטום, פון אַמעריקע, פון בונעסאיירעס, פון ליטע, פוילן און אונגאַרן, פון ירושלים און תל־אביב. מ׳וועט באַשטעלן כשרע, האַנט געשריבענע מזוזות און תפילין. זי זאָל לעבן, וועט אויספאַרקויפן די טלית־און תפילין־זעקלעך, מיט אַלע מצה טישטעכלעך, וואָס די באָבע, מיט יפהען, האָבן אַ גאַנץ יאָר אויסגע־שטיקט און אויסגענייט מיט גאָלדענע און זילבערנע פעדים אויף געבאָרגטן סאַמעט, — אויסגעשטיקט מיט מאַנדל בוימער, מיטן כותל־המערבי, צוזאַמען מיט צעדער בוימער פוןביידע זייטן, דער מאַמע רחל׳ס קבר מיטן קיילעכ־דיקן קופּאָל, מיטן עץ הזית, וואָס שטייט געבויגן ביי דער זייט, רבי שמעון הצדיק׳ס קבר אין מירון, אונטער אַ געדיכטן באָקסער בוים, וואָס האָט אים געשפּייזט גאַנצע פערציק יאָר, צוגעבנדיק ביים זוים: — „למזכרת נצח, דק״ק צפת אשר בארץ ישראל, שנת תרצ״ו״.

„ווער ווייסט, השם יתברך קען צושיקן אַ בעלן אויף אַ ספר תורה, וועט זיין ברויט אויף אַ רונדן יאָר. — אַ מענטש טאָר נישט שפּרינגען העכער פון זיין ביישטידל״.

די באָבע פלעגט וואָרקען: — „די קינדער גייען אַרומגעריסן, אַרומגע־שליסן, זיי טראָגן אַלטע בגדים, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, און היינטיקע צייטן מוז מען צאָלן שכר לימוד, אַפילו אין ק״ק צפת״...

נאָך אַלע דאגות און שוועריקייטן, האָט ר׳ אַלטערס ווייב געהאַט איר פרייד. בפרט אין די פאַרטאָגן, איידער די שטערן זענען אויסגעלאָשן, בעת די הייליקע שטאָט צפת, נעמט זיך סודותדיק אַרויסשניידן פון די בערג אַרויס. פויגל נעמען זינגען שחרית — זמירות, און ר׳ אַלטער שפּאַנט מיט חדוה הין און צוריק, הין און צוריק פון טעראַסע אין צימער, פון צימער צו דער טעראַסע און זינגט מיט זיין מתיקותדיקער שטים:

„ברון יחד כוכבי בוקר, / „אַי בבוקר, אַי בבוקר, / „ברון יחד כוכבי בוקר״...

ר׳ אַלטער שפּרייזט און זינגט, צופּאַטשנדיק מיט די הענט: „אַי בבוקר, אַי בבוקר״.

ווער האָט זיך דאַן געקענט גלייכן צו ר׳ אַלטערס זוגתו שתחי׳״, און צו זיין אַלטע מאַמע, וואָס פלעגט ווי שטענדיק, קרעכצן און וואַרקען אויפן בעט, ווישנדיק טרערן פון לייטזעליקייט פון איר צעקנייטשטן פאַרמעטענעם פנים ? !

עפעס האָט זיך אין יענע טעג דערטראָגן אין די בתי מדרשים און קלויזן פון צפת, פון די גאַזעטן פון תל־אביב און ירושלים, וועגן אומרועז, שריפות, טויט און לויות. אין צפת האָט מען אויך געהערט שיסערייען אין די נעכט. ס׳האַרץ האָט ביי אַלטערן געציטערט, און שרעק האָט זיך גענומען נעסטלען אין זיין היים, ווי אין אַלע יידישע היימען.

פלעגט ר׳ אַלטער מתפלל זיין מיט מער כוונה. אָבער אין די פאַרטאָגן, האָט ער געזונגען ווי שטענדיק: „ברון יחד כוכבי בוקר״. ס׳האַרץ האָט אין אים געוויינט נישט נאָר אויפן חורבן הבית, נאָר אויך אויף זיינע עופהלעך, זיין פרוי און מוטער, און אויף אַלע יידישע משפחות. — „וואָס ווילן זיי די ישמעאלים — די שכנים ? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר זיי געטאָן, און וואָס האָב איך זיי בייז געטאָן ? — מיין פרנסה קען דאָך, חלילה, נישט פוגע זיין קיין גוי, ואני הקטן קען אַפילו נישט קיין גוייש צורת אות, נישט אַ גוייש וואָרט אויסריידן.״

יעמאָלט האָט צפת איבערגעלעבט הונדערט פינצטערע מעת לעתן. דער בלוטיקער שאָטן פון חודש אב תרפ״ט, האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער די צעהויקערטע גאַסן און געסלעך, דער ריח פון בלוט האָט זיך אויסגעמישט מיטן ריח פון זומער, פון צייטיקע פרוכט און תבואה. — — — מען פירט כסדר קדושים צו קבורה. אַלע שולן, קלויזן און בתי מדרשים זענען פול געווען מיט יידן, וואָס האָבן יעדער פרייע רגע געזאָגט תהילים בציבור, געריסן הימלען, הקדוש ברוך הוא זאָל זיך דערבאַרימען, די האַק פון די רוצחים זאָל נישט פאַלן אויף אומשולדיקע יידישע קעפּ.

די גוטע יידן פון צפת האָבן זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף די היימישע און די צוגעפאָרענע בחורים פון טבריה און פון חיפה, וואָס זענען געקומען מיט „כלים״ באַהיטן און באַשיצן די יידישע גאַסן און קוואַרטאַלן. זיי פלעגן ברומען מיט תרעומות, אַז דאָס אַרומטראָגן זיך מיט געווער איז נישט יידיש, ס׳איז מעשי־עכום, ס׳איז כפירה, ישמרנו אלהים, סכנות נפשות !

האָבן די נכבדים פון שטאָט, די ראשי הקהל, זיך געקעמט די בערד, זיך אָנגעטאָן אין זייערע שבתדיקע זשופּיצעס, זיך צו לאָזן גיין משתדל זיין ביים ענגלישן מושל. זיי האָבן געטענהט צום האַר פון שטאָט, אַזוי צו זאָגן: — „ס׳טייטש, אדונינו? ווי קענט איר מפקיר זיין אַן עדה יידן פון אַזאַ גאָטס־פאָרכטיקער שטאָט ווי צפת, ווי מען האָט מפקיר געווען אין יענעם פינצטערן חודש אב תרפ״ט״?

— „אָלרייט, אָלרייט, וועל, וועל, וועדי וועל, גייט אייך בשלום צוריק אין די היימען.״ — האָט זיי דער מושל באַרויִקט, — „פאַרלאָזט זיך אויף דער גאָ־ווערנמענט (רעגירונג), די גאָווערנמענט איז רעספּאָנסיבל (פאַראַנטוואָרטלעך) פאַר דער רו און אָרדענונג אין פּאַלעסטיין. שאַלאָם״, — האָט ער פאַרענדיקט אין לשון קודש.

„דינא דמלכותא כדינא דרקיעא״, האָבן צפתער זקנים געפּסקנט, און געקוקט קרום אויפן אַפּיקורסישן יונגוואַרג, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך פאַרלאָזן נישט אויף קיין דין, און נישט אויף אַ דיין, וואָס רעדט בריטיש, און איז תמיד באַזויפן, שיכור ווי לוט.

— „זיי גלויבן מער אין זייערע ביקסלעך, ווי זיי גלויבן אין...״ (זיי האָבן דערביי נישט געוואָלט ברענגען אויף זייערע לעפצן זיין ליכטיקן נאָמען, די זקנים און נכבדים). ווייל דאָס מלכות איז „רעספּאָנסיבל״, האָבן קוילן גענומען האַקן איבער יידישע הייזער, לכתחילה אין די נעכט, נאָכהער אין מיטן העלן טאָג. נישט נאָר קוילן האָבן געפּייפט, נאָר באָמבעס האָבן גע־פּלאַצט. אַ ייד איז מער נישט געווען זיכער מיטן לעבן, פאַרבייצוגיין אַן אַראַבישע גאַס.

ווייל דאָס מלכות איז פאַראַנטוואָרטלעך, איז פאַרשווּנדן געוואָרן די פּאָליציייאישע שמירה פון די יידישע גאַסן, וואָס זענען געלעגן פאַרקלעמט צווישן אַראַבישע קוואַרטאַלן און הייזער. דאָס איז געשען פינף און צוואַנציק טעג אין חודש אב תרצ״ו, ווען די פּאָליציי פון צפת, איז ווי אין וואַסער אַריין.

יענעם טאָג איז געלעגן אַ שווערע חמימה איבער צפת, און אין יענער נאַכט, כ״ה באב, תרצ״ו, האָט ר׳ אַלטער געהאָלפן זיין ווייב, אויסבעטן די קינדער אויף דער טעראַסע. די קינדער האָבן זיך געפּרייט: — „אָט שלאָפן

זיי אויך אין דרויסן ווי דערוואַקסענע.״ בעת די קינדער זענען איינגעשלאָפן, האָט זיך ר׳ אַלטער צוריקגעקערט אין שטוב, זיך איבערגעבויגן איבער אַ ספר, זיך צעשאָקלט מיט אַן אומעטיק־שטילן ניגון, ביז האַלבער נאַכט צו וואַכן איבער דאָס קליינוואַרג אויף דער טעראַסע, נאָר ר׳ אַלטער איז געווען טויט מידָ, איז ער איינגעשלאָפן ביים טיש, מיטן קאָפּ אויפן ספר.

יענע נאַכט האָט דער טויט געהאָגלט מיט פייער איבער דער שטאָט. צעשראָקענע יידן מיט ווייב און קינדער, האָבן זיך געוואָלגערט אויף די שטיינערנע דילן, אין די ווינקלען פון זייערע דירות. ווו נישט ווו, האָבן גע־ברענט צו עטלעכע פּאָר יונגע יידישע אויגן אויף שמירה. זיי זענען געווען ווייניק אין צפת. צפת האָט זיך נישט געלאָזט איינשפּאַנען אין דער נייער צייט, זי איז געבליבן אַליין מיט זיך, מיט איר גלויבן, געבליבן עלנט און פאַרגליווערט.

אויפן אַלטן בית עולם איז יענע נאַכט געווען לעבעדיק. וואָלטן עס געזען די צפתער בית מדרש יידן, וואָלטן זיי זיכער געווען, אַז די מתים זענען אויפגעשטאַנען צו תיקון חצות, אָדער צו פאַרבייטן די פאַרשווונדענע פּאָ־ליציי פון יענער געגנט. זענען די יידן, יענע נעכט, געלעגן פאַרשפּאַרטע אין זייערע היימען, זיי זענען געלעגן אין אַנגסטן, אָפּצוואַרטן דעם ליכטיקן טאָג. דאָס זיינען נישט געווען קיין מתים, נאָר פאַרשלייערטע, לעבעדיקע רוצחים, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די מצבות, כדי זיך אַרויסצושאַרן ווי שאָטנס, פון קיינעם נישט געשטערט, זיך אַריינרייסן אין אַ יידישע גאַס, גלייך אין ר׳ אַלטערס היים אַריין.

די רוצחים־ישמעאלים האָבן אויפגעריסן די קינדער פון זייער רויִקן שלאָף, און מיט שדים־לוסט, גענומען שיסן אינעם וואַרימן, דרימלענדיקן קנויל אויף דער טעראַסע, און צו ברילן ווי די הונגעריקע חיות.

די מוטער מיט דער באָבען זענען צוגעלאָפן צו פאַרשטעלן מיט זיך די שלאָפעדיקע קינדער. ר׳ אַלטער איז אויפגעשפּרונגען פון טיש זיי צו הילף, זיינע אויגן האָבן נאָך באַוויזן זען די טויטע קופּע: זיין אברהם יענקעלע צעלעכערט פון קוילן ווי אַ זיפּ, חוהלע — צעפּליישט, ביז נישט צו דער־קענען, זיין זוגתי מיט דער מאַמען, — אין אַ טייך בלוט.

די רוצחים האָבן די מלאכה פאַרענדיקט מיט אַ האַנט־גראַנאַט, וואָס האָט

צעשמעטערט דעם אויסגעדאַווענטן קאָפּ פֿונעם סופר סת״ם, צוזאַמען מיט זיינע פֿרומע, איידעלע הענט.

אַז אַלץ איז געווען פֿאַרטיק, האָבן זיי נאָך מיט עטלעכע שאָסן אין דער צעפלייטשטער קופּע אַריין פֿאַרענדיקט מיט זייער נצחון...

באַשפּריצט מיט בלוט און קינדער מאַרך, זייענען די גבורי־צפת אנטרונען מיט אַ ברילעריי אינעם אַראַבישן שטח, פֿון קיינעם נישט געשטערט.

גאָט פֿון אברהם, פֿון יצחק און פֿון יעקב האָט געוואָלט, אַז די באָבע פֿון דער אויסגעקוילעטער משפּחה זאָל בלייבן לעבן, צו ליגן ביי דער קופּע טויטע קינדער און אייניקלעך, זיך אויפֿצוכאַפּן פֿון אָנמאַכט, און אַרויסלויפֿן אין גאַס מיט אירע דורכגעשאָסענע הענט, אַן אויסגעווייקטע אין בלוט, און גוואַלדעווען צום הימל. זי איז אַזוי לאַנג געלאָפֿן אין דער ליידיקער גאַס, ביז זי איז געפֿאַלן און אויסגעלאָשן געוואָרן.

יענעם פֿאַר טאָג, האָבן די פֿויגל פֿון צפת נישט געזונגען די שירה פֿון שחרית, זיי זענען זיך צעפֿלויגן ערגעץ וויט אין די בערג, נאָך פֿאַר דער זריחה.

יענעם פֿאַר טאָג, האָט ר׳ אַלטער אויך נישט געזונגען, נישט צוגע־פֿליעסקעט מיט די הענט, דעם זיסן „ברון יחד כוכבי בוקר״, ס׳איז נישט געווען פֿאַר וועמען צו זינגען.

יענעם באַגינען האָט זיך גאָר געטראָגן צום הימל פֿון צפת גאָר אַן אַנדער תפילה:

„— געלויבט זאָלסטו זיין אַללאַ, אַלמעכטיקער קעניג איבער הימל און ערד.

זאָל זיין געלויבט און געאַכפּערט דיין נביא מוחמד מיט אַלע זיינע שליחים, די וואָס זענען דאָ, און די וואָס זענען אַוועק, ביזן סוף פֿון אַלע דורות.

אַ שבח צו דיר אַללאַ אַלמעכטיקער, פֿאַר דער גאַנצער גדולה, מיט אַלע נצחונות, וואָס דו האָסט געשאָנקען די מוסלמענישע שווערד אין הייליקן קריג מיט די כופרים, די יהוד.

אַ לויב צו דיר, אַללאַ, פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם בלוט און מאַרך פֿון שונא!

צפת — תרצ״ו

אַלע ברכות, אַלע תפילות און געזאַנגען, דיר אַללאַ, אַללאַ יאַ אַכבאַר, פון היינט ביז אייביק.

ברכות פון דיינע טרייע מוסלמענער, פון די הויכן פון גליל, פון יהודה, פון כרמל, פון יפו און אַל־קודס — ירושלים.

זאָלסט גרויסן און קרעפטיקן, פאַרשפּרייטן און דערהויבן די מאַכט, דעם רום מיט דער שווערד פון כאַדזש אַמין, — סייף אַל דין.״

אַ סך גלייביקע מוסלמענער, האָבן יענעם פרימאָרגן אויסגעהערט, די שיינע, די נייע תפילה אין די מעטשעטן פון צפת.

די גלייביקע האָבן געקניט, זיך טיף געבוקט, אָנצורירן מיט די שטערנס די ערד, און פאָרכטיק געענטפערט:

— אמן.

חיפה, 20.11.63

# דער „קדוש" פון עכו

די זון האָט זיך פאַרקליבן פון יענער זייט כרמל און אָנגעצונדען אַ שריפה איבערן גאַנצן מערב. דער ים, ווי שטענדיק, האָט געוויקלט כוואַליעס אויף די זאַמדיקע ברעגעס. קילע ווינטן האָבן געטראָגן דעם האַרבסט אויף זייערע פליגלען און לאַנגזאַם געגידערט אויף די אָנגעגליטע הייזער און גאַסן, אויף די ליידיקע פעלדער און נאַקעטע בערג.

אין אַזאַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט, ווען די לעצטע זונען שטראַלן האָבן געוועבט תרכיבים, פון לאַנגע שפּינוועבסן פאַרן געשהטענעם זומער תרצ"ו, איז געזעסן עזיז קאַנאַפּאַני פאַרן בית־דין. ער איז געזעסן אין טונקעלן געריכט זאַל אין אַן אייזערנעם שטייג, דעם קאָפּ געזונקען איבער דער ברוסט, אָן אַ פּיצל מחשבה, און סתם אַזוי געקוקט אויף די שפּיצן פון זיינע שיך.

אַ שווערער משא־אויטאָמאָביל האָט זיך פאַרבייגעטראָגן הינטער די פענצטער מיט רעש, אַזש די שויבן האָבן געציטערט. עזיז קאַנאַפּאַני האָט זיך אַ הויב געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט זיך אַרום־געקוקט, און אַפּאַטיש צוריקגעזעצט, ווידער צו באַטראַכטן די שיך. ער האָט אַרויסגעשטעלט דאָ דעם רעכטן פוס, דאָ דעם לינקן, געדרייט די שיך אַהער און אַהין, ביז ער איז געבליבן זיצן פאַרגליווערט ווי ביידע זשאַנדאַרן, וואָס זענען געזעסן נעבן אים פון ביידע זייטן, צו האַלטן אין די הענט, אויסגעצויגן, געפוצטע ביקסן.

אין געריכט־זאַל האָט געהערשט אַ געשפּאַנטע שטילקייט. שאָטנס האָבן אַרויסגעטאַנצט אויף די ווענט, געשפּרונגען איבער די ליכט פלעקן, וואָס די גאַס לאָמפּן האָבן אַריינגעוואָרפן אינעווייניק פון דרויסן. אַדוואָקאַטן האָבן צונויפגעלייגט פּאַפּירן אין זייערע אַקטן־טאַשן און שטילערהייט געגעגנעצט. דער פּראָקוראָר איז געשטאַנען ביי זיין סטענדער, ערנסט, פאַרגליווערט אין

אַ שוואַרצער טאָגע, און זיך צוגעקוקט צום אידילישן שלום, פון דריי אויס־געקושטע ספרים אין לעדערנע איינבונדן, וואָס זענען געלעגן אויף אַ דער־בייזיקן פולט: — אַ תנ"ך, אַן עוואַנגעליום און אַ קאָראַן.

דער עולם האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, בשתיקה געהוסט אין טיכלעך אַריין, מחמת יראת הכבוד צום טעמפל פון גערעכטיקייט.

אויבן אָן, אין זאַל, אויף אַ בימה, איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש באַדעקט מיט אַ גרינעם געוואַנט.ביים טיש זענען געשטאַנען דריי ליידיקע פאָטעלן. הינטער די פאָטעלן, אויף דער וואַנט, אינעם פאַרנאַכטיקן טונקל, איז גע־האָנגען דער בריטישער מלוכה הערב, אַזאַ ווענדזל מיט צוויי משונהדיקע חיות, מיט שפּיציקע הערנער, מיט אַן אויסגעצאַצקעטער אינסקריפּציע פון אונטן.

ויהי אור: ס'האָבן זיך אָנגעצונדען די לאָמפּן אין די ווינקלען פונעם זאַל, און אַ שאַרפע שטים האָט הילכיק אויסגערופן:

— „דער געריכט גייט"!

אַלע אין זאַל האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס.

אַ רגע שפּעטער, האָט זיך שטיל אויפגעמאַכט אַ טיר הינטער דער בימה. ס'האָט זיך באַוויזן אַ הויכער מאַן אין אַ שוואַרצער טאָגע מיט אַ פייער־רויטן שאַל־קראַגן, מיט אַ גרוי געקרייזלטן פּאַרוק אויפן קאָפּ. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַ צווייטער מאַן אין אַ טאָגע מיט ברייטע אַרבל. נאָכן צווייטן מאַן, — אַ דריטער אינעם זעלבן לבוש.

פון אַ צווייטער טיר האָבן זיך אַריינגעשלייכט, אויף די שפּיץ פינגער, נאָך צוויי מענער מיט סטויגן פּאַפּיר און אַקטן־טאַשן.

אַ רגע שפּעטער, האָט זיך דער עולם אַ ריר געטאָן און ווייטער געבליבן שטיין פאַרגליווערט. ס'האָט זיך דערהערט אין זאַל, אַ קאַלטער, מאָנאָטאָנער קול, אַן אַ סימן פון געפיל, ווי פון אַ קבר אַרויס.

— „דער פּסק דין".

„דער פּסק דין", האָבן נאָכגעמורמלט ווענט, טירן און פענצטער.

„דער פּסק דין", האָבן צאַרט אויסגעקלונגען בענדער קייטן אויף די פיס פון באַשולדיקטן.

„דער פּסק דין!", האָבן צוויי ביקסן אַ קלאַפּ געטאָן אָן באָדן.

ל. חיין־שמעוני

„הע,״ איז אויפגעשפרונגען עזיז קאַנאַפּאַני.

— ?!

דער הויפּט ריכטער, ווי אַ שטיק אויסגעשניצט מירמל, איז רויִק געשטאַנען, און אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר, אַזוי צו זאָגן:

„פונעם גאַנצן מאַטעריאַל פון דער באַשולדיקונג, און פון דער גבית עדות, וואָס עס איז אונדז אָפּירגעבראַכט געוואָרן, זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז דער באַשולדיקטער יונגער־מאַן פון צפת, עזיז, דער זון פון יוסף איברהים קאַנאַפּאַני, זעקס און צוואַנציק יאָר אַלט, האָט זיך פאַר טאָג, דעם און דעם טאָג, דעם און דעם חודש 1936, צוריקגעקערט מיט נאָך מענטשן, פון דער יידישער גאַס, אין אַ צעהיצטן מצב רוח, מיט פייער־געווער אין האַנט.

דער באַשולדיקטער מיט זיינע באַגלייטער, האָבן ווילד געטומלט און געוואָרפן שטיינער אין פענצטער פון פרידלעכע בירגער, צו שטערן זייער רו און צו שטעלן אין סכנה זייערע לעבנס.

אַ פּאָליציי־פּאַטרול, בראש מיטן בריטישן סערזשאַנט לואיס בריקסטאָן, איז זיי פאַרלאָפן דעם וועג, מיט דער כוונה צו פאַרהאַלטן די שטערער פון דער עפנטלעכער רו אין די גאַסן פון דער שטאָט צפת.

די טומלער האָבן זיך קעגנגעשטעלט, און די באַשולדיקטע פערזאָן, וואָס שטייט איצט פאַרן געריכט, האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן פון זיין פייער־געווער, צילנדיק אין סערזשאַנט לואיס בריקסטאָן. לויטן פּאָסט־מאָרטום אַקט, געחתמעט פון רעגירונג דאָקטאָר־פּאַטאַלאָג, דעם און דעם טאָג, דעם און דעם חודש 1936, האָט איין קויל געטראָפן דעם דערמאָנטן סערזשאַנט אין דער אָרטע פון האַרץ און איר דורכגעלעכערט, בעת אַ צווייטע קויל האָט געטראָפן דעם דערמאָנטן סערזשאַנט אין דער לינקער לונג. ביידע קוילן האָבן אַרויסגערופן אַ שווערן אינערלעכן בלוט אויסגוס, פון וואָס דער סערזשאַנט לואיס בריקסטאָן איז באַלד געשטאָרבן.

פון אַלץ דאָס פריער געזאָגטע, איז אונדז אָן שום ספק קלאָר געוואָרן, אַז דער באַשולדיקטער האָט אומזיניק דערמאָרדעט דעם

בריטישן פּאָליציי סערזשאַנט, בעת ער איז געווען אין דינסט, אויס־צופירן זיין פליכט.

נאָך אַ שיקול־דעת האָבן מיר, די שופטים פון צפון קרייז־געריכט אין פּאַלעסטיין געפסקנט:

אַז דו, עזיז, דער זון פון יוסף איברהים קאַנאַפּאַני, וועסט געפירט ווערן צו דעם אָרט, פון וואַנען מען האָט דיר געבראַכט, און דאָרטן וועט מען דיר הענגען מיט אַ שטריק אויפן האַלדז, ביז דו וועסט שטאַרבן, און דער נציב־עליון פון פּאַלעסטיין וועט באַשטי־מען דעם אָרט פון דיין קבורה, און גאָט זאָל זיך דערבאַרימען אויף דיין נשמה."

נאָכן איבערזעצן דעם גזר דין אין אַראַבישן לשון, האָט זיך עזיז קאַ־נאַפּאַני היסטעריש צעלאַכט: — „הא־כא־כא־הא־א," בעת אין געריכטס זאַל, אין דער טויטער שטילקייט, האָט זיך צעהילכט אַ ביטער געוויין.

— „וואָלאַדי, יאַ וואָלאַדי — קינד מיין קינד," האָט געיאָמערט אַ פאַר־שלייערטע פרוי, און זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ, — „קינד מיין, קינד" — — — ווי נאָך אַ לויה, פון אַ בית הקברות, האָט זיך שטיל אַרויס־געשאַרט דער עולם פונעם געריכטס זאַל, צו פאַרשווינדן אינעם שטאָטישן טומל, ווי דאָ וואָלט מיט אַ ווײַלע צוריק גאָרנישט געשען.

אַלע זענען פאַרשוווּנדן: — די שופטים, די אַדוואָקאַטן, דער פּראָקוראָר, די באַאַמטע, דער עולם, צוזאַמען מיט דער וויינענדיקער מוטער פונעם פאַר־משפטן. דער לעצטער איז אַרויס עזיז קאַנאַפּאַני, מיט קייטן אויף די הענט און פיס, באַגלייט פון אַ פּאָר אָנגעכמורעטע אַראַבישע פּאָליציאַנטן פון פאָרנט, און מיט עטלעכע בריטישע זשאַנדאַרן פון הינטן. מען האָט אים אַריינגעשטופּט אין אַ געפּאַנצערטן טורמע־קאָטש, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט מיט רעש, זיך צו לאָזן דורך די ליכטיקע גאַסן פון הדר הכרמל, צו דער צענטראַלער תפיסה אין עכו.

עזיז אין געזעסן אין קאָטש אַן איינגעשרומפּטער, און זיך געביסן די ליפּן ביז בלוט. זיין קאָפּ איז געזונקען טיף, טיף צווישן די אַקסלען און אין די אויערן האָבן אים געקלונגען ווערטער, ווי פון אַ קבר אַרויס:

— „שטריק, מיט אַ שטריק וועט מען דיר הענגען, פאַרן האַלדז" — — —

אינסטינקטיוו ווילט זיך אים אַ טאַפּ טאָן די האַלדז, נאָר ס'לאָזט זיך נישט, די הענט ליגן צוגעשמידט, פון אונטן, צו די קייטן פון די פיס.

— „מאַסקיין — נעבעכדיקער,״ האָבן צו זיך געברומט די אַראַבישע פּאָליציאַנטן, — „מאַסקיין״. — — —

— „הע, וואָס? וואָס עגבערט איר דאָרטן? — רשעים! אין אייער טאַטן אַריין, שוויגט, ממזירים״!

עזיז וויל אַ שפּרינג טאָן, נאָר די קייטן האַלטן אים צוגעקלעמט די הענט און פיס.

אַ קעלט פּרעסט די ביינער, דער ריח פון ים, געמישט מיט טאַבאַק רויך פון ענגלישע ליולקעס, ווערגט אין האַלדז. — „די האַלדז״! וויל עזיז ווידער אויפשפּרינגען, הויך, עט גאָר הויך, אַריבערשפּרינגען איבער די קעפּ פון דער שמירה, און אַנטרינען, ווו די אויגן וועלן טראָגן.

בעת דער תפיסה קאָטש איז אַריינגעפאָרן אין די מויערן פון עכו, זענען די קאַפּע הייזער, מיט די טראָטואַרן פון דער הויפּט גאַס, פול געווען מיט עולם, ווי די גאַנצע שטאָט וואָלט זיך דאָ צונויפגעקומען אין די קאַפּע הייזער, זיצן שבעה אויף די נידעריקע טאַבורעטן. דער עולם האָט געטומלט, גע־רויכערט נאַרגילעס, געשפּילט דאָמינאָ און שעז־בעז, און אויפגערעגטע זיך איבערגעפּרעגט אויף קולי קולות.

די לוקס־לאָמפּן האָבן געברענט און געזידט, פונעם נאַרגילע רויך, וואָס איז נישט געווען ריין פון כאַשיש, האָט געשווינדלט אין קאָפּ, און געקיצלט אין נאָז.

— „יעיש, יעיש, — זאָל לעבן! זאָל לעבן עזיז, דער העלד פון צפת״! — האָט זיך אַ ריס געטאָן דער עולם, צו פּרוּוון פאַרשפּאַרן די גאַס. די בריטישע זשאַנדאַרן, וואָס זענען געזעסן אין טורמע־קאָטש, זענען לכתחילה געווען גרייט אויף אַזאַ „קבלת־פּנים״, האָבן זיי דורך די קליינע פענצטערלעך פון קאָטש, אָפּגעפייערט אַ פּאָר שאָסן צום הימל, און בין רגע איז די גאַס געוואָרן ליידיק. די פּאָליציייִשע הילף, וואָס איז געקומען פון דרויסן, האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן. צוריקגיין מיט גאָרנישט, וואָלט געווען אונטער זייער כבוד, האָבן זיי אויך אָפּגעפייערט עטלעכע שאָסן אין דער לופט, און צוזאַמען מיטן קאָטש זיך געלאָזט צום תפיסה הויף.

דערהערנדיק אין קאַטש דעם רעש מיט די געשרייען פון דרויסן, צוזאַ־מען מיט די שאַסן, האָט זיך עזיז אויפגעכאַפּט ווי פון היגערפלעט. ער האָט זיך אָנגעצונדן מיט כעס און ביילנדיק די פויסטן פון זיינע געשמידטע הענט, האָט ער הייזעריק גענומען כריפען:

— „איר כלבים, איר הינטישע זין, אין אייערע מאַמעס און שוועסטערס ערוה אַריין — — — איר זיצט דאָ מיט די נאַרגילעס אין די פּיסקעס, איר זיצט און זשלאָקעט קאַווע, — איר כלבים בני כלבים“!

עזיז האָט געברילט. ער האָט זיך געוואָרפן. די קייטן האָבן געקלונגען. די שמירה האָט נישט רעאַגירט. זיינע היטער זענען געזעסן פּאַסיוו־שטיל, ביז ער האָט זיך באַרויִקט, און געבליבן זיצן מיט שוים אויף די ליפּן, מיט פאַרגלאָצטע אויגן, ווי אַ חולה נופל, נאָך אַן אָנפאַל. אומזיסט האָבן אים די אַראַבישע פּאָליציאַנטן שפּעטער פאַרשטאָפּט ס׳מויל מיט אַ האַריקער פויסט. עזיז איז אַריינגעפאַלן אין אַן אַפּאַטיע.

אַ גאַס אַריין, אַ גאַס אַרויס, די קאַטש איז שטיין געבליבן. שווערע טירן האָבן געקרעכצט, שלעסער מיט שליסלען האָבן געקלונגען; 4 מאַן האָבן אַ נעם געטאָן עזיזן און אַריינגעשטויסן אין אַ צעל, ווו מען האָט אים אָפּגעגאָלט די האָר פון קאָפּ, אויסגעטאָן זיינע ציווילע קליידער, צוגענומען דעם תרבוש, און באַקליידט פונס׳ניי, — אין פלאַם רויטע בגדים, מיט אַ לייוונטן היטעלע. מען האָט אויך געביטן די קייטן אויף זיינע הענט און פיס, אויף אַנדערע, אויף שווערערע. אַזוי האָט מען אים איינקוואַרטירט אין פאַרהויז פון טויט.

ווען עזיז קאַנאַפּאַני איז געבליבן אַליין, איז ער צוגעפאַלן צו דער ערד, צו די קאַלטע שטיינער. ער איז געלעגן נישט צו וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך. ס׳איז אים געוואָרן קאַלט, האָט ער זיך צוריקגעשטעלט אויף די געשמידטע פיס און פּרובירט שטעלן טריט. די קייטן זענען געווען שווערע, איז ער געפאַלן און זיך צוריקגעשטעלט עטלעכע מאָל, ביז ער האָט זיך אָנגעלענט אָן אַ וואַנט און זיך גענומען אַרומקוקן אינעם טונקל פון דער צעל, באַמערקנ־דיק, גאָר הויך ביים סופיט אַ פענצטערל מיט גראַטעס, פון וואַנען ס׳האָבן אַריינגעקוקט 4 שטערן, איינגעפאַסטע אין אַ פּיצל הימל.

ערשט איצט איז ער געקומען צו זיך, און דערפילט אַ ביטערע אַנטוישונג: — „אַזוי גאָר, אַזוי“, האָט ער גענומען שלוכצן, ביז ער האָט זיך צוריק

אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, מיט דער פּלייצע צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. ער איז געזעסן, געשלוכצט, געדעדט צו זיך אַליין, ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן אומרויִקן שלאָף.

— — — עזיז שפּרינגט אַראָפּ פון דאַך, אויף אַ שטיינערנער מויער, וואָס רינגלט אַרום זיין פאָטערס הויף. דער פאָטער שלאָפט און שנאָרכט, ווי אַ בלאָז־זאַק. ער איז טויט מיד נאָך אַ פישפאַנג אין כנרת, וואָס האָט זיך געצויגן אַ פּאָר מעת לעת. עזיז לויפט אַוועק צו זיין חבר באַכבוט, אַ זון פון אַ יידישן שוסטער, אַ ספרדי, אַ נאָענטער שכן. ער גיט אַ שאַרפן פייף אונ־טערן פענצטער, ברוכקע באַכבוט שטעקט אַרויס זיין קאָפּ דורך אַ שפּאַרע פון טיר: — „הע, זיזקא״; ער קערט זיך צוריק און שפרינגט פלינק אַראָפּ פון פענצטער אין דרויסן, אוןביידע לויפן צום געהיימן טויבן־שלאַק, ביים כאַדזש אין כאַן (שפּייכלער) — — — אָט איז ער, עזיז, פאַרפּוצט אין אַ קעפיע, (קאָפּ־טוך) אַ מתנה פון אַ צווייטן יידישן שכן, אָשר, דער אַשכנזי. ער שטייט אויף אַ ווינקל גאַס, און באַגלייט מיט די אויגן, נייעפען, וואָס טראָגט אויפן קאָפּ אַ קרוג וואַסער, — נייעפע! נייעפע איז שלאַנק, פאַרריסן, מיט גרויסע אונטערגעפירטע אויגן, — שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן, אונטער לאַנגע, שמאָלע שנירעלעך ברעמען. נייעפע איז אַרומגעגאַרטלט מיט אַ לאַנגן וואָלענעם שאַל, וואָס מאַכט בולט איר דינע טאַליע.

— — — עזיז טראָגט מער נישט קיין קעפיע, נישט קיין קאַפּטאַן, אַפילו נישט קיין ברייטע פּאַנטאַלאָנעס. עזיז איז אויסגעוואַקסן, הויך געשטאַלטיק, ער קליידט זיך פרענדזשי (אייראָפּייאיש), ער אַרבעט אין אַ יידישן האָטעל, ווו ער באַקומט עסן צו זאַט, צוזאַמען מיט 4 פונט אַ חודש מזומן, חוץ טרינק געלט פון געסט. ער האָט שוין אָפּגעשפּאָרט 40 פונט, קנאַקעדיקע אַסיגנאַ־ציעס. אָשר, דער אשכנזי, לאָזט זיך צו נייעפעס פאָטער כאַפּן אַ שמועס. זיי זענען לאַנג יאָריקע שכנים. 40 פונטלעך, איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט! — „יא דזשאַרנא, מיין שכן״ — זאָגט אָשר צו נייעפעס פאָטער, — „אַזאַ שידוך איז עפּעס ווערט, 40 פונט שטערלינג מזומן מיט אַ גוטע שטעלע אין מיין האָטעל; — גיב אַ טראַכט, יאַ דזשאַרנאַ, ווייסט דאָך, אַז כ׳בין נישט קיין שדכן, כ׳קום צו דיר ווי אַ גוטער ברודער״...

די אַלטע טורמע פון עכו מיט אירע ריזן מויערן, שטייט אויפן ברעג ים.

דער ים האָט זיך צעשפּילט, געברומט און געיאָמערט, ווי ער וואָלט זיך באמת, אַראָפּצושווענקען פון דער ערד דעם ריזן געשפּענסט, וואָס פאַר־שטעלט אים דעם וועג, ווייטער צו דער שטאָט. דער שטורעם האָט אויפגע־וועקט עזיזן, אים אַרויסגעריסן פון זיינע חלומות, וואָס זענען באַלד פאַרגעסן געוואָרן. עזיז ציטערט פון קעלט. פאַר די אויגן שטייט אַ נעפּל. פון נעפּל אַרויס, זעט ער אין דמיון, ווי צוויי גרויסע גלעקער קלינגען: — בום, — בום, — בום, — בום. בום, ס׳אַראַ גרויסע גלעקער! עזיז האָט אַ מאָל געזען אַזעלכע גלעקער אין אַ קלויסטער אויפן כרמל... די גלעקער וויגן זיך, אַהין, אַהער, אַהין, וואָס? די גלעקער הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ און ווערן קלענער און קלענער, ווי קליינע גלעקלעך פון קאָמעלן: — דזין, דזין, דזין... נישטאָ די גלעקלעך. ס׳זענען געבליבן צוויי גלחים, וואָס ציען די שטריק, און פונעם נעפּל אַרויס, וויגן זיך גאָר צוויי תליות: אַהין, אַהער...“ און פאַרן האַלדז וועט מען דיר הענגען מיט אַ שטריק, ביז דו וועסט שטאַרבן, און דער נציב עליון״ — — —

דער אַלטער טשואַוויש, כאַסאַן, דינט שוין מער ווי 30 יאָר אין דער תפיסה פון עכו, אפשר מער ווי 40, ווער ווייסט? ווי ער דערציילט, האָט ער נאָך געדינט די טערקן. ער גייט געבויגן, ס׳ציטערט אים אַ האַנט. כאַסאַן איז פאַרבייגעגאַנגען די צעל, וווּ עזיז איז געזעסן און דערטאַפּט דעם בונט שליסלען וואָס איז אים געהאַנגען אויפן גורט. מיט דער ציטערדיקער האַנט האָט ער אויסגעזוכט אַ פאַסיקן שליסל, און גענומען שטופּן אין דער טיר־לאָך פון עזיזס צעל.

— „עך, עך, אויף דער עלטער,“ האָט כאַסאַן געמורמלט צו זיך, — „אויף דער עלטער האָט מען מיר פאַרשטופּט אין אַ געשלאָסענעם קאָרידאָר, ווי איך וואָלט גאָר געווען אַ פאַרברעכער, עך, עך, אויף דער עלטער, יאַ אַללאַ״!

כאַסאַן האָט פאַרזיכטיק אויפגעמאַכט אַ שפּאַרע צווישן טיר און אוסאַק, וווּ ער האָט אַריינגעשטופּט אַ צעקנייטשטע פּיטע, אַן איינגעריסענע, אָנגע־פּילט מיט איילבערטן.

עזיז קאַנאַפּאַני איז אויפגעשפּרונגען, אַמווייניקסטן האָט ער געטראַכט פון עסן, כאָטש ער האָט נאָך פון נעכטן פרי גאָרנישט טועם געווען.

— „הע, עסן, צו וואָס״?

— „קינד, קינד דו איינער”, האָט אים כאַסאַן געזאָגט מיט אַ ציטעריקער שטים, — „מען טאָר זיך נישט מיאש זיין. דאָ אין צעל האָב איך שוין געזען צענדליקער ווי דו, וואָס זענען געבליבן לעבן, אַפילו אַרויס אויף דער פריי, ס'וועט זיכער זיין אַ „פעליאַציע” — — — נעם עס, יאַ, איבני”.

פּאַוואָלינקע האָט דער אַלטער אויפגעמאַכט די טיר, ברייטער, און איז אַריבער די שוועל אין צעל אַריין. עזיז האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צו דער ברוסט פון אַלטן שומר, צו קושן זיין שאַרסטקן מונדיר, — „אַבאַ, יאַ אַבאַ! וואָס בין איך שולדיק? איך ווייס גאָרנישט, וואָס עס איז יעמאָלט געווען מיט מיר. די חברה, די שבאַב, האָבן מיר מיטגעשלעפּט. מיר האָבן געטרונקען אַ סך אַראַק — — —איך האָב דער אַלטער מלכהן בס”ה איין מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן איבערן קאָפּ, סתם אַזוי, נישט צו וויסן פאַר וואָס... נישט איך, יאַ אַבאַ, האָב געפערטלט מיט אַ שווערד, דאָס האָט גאָר געטאָן דער באַנדיט, נאַצאַר דער פישער. ער האָט עס געשאָסן אין די קינדער, ער האָט עס צוגענומען דאָס געלט, ער דער רוצח — — — איך בין געווען שיכור, זיך אָנגעטרונקען צום ערשטן מאָל אין לעבן. איך, איך האָב נאָר געוואָלט זען מרים'ס לייב. איר ווייס לייב האָט מיר אין גאַנצן משוגע געמאַכט. כ'האָב ביז יעמאָלט נאָך נישט געקענט קיין פרוי — — — בייעפען האָט מען גאָר אָפּגעגעבן פאַר אַ ווייב דעם שרייבער פון כאַקומע (רעגירונג). דער כלב האָט באַצאָלט איר טאַטן 60 פונט. איך האָב מער נישט געהאַט ווי 40, מער נישט. מרים האָט זיך נישט באַוועגט. איך האָב זיך פאַרגעסן און זיך געגראָבן אין — — — בייעפעס לייב. זיי האָבן געזאָגט, אַז היינט מעג מען אַלץ, אַלץ. היינט, האָבן זיי געזאָגט, איז דער טאָג פון איסלאַם, אויסצוברענען אַלע כופרים ביזן לעצטן. אַ מצוה אויסצוראָמען די יהוד, אַלעמען, פאַר אונדזער מוסלמעניש בלוט. אַזוי האָט געזאָגט דער שייך כאַלעד. נאַצאַר האָט מיר שפּעטער אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ רעוואָל־ווער, נאַצאַר דער רוצח — — — בחיית אַללאַ, יאַ אַבאַ, ווי איך ווייס גאָר־נישט. איך געדענק גאָרנישט. אַלע האָבן געשאָסן, האָב איך אויך געשאָסן, ווי מען שיסט אויף אַ פאַנטאַזיאַ, כ'האָב דעם ענגלענדער נישט געקענט, כ'האָב אים נישט געוואָלט הרגענען” — — —

אין דרויסן איז שוין געווען גוט ליכטיק. די תפיסה איז געווען אויף די

פיס, מען האָט געהערט רעדערייען. ס׳געבראַזג פון עמערס, פון בעקנס, דאָס קלינגען פון קייטן. כאַסאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון עזיזן, אים געהאָלפן זיך זעצן אויף דער ערד, ביי דער וואַנט. ער האָט אים באַרויִקט, און פאַרן פאַרלאָזן די צעל, געזאָגט אויפן אויער: — „30 טויזנט מוסלמענער מיט שווערדן און ביקסן גייען אייך באַפרייען. דאָ זיצן נאָך אַרעסטירטע מוסל־מענער. זיי אַ מאַן, יאַכמער נישט, ס׳פּאַסט נישט פאַר אַזאַ ווי דו. כ׳וועל דיר עפּעס ווייזן. יאַ איבני". — האָט דער אַלטער אַרויסגענומען פונעם בוזים פון מונדיר אַ שטיק צעקנייטשט פּאַפּיר, ווי עפּעס אַ הייליקייט. מיט זיינע ציטעריקע הענט האָט ער ס׳פּאַפּיר אויסגעגלייכט, אָנגעטאָן אַ פּאָר מעשענע שפּאַקולן, און פאַרכטיק פירגעלעזן:

„אין נאָמען פון אַללאַ דעם דערבאַרימדיקן, די בעסטע תפילות און אַלדאָס פרידן אויף אונדזער האַר מוחמד, און אויף זיינע שליחים, פרידן צו אייך, נאָבעלע ברידער מוסלמענער, פרידן מיט אַלע ברכות פון אַללאַ!

זייט וויסן, אַז מיר האָבן קיינעם נישט פאַרגעסן פון די תפיסות. מיר האָבן אָנגעדונגען די בעסטע אַבאָקאַטן (אַדוואָקאַטן) צו הילף די געפאַנגענע. מיר זאָרגן פאַר זייערע משפחות און קינדער, ס׳זאָל זיי גאָרנישט פעלן.

דערווייל זייט געדולטיק, נאָבעלע מוסלמענער, דער גרויסער טאָג איז נאָענט.

דין מוחמד בסייף."

ירושלים—אל קודס, 20 טעג אין חודש תשרי אין יאָר 1348
(לויט דער מוסלמענישער צייט־רעכענונג).

— „וואָס ווערסטו זאָגן, מיין זון"? האָט אים דער אַלטער שומר געפרעגט, בעת ער האָט צונויפגעלייגט ס׳פּאַפּיר און צוריק אַריינגעשטופּט אין בוזים. — „מ׳האָט אונדז צוגעשטעלט דעם פּאַפּיר פון דרויסן און געבעטן דאָס געשריבענע פירלעזן פאַר דיר און פאַר אַלעמען אין תפיסה", האָט ער בלחש צוגעגעבן.

עזיז האָט אויסגעשטעלט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן, געכאַפּט דעם אַלטנס ציטעריקע הענט און זיי גענומען קושן. נאָר דער אַלטער כאַסאַן האָט זיך

פאַרזיכטיק אָפּגעקערט פון אים, צוגענומען די הענט, און זיך אַרויסגערוקט פון צעל.

עזיז האָט אויפגעלעבט. — „מען זאָרגט פאַרט פאַר אונדז, הע״? איצט האָט ער דערפילט הונגער, און גיך פאַרצערט די פּיטע מיט די איילבערטן, פאַרזופנדיק מיט וואַסער.

נאָכן ווערן געזעטיקט האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, זיך אַוועק־געזעצט צוריקצושפּינען די איבערגעריסענע מחשבות: — „הע, דאָך האָבן די עפענדיאָס געזאָגט דעם אמת. זיי זאָרגן פאַר אונדז, ביז מען וועט אונדז באַפרייען; באַפרייען, באַפרייען,״ האָט זיך עזיז אַזוי לאַנג געשפּילט מיט די ווערטער, ביז ער איז איינגעשלאָפן, אַוועקצושווימען אין דמיון, אין דער ווייטער צפת, אין די באַרגיקע גאַסן און געסלעך — — —

ס׳איז ווידער זונטיק. אַלע לויפן פון מעטשעט אין דרויסן, מען נעמט אַרויס פון אונטער די קאַפּטאַנעס און אַבייעס, שווערדן, קינדזשאַלן, רעוואָל־ווערן. די איראַפּייזש געקליידעטע, נעמען אין די הענט שטעקנס מיט פּרענטן אייזן, וואָס ליגן אין די הויפן גאַנצע בערג — — — ער הערט דייטלעך אַ ווילד געזאַנג. דער עולם צעשפּרייט זיך איבערן יידישן שטח. עזיז לויפט מיטן המון. ער ברעכט שויבן, ער רייסט זיך אַריין אין יידישע הייזער, ער האַקט איבער קעפּ, ער צינדט־אונטער גאַרדינען אויף פענצטער. ער געפינט אין קיך נעפט, פולע בלעכן נעפט, ווו מען טונקט האַנטעכער, שמאַטעס, קישעלעך. מען צינדט עס אונטער, און מען לויפט ווייטער צו אַ צווייטער שטוב, צו אַ דריטער, אַ פערטער, ביז ער שטויסט זיך אָן, אָן דער אַלטער קרעמערקע מלכה. זי ליגט אויפן ברוק מיט אַ פאַרגליווערט פּנים, מיט אָפענע טויטע אויגן — — — לויפט ער אַריין אין איר דירה. פון אונטער אַ בעט זעט מען צוויי פּרויען פיס, ער כאַפּט די פיס און שלעפּט זיי — — — ס׳איז מלכהס טאָכטער, מרים. מרים איז אַ שטאַרקע. זי רייסט אים מיט די נעגל ס׳פּנים, זי בייסט אים. ס׳גייט אים גאָרנישט אָן. ער רייסט אירע קליי־דער, ער גלוסט איר נאַקעט לייב — — —

מרים דערקענט אים און שרייט: „דו זיזקא? דו כלב איינער! שטעך מיר, הרגע מיר, ווי מען האָט דערהרגעט דער מאַמען, וועסט מיר אַ לעבע־דיקע קיין מאָל נישט בע־ע־ע־מען״ — — — מרים ליגט אויך אויף דער

ערד. ער זעט נאָר איין אויג, די צווייטע אויג זעט מען נישט. מרים׳ס טויטע אויג לאָזט אים נישט אָפּ, ווו ער גייט, פאַרלויפט אים דעם וועג מרים׳ס טויטע אויג. ער קוקט אַראָפּ און זעט ווי ס׳לייב פון אירע שענקלען איז בלוי — — —, ער קען עס מער נישט זען. ער קען נישט — — — זי איז געווען שטאַרקער פון אים... ער האָט איר נישט געהאַט — — — ניין, ניין, ער האָט איר נישט געהאַט... ער געפינט אַ האַלבע בלעך נעפּט, און באַגיסט די בלויע שענקלען, די שענקלען פון דער שיינער יידישקע, מרים, ער מוז עס פאַרברענען — — — נאָר די אויג נעמט פּינטלען, און איין בלעך איז נישט געווען קיין נעפּט, ס׳איז גאָר געדיכטע, קלעפּיקע בלוט... נעמט עזיז שרייען מיט קולי קולות. ער וויל זיך כאַפּן מיט די הענט פאַר די אויגן, קען ער נישט אויפהויבן זיינע הענט, זיי זענען צוגעשמידט צו די פיס. מרים׳ס אויג, איר אָפענע אויג, דרייט זיך אַרום זיין פּנים, ווי זי וואָלט וועלן אים איינ־בייסן —, — — שרייט ער מיט באַנומענע קולות. ער שטעלט זיך אויף די פיס און פיבערט אין אַנגסטן. הע? ער איז גאָר דאָ אין צעל? ווו איז צפת? וואָסי געשען? — — — א־א־א — מרימ׳ס אויג קוקט אויף אים פון קליינעם פענצטערל, אין דער הויך, ביים סופיט, — א־א־א־ — — —

דער אַלטער כאַסאַן פלעגט אים בשתיקה ברענגען ביסלעך טאַבאַק מיט קיכלעך, אַ מאָל טייטלען מיט צוקערלעך, וואָס עזיז פלעגט אומוויליק צו־נעמען.

אַ וואָך שפּעטער איז ער שוין געווען אין אַ מרה־שחורהדיקער גלייכ־גילטיקייט. ער האָט זיך ווי צוגעוווינט צו די רויטע בגדים און שווערע קייטן, וואָס דער אַלטער שומר האָט אים אויסגעלערנט, ווי זיי אונטערצובינדן מיט אַ שטיקל בענדל, צום גאַרטל פון די הויזן, זיי זאָלן זיך נישט באַמבלען. יעדער פאַרנאַכט, פלעגט אים דער אַלטער אַריינוואַרפן צוויי דעקעס. די שטיינער פון דיל האָבן אים מער נישט גענאָגט די גלידער, אין די לאַנגע קאַלטע נעכט.

ס׳האָבן זיך געצויגן לאַנגע אָן סופיקע טעג, מיט נאָך לענגערע, פינצ־טערע נעכט, מיט קאָשמאַרן, וואָס פלעגן זיך ענדיקן מיט דער זון אויפגאַנג. די איינציקע ענדערונג איז פאַר אים געווען, — די קורצע טעגלעכע שפּאַצירן אויפן דאַך פון תפיסה.

איין מאָל, בעת אַזאַ שפּאַציר, האָט ער געפונען אַן אַלטן טשוואָק, וואָס ער האָט אויפגעהויבן. נישט צו טראַכטן צו וואָס ער דאַרף דעם טשוואָק, האָט ער אים מיטגענומען צו זיך אין צעל, און באַהאַלטן אונטערן קיבעל.

אויף מאָרגן, האָט זיך אים געוומען צונויפקלעפּן אַ מחשבה, וועגן תכלית פונעם טשוואָק. אַ גאַנצע „אידייע״: ער וועט מיטן טשוואָק עפּעס אויסקריצן אויף דער וואַנט, נישט ווייט פון טיר. וואָרעם, בעת מען וועט אויפמאַכן די טיר, וועט זי פאַרשטעלן דאָס אויסגעקריצטע, און מען וועט עס אַנטפּלעקן ערשט יעמאָלט, ווען ער וועט שוין נישט זיין אין דער צעל.

— ״ס׳איז אַ זעלטענער איינפאַל״! איז עזיז געקומען צום אויספיר. מען דאַרף זיך באַלד נעמען צו דער מלאכה.

מיט ברען און התמדה האָט עזיז אויסגעקריצט אויף דער וואַנט עטלעכע שורות, וואָס לייענען זיך אַזוי:

„עזיז איבן יוסעף איברהים קאַנאַפּאַני.״

„פאַרמשפּט צו תליה״;

„אין יאָר 1348״

„אין חודש תשרי״.

„פון דער שטאָט צפת״.

„דין מוחמד בסייף.״ (דער גלויבן פון מוחמד ליגט אין שווערד).

אין מיטן קריצן האָט זיך אויפגעריגלט די טיר, און ס׳האָט זיך באַוויזן דער אַלטער שומר. ער האָט צו אים געמורמלט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— „יאַ איבני! דאַרפסט נישט קריצן אויף דער וואַנט פאַר דער „פּע־ליאַציע,״ דער שטן זאָל דיינע ווערטער נישט קענען ברענגען פאַר אַללאַ, צו באַוויזן, אַז דו האָסט שלום געמאַכט מיט דיין גורל... טו עס נישט, יאַ איבני, שפּיל זיך נישט מיט דיין גורל.״

דער אַלטער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד און איז אַרויס, פאַרזיגלענדיק הינטער זיך די סקריפּענדיקע אייזערנע טיר.

בעת עזיז איז ווידער געבליבן מיט זיך אַליין, האָט זיך אין זיין צעל, פאַרטראָגן דער ניגון פון אַ גאָרגלדיקער תפילה פון אַ נאָענטן מינאַרעט:

— „אַללאַ, אַללאַ, יאַ אַקבאַר, יאַ אַללאַ״ — — — —

דער טשוואָק איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט. די תפילה האָט אים באַ־וויגן זיך אויסצודרייען מיטן פּנים צו דער מעקאַ, צו קניען און פאַלן כורעים מיטן שטערן צו דער ערד און מיטמורמלען די אָוונט תפילה: — „אַללאַ יאַ אַקבאַר, אַללאַ, יאַ אַללאַ."

נאָך דער תפילה איז אים לייכטער געוואָרן אויפן געמיט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף די דעקעס, פּרובירנדיק ווייטער צו טראַכטן וועגן דעם אַלטנס לעצטע רייד, — צי האָבן זיי בכלל אַ זין?

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען עזיז איז געזעסן אין אַ ווינקל און פאַר־שטאַרט געקוקט אויף די ברילי־אַנטענע טראָפּנס טוי, וואָס זענען געהאָנגען אויף די גראַטעס פון קליין פענצטערל, און וועלכע די זון האָט נישט באַוויזן צו פאַרצערן, — האָט זיך האַסטיק אויפגעפּראַלט די טיר פון צעל. עזיז האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, זיך צו שטעלן אויף די פיס.

איינער פון די גרויסע אַראַבישע אַדוואָקאַטן, האָט באַוויליקט אים צו באַזוכן, צו דערמונטערן און דערהויבן זיין שטימונג.

— „מאַלעש יאַ אַחי, — נישקשה ברודער, ביסט נישט אַליין, גאַנץ פּאַלאַסטין איז מיט דיר, אַלע ווילן פּטור ווערן פון די יהוד, די שותפים פון די אינגליז. אָט שרייבן היינט די צייטונגען וועגן זייער שפלות; די יהוד וואַרפן לעצטנס אונטער פאַרסמטע זיסוואַרג פאַר אַראַבישע קינדער, פאַר הונגעריקע קינדער! זאָלן זיי עסן און שטאַרבן... — זאָרג נישט, יאַ אַחי. די גבורה פון אונדזער שבאַב (יוגנט) איז אַ שם דבר. אַלע טראָגן אייערע נעמען אויף די ליפּן. ביסט איינער פון די, וואָס האָבן אויסגעקויפט דעם כבוד פון איסלאַם"!

דער אַדוואָקאַט האָט גערעדט און גערעדט, ביז עזיז האָט גענומען קוקן אויף אים מיט גלעזערנע אויגן. „זיסוואַרג", „גבורים", „כבוד פון איסלאַם"... נישט אויף דעם האָט ער געוואַרט. ער איז געוואָרן אומרויִק. די ווערטער האָבן מער געשטאָכן ווי געגלעט.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך געכאַפּט, אַז ער רעדט גאָר צו דער וואַנט, און נישט צו זיין קליענט. האָט ער אָפּגעהאַקט די רייד, און אַזוי שטייענדיק מיט אַ פוס פון יענער זייט טיר, האָט ער צו וויסן געגעבן עזיזן, אַז אין 4 טעג אַרום וועט דער העכסטער געריכט באַטראַכטן זיין אַפּעלאַציע. — „דערווייל,

יאַ אַחי, זיי רויִק, און פאַרליר נישט די האָפענונג, ס׳וועט נאָך זיין גוט״, האָט ער פאַרענדיקט שוין שטייענדיק אין קאָרידאָר.

עזיז איז געבליבן אַליין. ס׳האָט זיך אים געמישט אין קאָפּ. דעם אַדוואָקאָטס לעצטע ווערטער האָבן געזעגט ווי אַ זעג: — „אין 4 טעג אַרום. 4 טעג, און נאָכדעם״?

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט זיך ווידער אויפגעפּראַלט די טיר. מען האָט אים אַרויסגעבעטן פון צעל. עזיז איז אויפגעשפּרונגען: — „הע, אַרויסגיין? שוין? ווו גיין? ניין, ניין, כ׳גיי נישט״.

מעכאַניש האָט ער זיך אויסגעבויגן, ער זאָל קענען בעסער אָנטאַפּן די האַלדז מיט זיינע בלאַסע פינגער. ס׳האָט אים געוואָרגן. — „ניין; איך גיי נישט״, — האָט ער זיך אַ זעץ געטאָן אויף דער ערד.

דער אַלטער שומר, וואָס איז געווען בקי אין טויט־אַנגסטן, האָט זיך איינגעבויגן, גענומען עזיזן פאַר אַ האַנט, און בלחש פאַרטרויט: — „קינד איינער, שטעל זיך, נעם זיך צונויף, אַ גאַסט איז געקומען דיר באַזוכן, דיין אמא געפינט זיך דאָ, קום מיט מיר, סט׳דאַרף געהערט, וואָס דער אַבאָקאַט האָט געזאָגט, אין 4 טעג אַרום איז די „פּעלאַציע״ — קום, יאַ איבני״!

עזיז וואָלט איצט מוחל געווען די זעונג מיט דער מוטער. זיין מוח איז גאָר געווען קאָנצענטרירט אויף דער וואַנט, אויפן אויסגעקריצטן נאָמען, עזיז, — „עזיז״: עין, זייען, יוד, זייען, אותיות אַריינגעשניטענע אין וואַנט... אָט שפּרינגען די אותיות אַרויס, פאַלן אים צו די פיס, הויבן זיך אויף ווי פלאַטערלעך, קלעפּן זיך אַליין צו, צו דער וואַנט און נאַ דיר! זיי פאַלן ווידער אַראָפּ אויף דער שטיינערנער פאָדלאָגע. עזיז הערט דייטלעך, ווי די אותיות שיטן זיך, ווי זיי קלינגען צוזאַמען מיט די קייטן, ווי ס׳וואָלטן זיך געשאָטן זילבערנע מטבעות...

פונדעסטוועגן איז ער אויפגעשטאַנען, מעכאַניש, אָן רצון, און איז מיטגעגאַנגען מיטן אַלטן. די פיס זענען אים געווען געשוואָלן, שטייף ווי קלעצער, איז ער געגאַנגען לאַנגזאַם, מיטשלעפּנדיק די קייטן. דער אַלטער האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם. אַזוי זענען זיי דורך דעם דומפּיקן, טונקעלן קאָרידאָר, ביז זיי זענען געקומען אין תפיסה־ביוראָ. דאָרטן איז זיין פאַרשלייערטע מוטער געזעסן אויף אַ באַנק, ווי אַ חורבה און געוויינט.

די מוטער האָט אים דערזען, איז צוגעפאַלן צו אים, גענומען זיין קאָפּ אין די הענט, אים געגלעט, געקושט און געדריקט צו איר טרוקענער ברוסט.

דערזעענדיק זיין מוטער, אין דער באַקאַנטער, אָפּגעטראָגענער פעלע־רינע, מיטן שוואַרצן שלייער איבערן פנים, האָט עזיזס פאַרשטיינערט האַרץ גענומען טייען. האַלטנדיק זיין פנים אויף דער מוטערס ברוסט, האָט ער דערפילט דעם באַקאַנטן ריח פון דער היים. ער האָט רחמנות געקראָגן אויף דער מוטער, כאָטש נעם און צעוויין זיך. ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַרומנעמען איר מיט ביידע הענט און שטאַרק, שטאַרק צודריקן צו זיך, נאָר ביידע הענט זענען געווען צוגעשלאָסן צו די קייטן פון די פיס. ער האָט נאָר געקענט אַרויפלייגן זיין קאָפּ אויף איר אַקסל, פאַרמאַכן די אויגן, אָטעמען איר דופט און במחשבה אַוועקשווימען ערגעץ ווייט פון דאַנען, אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן, ווען ער פלעגט זיצן אויף זיין פעטערס גרין־געפאַרבטע שיפל, און באָמבלען מיט די באָרוועסע פיס אין קילן וואַסער פון כנרת. די מוטער איז געווען יונג, זי שפּרינגט אַריין אין שיפל, מיטברענגענדיק מיט זיך אַ פּאַר־בונדן טיכל פול מכל טוב: קיכלעך פאַרקנעטענע מיט סומסום, זיסע, קלעפּיקע טייטלען, פרישע, שמעקעדיקע פיטעס, מיט אַ גאַנצע פלאַכטע, פון גאָלד געוועלגערטן, וויניקן קאַמאַרדין, (אַזאַ דין טייגעכטס פון שיפּטאַלן). אין אַ צווייטן טיכל, האָט זי געהאַלטן פיין פאַרפּאַקט אַ מתנה: — אַ נייעם פייער־רויטן תרבוש, מיט אַ טראָלד פון שוואַרצע זיידענע פעדים, די ראַנדן אַרומ־געזיימט מיט טאַשמעס פון כולו גאָלד... אָט טראָגט ער שטאָלץ, אויפן קאָפּ, דעם נייעם תרבוש. די פעדים פונעם טראָלד שפּילן זיך אויפן ווינט. די קינדער אין גאַס זענען אים מקנא — — — די פעדים פלאַטערן, די פעדים וויגן זיך — — — מיט אַ מאָל בלאָזן זיי זיך אָן, ווערן געשוואָלן ווי גראָבע שטריק. די שטריק צאַפּלען און וואַרפן זיך ווי לעבעדיקע שלאַנגען, ביז זיי פלעכטן זיך צונויף אין אַ דיקן קאַבעל, פונעם קאַבעל שלייפן זיך אויס תליות, איינע, אַ צווייטע, אַ דריטע... דריי, פיר, פינף תליות, אַזוי פיל, אוף!

— „אי־מ־אַ־אַ, יאַ א־מ־מ־אַ־אַ־אַ“!

האָבן אים די ווערטער אָפּגעריסן פון דער חורבהדיקער פרוי, בעת ער האָט איר פון הינטן אַרום געקושט די פּלייצעס, די אַקסלען, דעם קאָפּ, — „א י מ מ א, י א א י מ מ א“...

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אַלץ ווידער געגאַנגען ווי געוויינטלעך. דער אַלטער האָט נישט פאַרלוירן קיין וואָרט וועגן דער „פּעלאַציע" און אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט עזיזס אויגן. עזיז האָט גאָרנישט געפרעגט.

אין אַ שיינעם טאָג, איז דער אַלטער שומר געקומען מיט אַ בשורה, אַז מען האָט אים מתיר געווען טרינקען צוויי גלאָז שטאַרקן אַראַק, און רויכערן ציגאַרעטן וויפל ער וויל. ער האָט אים אויך געפרעגט, אפשר וויל ער אַ גוטן צובייס, זאָל ער זאָגן, וואָס ער גלוסט, וועט ער אים אין אָוונט ברענגען. יענעם אָוונט האָט מען אים אויסגעטאָן און אַראָפּגענומען די קייטן. עזיז האָט גאָרנישט געפילט, גאָרנישט פאַרלאַנגט, נישט פאַרלוירן אַ וואָרט. די אַראַק האָט ער אויסגעזופּט אין איין אָטעם, ווי ס׳וואָלט געווען פּשוטע וואַסער. צום עסן האָט ער זיך נישט צוגערירט, און איז געבליבן זיצן שטייף אויף די דעקעס, מיט די פיס אונטער זיך, צוגעשפּאַרט צום וואַנט.

צוועלף ביי נאַכט, ווען שאַקאַלן האָבן ערגעץ וויט געוויינט ווי קליינע קינדער, איז אַריינגעקומען אין צעל אַ שלאַנקער אָפיציר, און זיך געווענדט צו עזיזן אין אַ אומפאַרשטענדלעך לשון.

אַז עזיז האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, האָט ער אים איידל גענומען אונטערן אָרעם און אַרויסגעפירט, שפּאַצירנדיק, דורכן לאַנגן קאָרידאָר, ערגעץ אין אַ קאַמער אויפן דאַך פון תפיסה, אַ קאַמער, וואָס האָט פון ווייטן אויסגעזען ווי אַ פירקאַנטיקער טורעם.

אין קאַמער איז געווען האַלב טונקל. אויפן סופיט האָט געשמילקעט אַ קליין, שמוציק לעמפּל. דאָרטן האָט מען אים עפּעס אָפּירגעלעזן פון אַ פּאַפּיר, נישט צו פאַרשטיין אַ וואָרט, חוץ זיין נאָמען, וואָס האָט אים אויך משונהדיק געקלונגען, ווי מען וואָלט עס לייענען פון ערגעץ וויט, זייער וויט...

און שהיות, כהרף עין, האָט מען אים פאַרבונדן די אויגן מיט אַ טיכל — — — עזיז האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט אין אַ געדיכטער פינצטערניש. פייערדיקע רעדער האָבן זיך גענומען דרייען און בייטן, אין די פאַרבונדענע אויגן. ס׳ליכט איז העלער געוואָרן, ביז קלאָר צו זען, אַז די קאַמער איז קליין, פירקאַנטיק, מיט אַ טרעפּל אין מיטן, וואָס פירט אַרויף צו אַן אויפגעהויבענער פּלאַטפאָרמע פון ווייסן האָלץ. איבער דער פּלאַטפאָרמע,

אויפן סופיט, איז געווען אַריינגעדרייט אַ האָקן, פונעם האָקן איז אַראָפּגע־האַנגען אַ נייע שטריק מיט אַ שלייף פון אונטן.

עזיז האָט גאַרנישט געזען.

די שטימונג איז דאָרט געווען פייערלעך־געשפּאַנט, אַלע האָבן געשוויגן. אַקעגן דער פּלאַטפאָרמע זענען געשטאַנען עטלעכע בריטישע און אַראַבישע פּאָליציי אָפיצערן צוזאַמען מיטן תפיסה שעף, אַלע אין געפּרעסטע מונדירן, ווי אויף אַ פּאַראַד. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ ציוויליסט, אין אַ שניי ווייסן כאַלאַט, — דער תפיסה דאָקטער.

אין אַ ווינקל, אין אַ זייט, איז געשטאַנען אַ צעשראָקענער מופטי, אין אַ לאַנגן כהונה בגד, מיט אַ ווייסע טוך אַרומגעוויקלט דעם נידעריקן תרבוש אויפן קאָפּ, אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שנור בורשטין־קרעלן, וואָס האָבן זיך געצאַפּלט צווישן זיינע דינע פינגער. דער מופטי האָט געמורמלט אַ תפילה, און זיך באַמיט נישט צו קוקן פאַר זיך, אויף דער פּלאַטפאָרמע, נאָר צו האַלטן די אויגן צוגעשמידט צו דער ערד.

מיט אַ מאָל האָט זיך אַ ריר געטאָן אין קאַמער. די שטילקייט האָט געפּלאַצט און ס'האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער געשריי: — „די האַלדז, די האַלדז"!

דער באָדן איז פאַרשווונדן עזיזן פון אונטער די פיס, ס'האָט אים אַ דונער געטאָן אין קאָפּ און נאַקן, און ער איז גיך פאַרשווונדן אין אַ תהום מיט זיין לעצטן וואָרט, וואָס איז געשטאָרבן צוזאַמען מיט אים:

— „א י מ א א א א".

בעת מעשה, האָבן אין דרויסן געברומט די גלעקער פון קלויסטער אין עכו:

בום — בום — בום.

בום — בום.

בום.

חיפה, 28.9.63

# ר׳ זרחל דער פאַסטער

## 1. ביריה

אין אַ באַגינען, אין חודש אדר, תש״ו, בעת צפתער יידן האָבן זיך געאײלט צום ערשטן מנין, האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז בריטישע זעלנער, באַוואָפנטע מיט כלי משחית, האָבן נאָך האַלבער נאַכט באַלאַגערט דעם פרומען ישוב ביריה, פון יענער זייט הר כנען, זיך אַריינגעריסן אין די הייזער, ווו זיי האָבן אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, צו זוכן געווער, ביי די פרומע מתישבים, וואָס האָבן זיך דאָרטן באַזעצט מיט קנאַפּע צען חדשים צוריק. די בריטן האָבן נישט אויסגעמיטן קיין איין דירה, אַפילו נישט דעם בית הכנסת. קיין געווער האָבן זיי נישט געפונען, נאָר זייגערלעך מיט צירונג האָבן זיי יאָ געפונען, צו באַהאַלטן אין זייערע טיפע קעשענעס.

נאָך דעם באַזוך האָבן זיי גענומען געפאַנגען אַלע מענער און פרויען כדי חרוב צו מאַכן דעם נייעם, יונגן, יידישן ישוב.

די ידיעה האָט דערשיטערט. אַ טיפער אומרו האָט באַהערשט די אַלטע יידישע צפת, בעת ביי די אַראַבער איז געווען ששון ושמחה: — „ס׳איז גוט! סוף כל סוף, האָבן די בריטן געפונען די פעסטונג, וואָס די יידן האָבן אויס־געבויט אין ביריה, אַ פעסטונג, צו שטעלן אין סכנה אַלע אַראַבער פון עמק החולה.״

— „די צדיקים פון ביריה,״ — האָבן זיך פאַרענטפערט די בריטן, — „זענען באַפאַלן דעם אַראַבישן לעגיאָן, וואָס לאַגערט אין יענער געגנט.״

זענען אַוועק צוויי מעת לעת, נאָכן פאַרוויסטן ביריה. די יידן פון צפת האָבן געלעבט אין ציטער און שפּאַנונג, פול געמאַכט די שולן און קלויזן, מתפלל צו זיין, זאָגן תהילים, צו טוליען זיך איינער צום צווייטן, און אָפּ־וואַרטן וואָס דער טאָג וועט ברענגען, וואָרעם זיי האָבן געוווּסט, אַז מיט ביריה, איז די זאַך נישט פאַרענדיקט.

— „אַזאַ שטות און רשעות! די פרומע יונגע־לייט, די שטילע ווויל־לערנער פון ביריה, זענען באַפאַלן דעם אַראַבישן לעגיאָן, אַזאַ עלילת דם! אָט די טייערע זין און טעכטער, וואָס זענען געקומען באַלעבן אַ וויסטן באַרג, וואָס האָט געפּוסטעוועט דורות לאַנג, אַרעסטירט מען, חרוב מאַכנדיק זייערע היימען, ווי ס׳האָבן געטאָן די רוימער, אין די צייטן פון ר׳ יוחנן פון גוש־חלב. די בריטן, — די רוימער״, — האָבן צווישן זיך געטענהט די צפתער יידן, אין די שולן און קלויזן, צווישן איין קאַפּיטל תהילים און צווייטן, — „רשעים, ימח שמוניקעס.״

דעם עלפטן טאָג אין חודש אדר תש״ו, איז אויסגעפאַלן אַ שווערער רעגן מיט אַ האָגל, אין אויבערשטן גליל. ס׳האָט געבליצט און געדונערט, אַ שטורעם־ווינט האָט געוואָיעט, די ערד האָט געציטערט.

קיינעם אין צפת האָט זיך נישט געקענט חלומען, אַז אין אַזאַ קעלט, שטורעם און רעגן, וועלן טויזנטער יידישע בחורים מיט מיידלעך, פאַרלאָזן זייערע וואַרעמע היימען, עולה צו זיין קיין תל חי, אויפן ברודער־קבר פון יוסף טרומפּעלדאָר מיט זיינע געפאַלענע חברים, ווי זיי טוען דאָס אַלע יאָר, י״א אדר. יענע נאַכט, איז צפת פול געוואָרן מיט יוגנט פון גאַנץ ארץ־ישראל. פאַר טאָג, זענען די צפתער, צעטומלטע, אַראָפּ פון די בעטן, נאָכן דערהערן אַ מעכטיק געזאַנג, באַגלייט מיט דונערן און בליצן, מיט אַ גוס רעגן און שטורעם. מענטשן האָבן זיך איינגעהילט אין וואָס עס האָט זיך געלאָזט, און אַרויס אין דרויסן, אויפצוכאַפּן ווערטער, ווי שטיקער פייער, וואָס האָבן דערהויבן און געצונדן די געמיטער, — ווערטער אין לשון קודש, וואָס האָבן זיך געפלאָכטן אין שורות און פערזן:

— „מסביב יהום הסער, אך ראשנו לא ישח — — — צום באַפעל, שטענדיק גרייט איז דער פלמ״ח... פון מתולה ביזן נגב, פונעם ים ביזן מדבר״...

— „כל בחור וטוב לנשק, — יעדער אויף דער וואַך.״

— „אַ שטעג צום אָדלער אין די הימלען, אַ שטעג צו ווילדערניש און בערג״,

— „קעגן שונא שטייגן וועגן, צווישן פעלזן און טונעלן, שפּאַרן אָן די שטעגן״,

— „ראשונים תמיד אנחנו, לאור היום ובמחשך, — צום באַפּעל שטענדיק גרייט.

— „זענען מיר דער פּלמ״ח.״

אַזאַ געזאַנג, פאַרטאָג, ווען די הימלען האָבן געשניטן פאַסן פייער, און די בערג האָבן געקייקלט דונערן, פון הויך צו הויך, האָט נאָך צפת נישט געהערט.

וואָס טוט זיך דאָ?

יענע נאַכט האָבן צוואַנציק מאָל הונדערט בחורים מיט מיידלעך, — וואָס זענען אָנגעקומען קיין צפת, אונטער וועגס קיין תל חי, פאַרקערעוועט פון הר כנען קיין ביריה, צו שפּאַנען, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, אָן וועגן, אָן שטעגן, — דערגרייכט דעם פאַרוויסטן פּונקט. שנעל האָבן זיי אויפגעשלאָגן צעלטן, אַרומגעצויגן אַ גדר אַרום זיי, אַרויפגעצויגן אויף אַ מאַסט אַ ווייס־בלויע פאָן, און נישט צו פאַרלירן קיין צייט, זיך צעשפּרייט איבערן באַרגיקן שטח אַרום, זיך צו נעמען דורשטיק צו דער אַרבעט: שטייניקן, רייסן פעלזן, טעראַסירן און פלאַנצן בוימלעך, גיך, פלינק, אין איין אָטעם, ביזן ווייטן טאָג אַריין.

ווען ס׳האָט זיך אויסגעלייטערט, און די זון האָט געשיינט, האָט מען ערשט דערזען די פאַרוויסטונג פונעם פרומען, יונגן ישוב. די רשעות פון די בריטן האָט זיך אויסגעגאָסן אָן אַ פאַרוואָס, אויף פרידלעכע אַרבעטס מענטשן, וואָס האָבן זייער צייט פאַרטיילט, צווישן רבונו של עולם, צו דאַווגען און לערנען תורה, און צווישן דער מאַמע ערד, איר צו באַאַרבעטן, כדי מקיים צו זיין דעם „בזיעת אפיך תאכל לחם״. און דאָס האָט מען געטאָן, בעת היטלערס קרעמאַטאָריעס, האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעקילט, און די זעלנער פון דער יידישער בריגאַדע אין דעם בריטישן מיליטער, האָבן נאָך נישט אויס־געטאָן זייערע מונדירן.

האָבן זיך בלוטן געצונדן פון בושה און ווייטאָק: איז ווייניק געווען דער קרבן?

איז יוגנט באַהערשט געוואָרן פון אַ טיפן ווילן, זיך אַקעגנצושטעלן די רשעות און אָפּמעקן די חרפה פון שוואַכקייט. די אַרבעט האָט געברענט און געזונגען אינעם שטח פון ביריה, וואָס ליגט גאָר נאָענט צו תל־חי.

די הענט ביי דער יוגנט זענען בלוי געוואָרן פון קעלט, די אויגן רויט פון נישט געשלאָפענער נאַכט, און דער גוף איז נאַס געווען פון שוויס.

די יוגנט איז פאַרכלינעט געוואָרן פון דער אַרבעט, זיך נישט פאַרגונען אַ ווײַלע מפסיק צו זײַן, צו געניסן פון דער אַרומיקער פּראַכט, — פון דעם פאַרשנייטן, ווייסן קאָפּ פון חרמון, וואָס האָט געעגבערט אַ וואָלקן, וואָס האָט אים פאַרדעקט, פון דעם שפּיגל פון די חולה וואַסערן, וואָס זענען געלעגן אונטער די בערג, אײַנגעפּאַסט אין גרינע, בלומיקע טעפּיכער, פון די פּרי־לינגס פעלדער, די ווײַטע שוואַרצע סטענגע פונעם כביש ראש פּינה—מתולה, וואָס האָט געגלאַנצט אַן אויסגעצוואָגענער פונעם בײַנאַכטיקן רעגן און פון די טרערן טוי, וואָס האָבן געטריפט פון צווײַגן און קוסטעס, ווי ברילִיאַנטן אין ליכט פון דער זון... זיי האָבן גאָרנישט געזען, מחוץ די אויפגעריסענע פלאַסטן ערד אונטער די פיס.

די פאַרבליבענע סדרנים אין לאַגער, האָבן געפונען דעם אַליאַרם גלאָק פון ביריה, האָבן זיי אים אויפגעהאָנגען אויף אַ צווײַג פון אַ בוים, און גע־קלונגען מפסיק צו זײַן פון דער אַרבעט, זיך אָפּרוען אַ ווײַלע און פרישטיקן. ביים פרישטיק, האָט די שטילקייט פון אַרום, איבערגעריסן אַ מעטאַלענע שטים, פון ערגעץ אונטערן באַרג. די שטים האָט געברומט אין אַ צעבראָ־כענעם העברעיש, אַז דער בריטישער מושל פון צפת באַפעלט די דזשוס, תכף פאַרלאָזן דעם באַרג און זיך צוריקקערן אַהיין, פון וואַנען זיי זענען געקומען, „באשר די רעגירונג פון פּאַלעסטיין האָט רעקוויזירט דעם שטח, וואָס זיי באַטרעטן איצט אָן רשות, אויב נישט, אויב נישט״...

מער האָט מען נישט געהערט אַ וואָרט, ווײַל די חברה האָט געוואָרפן ס׳עסן, זיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט, און געענטפערט מיט אַ הילכיקן געזאַנג, וואָס די בערג האָבן פאַרטראָגן ווײַט אַרום און אַרום.

ס׳האָבן זיך באַוויזן ווײַסע יריעות לײַוונט, אָנגעצויגענע אויף שטאַנגען, פון די לײַוונטן האָבן אַראָפּגעשריען שורות אין עברית און אין ענגלישן לשון: „מיר׳ן דעם אָרט נישט פאַרלאָזן. מיר ווילן שלום און אויפבוי.״ — „נעכטן זענען מיר געשטאַנען צוזאַמען מיט אייך אויף די מלחמה פראָנטן, היינט זענען מיר צוריק אין אונדזער היים. מיר זענען דאָ געקומען גאַנץ מאַכן, וואָס איר האָט גרויזאַם פאַרוויסט.״

די אַרבעט איז אַוועק מיט מער התלהבות, צו פאַרגעסן דעם הונגער, די נישט געשלאָפענע נאַכט. די אַרבעט האָט געברענט אונטער די הענט, אַזוי ביז פאַרנאַכט, ווען די זון איז אַריינגעפאַלן אין ווייטן ים.

מען וואָלט ממשיך געווען אין דער פינצטער, נאָר ס'האָט זיך באַוויזן אַ מחנה בריטישע זעלנער מיט פּאָליציי, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, און באַגלייט מיט פּאַנצער וועגענער. די בריטן האָבן פלינק אַרומגערינגלט דעם שטח, זיך אַריינגעריסן אין לאַגער, צו פאַרניכטן די צווייטע ביריה, צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס מען האָט געשאַפן אינעם לעצטן מעת לעת. נאָר דאָס מאָל האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט יונגע יידן, וואָס האָבן זיך ענערגיש קעגנגעשטעלט די פאַרניכטונגס לוסט פון די אָנגרייפער. ס'האָט זיך פאַר־וויקלט אַ ביטערער געראַנגל פון נאַקעטע, ליידיקע הענט, מיט בריטישן בליי און פּאַנצער. לכתחילה האָבן זיך די בריטן געשלאָגן מיט די בחורים און מיידלעך מיט אייפער, צעטראָטן און פאַרדאָרבן די שורות יונגע פלאַנצן, צעוואָרפן די געלטן און פאַרניכטעט אַלץ, וואָס עס איז זיי געקומען אונטער די הענט. אָבער ס'האָט לאַנג נישט געדויערט. דער בריטישער קאָמאַנדיר האָט דערהערט פון זיינע שלאַכט לייט אויסרופן: „שמוציקער קריג", „אַ בזיון", אַ „פייט מיט מיידלעך". דער קאָמאַנדיר מיט די זעלנער, וואָס האָבן מיט זייערע אויגן נישט לאַנג געזען בוכנוואַלד און בערגען בעלזן, האָבן גענומען פאַרלירן דעם חשק זיך ווייטער צו ראַנגלען מיט יוגנטלעכע, וואָס טרעטן נישט אָפּ אַ טריט, שטעלן זיך קעגן מיט פויסטן, מיט ציין און נעגל, זינגען און רייסן ווייטער דעם באָדן, און שרייען צו די זעלנער: — „שלום, שלום ובנין", — „שעמט איך! באַפאַלן יוגנטלעכע, באַפאַלן מיידלעך ביי פרידלעכע אַרבעט, פאַרוואָס? פאַר וועלכע זינד? וואָס וועלן אויף דעם זאָגן אייערע עלטערן, אייערע שוועסטער, אייערע מיידלעך אין ענגלאַנד, וואָס"?

די זעלנער, פשוטע מענטשן, אַרבעטער, באַאַמטע, האָבן זיך גענומען וואַקלען. די הענט האָבן זיך מער נישט געוואָלט הויבן.

די יידן האָבן באַנייט די אַרבעט פאַרן שיין פון דער לבנה, אַלץ צו פאַרגעסן.

בעת די בריטן זיינען צוריקגעטראָטן, האָט שוין געשטראָמט פאַרשטאַר־קונג פון טבריה, פון גאַנצן גליל און פון חיפה. די פאַרשטאַרקונג האָט זיך

צעשפּרייט אַרום באַרג, אַרום און אַרום, אין לעבעדיקע רינגען, נישט אויפ־צוהערן זינגען און אויסרופן: „תל חי, תל חי״!

די פריש געקומענע האָבן איבערגענומען די אַרבעטס כלים פון די מידע, וואָס האָבן זיך געלאָזט צום לאַגער אָפּרוען, בייטן קליידער און פאַרבינדן ווונדן. ווי דער לאַגער איז נישט געווען פאַרוויסט, האָט דאָרטן געשטראָמט אַ לעבן, עס זענען צוגעקומען נאָך קרעפטן, וואָס האָבן איידער וואָס ווען, צוריק אויפגעשטעלט די צעלטן, און גענומען מאַכן אָרדענונג אינעם תוהו ובהו, וואָס די בריטן האָבן איבערגעלאָזט.

אין לאַגער האָבן זיך אויסגעמישט די „אַלטע״ מיט די „נייע״, און זיך געלאָזט אין צעפלאַמטע, טאַנצנדיקע רעדער. דער באַרג האָט געזונגען: „מי יבנה הגליל? אנחנו נבנה הגליל, מי יבנה הגליל, הגליל״... יעמאָלט איז נאָך אַ מאָל נתגלה געוואָרן דער גייסט פון תל־חי, אין דער נאָענט, אויפן הר כנען, איבערן קאָפּ פון דער אַלטער, אויסגעדאַוונטער יידישער צפת.

ווען די זון איז געשטאַנען אויף די שפּיץ בוימער, אויפן הר כנען, האָט פון ווייטן געקלונגען דער גלאָק פון ביריה, גערופן אָפּשטעלן די אַרבעט מחמת קדושת השבת.

האָבן די מענטשן צונויפגענומען די כלים, און צופרידענע זיך געלאָזט גיין צו די צעלטן, צו בלייבן שבתן אויפן באַרג. ס׳איז געווען אַ חשש, אפשר וועלן זיך ווידער באַווייזן די בריטן, צו באַפאַלן די דריטע ביריה, וואָס איז שוין געווען כמעט ווי צוריקגעשטעלט.

## 2. שבת־ביריה אין צפת.

יענעם שבת, איז די אַלטע, פאַרגליווערטע צפת נישט געווען צו דער־קענען, נאָכדעם, ווי די בריטן האָבן זיך נעכטן שטילערהייט צוריקגעקערט אין זייערע קאַזאַרמעס, אָן צעשלאָגענע יידן, מיט פאַרבונדענע רויט־געפלעק־טע באַנדאַזשן אויף די קעפּ.

די אַראַבישע גאַסן מיט די קאַפעהייזער זענען געווען ליידיקע.

— „זונות, פּחדנים, פאַרקויפטע בוגדים — — — אייער טאָג וועט קומען, מיר׳ן מאַכן מיט אייך דעם חשבון״ — — — אַזוי האָבן די צפתער אַראַבער מקבל פּנים געווען די בריטישע כלי־רכב, וואָס זענען צוריקגעפאָרן

פון ביריה, אין זייער לאַגער, ביים כביש, וואָס פירט קיין ראש פינה.

עס זענען געפאַלן ווערטער ווי שטיינער, וואָס די זעלנער האָבן נישט פאַרשטאַנען. עס איז זיי איצט גאָרנישט אָנגעגאַנגען, אַבי דער שמוציקער „פייט״ מיט די דזשוס האָט זיך דערווײַלע פאַרענדיקט, אַבי מען פאָרט צוריק אין די באַראַקן, ווו ס׳וואַרט אַ וואַרעמע „באַפי״ (קאַנטינע), פול מיט ביר, מיט וויסקי און ציגאַרעטן. — „טענקס העוון — אַ דאַנק דעם הימל״.

אויפן באַרג זענען די מדריכים און מפקדים געלאָפן פון איין שייטער צום צווייטן, צו ציילן די מענטשן, זיי געבן אָנווייזונגען, צו צעשטעלן נייע וואַכן אַרום לאַגער, און געבראַכט פאַר יעדער גרופּע אַ גוט וואָרט מיט אַ „חכמה״. דאָרטן, אין ביריה, האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט ביז דריי טויזנט מאַן, פון ווייט און נאָענט, און די עיקר דאגה איז געווען שפּייז מיט נאַכט־לעגער. וואָרעם די נעכט זענען געווען פייכטע און קאַלטע.

די יידישע גאַסן פון צפת זענען יענעם פרייטיק צו נאַכט געווען פול מיט מענטשן. אַ סך צפתער זענען געשטאַנען אויף די דעכער כדי צו זען פון ווייטן די שייטערס פון ביריה, ווו חברה האָט זיך געוואַרעמט, געזונגען און מקבל געווען דעם שבת מיט טרוקן ברויט און קאָנסערוון.

דער קבלת שבת אין די שולן און בתי מדרשים פון צפת, איז אויך געווען אַ וואַרעמער און מונטערער, כאָטש ביי יעדערן אין האַרצן האָט זיך גענעסטלט אַ פּחד פאַרן מאָרגן. צוזאַמען, בציבור, האָט מען זיך געפילט ווי באַשיצט. די פרומע שומרי החומות, די ווילעלרנער, די קלויזניקעס, די אויסגעדאַוונטע אַלטע און יונגע „צפאַסער״ זענען פאַרפלייצט געוואָרן מיט ליבשאַפט, מיט אהבת ישראל צו יענע פרייע בחורים און מיידלעך אויפן באַרג, פון יענער זייט כנען, וואָס וואַרעמען זיך איצט ביי די שייטערס. מען האָט זיי אַלץ מוחל געווען, נישט געטראַכט פון „חילול שבת״.

— „פּיקוח נפש, קידוש השם, קידוש העם״, — האָבן צווישן זיך גע־שמועסט די דאַוונער.

— „אַ געזינט אין זייערע ביינער, אַ געזינט אין זייערע יידישע קעפּ״, האָבן געמורמלט צפתער מאַמעס אין שטערן טיכלעך, געקושט די „קרבן מנחה״ סידורים, לאָזנדיק זיך גיין פון די שולן אין די היימען צו קידוש.

בעת פון אַרום די שבתדיקע טישן, מיט די באַלד אויסגעברענטע ליכט

אין מעשענע און זילבערנע לייכטער, האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פון: — „יום זה לישראל אורה ושמחה, שבת מנוחה״, זענען נאָך געשטאַנען יידן אין די שולן פון אר״י הקדוש, פון צדיק ר׳ בנאה, אויסצוהערן די „תקוני שבת״ פון בעלי תפילות און סתם גוטע יידן. זיי האָבן צום הונדערטסטן מאָל אויסגעהערט אַלץ, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט טאָן אום שבת. נאָר זייערע געמיטער און מחשבות, זענען דאָס מאָל געווען ווייטער פון די פרומע רייד. זיי זענען געווען צוגעשפּיצט צו די פלאַמען פון די שייטערס פונעם „באַרעג״, ווו עס האָבן געלאַגערט, געזונגען און געשטורעמט אַ סך יונגע יידן, אָנדערהאַלבן מאָל מער פון דער דעמאָלטדיקער יידישער באַפעל־קערונג אין צפת.

ווי אַ ווינט האָט זיך אַריינגעריסן, צווישן עולם, ר׳ זרחל דער פאַסטער, מיט זיין ידיד שייעלע דעם אַלמן, איבערצוהאַקן די פרומע פסוקים: — „וואָס שווייגט מען גוטע יידן? וואָס קהלט איר זיך דאָ? ט׳סט נישט געהערט, אַז אויפן „באַרעג״ איז מען מקבל שבת מיט דאַר ברויט און מיט פישקעס גועל־נפש־פלייש? וואָס שווייגט איר, יידן״? — האָבן זיי געשריען אין איין אָטעם.

— „איר טראַכט נישט פון פיקוח נפש״?

— „פיקוח נפש דוחה שבת״, האָט שייעלע אַלמן, נאָכגעזאָגט זרחלען, — „לאָמיר גיין פון שטיב צו שטיב און צונויפנעמען אַלדאָס שבתדיק גיטס, אַלע חלות, ס׳גאַנצע בשר ודגים וכל מטעמים, און עס אַרויפברענגען אויפן „באַרעג״, פאַר די טייערע זין און טעכטער, וואָס שטייען קעגן עמלקן אויף קידוש השם. וואָס שווייגט איר יידן״?!

האָט זיך דער עולם, פון דער שול פון האר״י הקדוש אַ ריר געטאָן און געלאָזט גיין צו דער שול פון ר׳ בנאה. ר׳ זרחל פאַסטער מיט שייעלע אַלמן, זענען נישט געווען אַליין. מיט זיי זענען מיטגעגאַנגען צענדליקער יידן, זיך געלאָזן פון שטוב צו שטוב, פון טיש צו טיש, צונויפנעמען אין די פאַלעס, טעפּלעך און סלאָיעס, אַלץ וואָס עס לאָזט זיך. צפתער יידן האָבן געגעבן ביד רחבה. זיי האָבן געגעבן אַלץ פון די טישן. — „יום זה לישראל אורה ושמחה״.

פון יעדער יידישע היים זענען אַרויס בחורים מיט מיידלעך, אַלע מיט פולע הענט, און פולע קוישן. זיי האָבן די מזונות געבראַכט צום ראש הקהל,

אַ באַקאַנטער „פדיון שבוים״־ייד, וואָס איז בעת מעשה געזעסן ביים טיש מיט עטלעכע מדריכים פון „באַרג״, וואָס זענען געקומען בעטן שפּיז פאַר די טויזנטער „געסט״, וואָס שבתן איצט אין ביריה.

בעת דער ראש הקהל האָט געקנייטשט דעם שטערן און פאַרזאָרגט געביסן זיין שפּיץ באָרד, נישט צו וויסן וואָס צו ענטפערן די בחורים, די אומגעריכטע געסט, האָבן זיך אויפגעפּראַלט די טירן, און די סאַליע איז פול געוואָרן מיט מענטשן, מיט פולע הענט, — בתוכם, די ראשי המדברים, ר׳ זרחל פאַסטער און שייעלע אַלמן.

— „גוט שבת, — שבת שלום״! מיר׳ן געטאָן אונדזעריקס ר׳ ראש הקהל, אַצינדערט, טיט אייעריקס״ — — — מען מוז באַשפּייזן די יידישע קינדער אויפן „באַרעג״. עס איז שבת, שבת קודש״, — האָט ר׳ זרחל אויסגעניגונט, — „פיקוח נפש, פיקוח נפש״.

— „יום זה לישראל אורה ושמחה״, האָט ר׳ זרחל ממשיך געוועזן, און שייעלע האָט אונטערגעכאַפּט: — „יום זה חמדת לבבות לאומה שבורה, לנפשות נכאבות... נשמה יתירה, ר׳ ראש הקהל״ — — —

אַ צעשטראַלטער, האָט זיך דער ראש הקהל אויפגעהויבן פון אָרט: — „מהשמים, מהשמים״, האָט ער געשטאַמלט, און אַרומגענומען ר׳ זרחלען, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו שיטן מיט פסוקים פון זמירות, פאַרגעסנדיק, אַז ער איז אַליין טויט הונגעריק, פרייטיק, בייסט ער איבער נאָר באַגינען, כדי נאָך קבלת־שבת מער הנאה צו האָבן פון די קליינטשיקע פישלעך מיט חלה, מיטן פיצל פלייש און טעלער לאָקשן, וואָס זיין פראַדל גרייט צו לכבוד שבת, נאָכן אָפּקומען אַ גאַנצע וואָך מיט וואָס גאָט גיט, מיט אַ קרופּניק, אַ פיצל לאַקערדע, אַ פּאָר זיתים, מיט נעכטיקן ברויט, וואָס קאָסט ביליקער, און איז געזונט פאַרן מאָגן...

— „בששת כילית מלאכת עולמים, בו מצאו עגומים השקט והבטחה, שבת מנוחה״, „דאָרטן אויפן באַרעג״, — האָט ר׳ זרחל ווייטער געשאָטן פסוק נאָך פסוק.

— „וואָס שטייט מען? קימ׳טס, נאָמיר גייך״, האָט שייעלע אַלמן געררופן, — „נאָמיר גיין מיט דער אכילה אויפן „באַרעג״, צו די קינדער״.

זענען צפתער יידן נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן מיט קוישן, מיט סלאָ־

יעס, מיט חלות אין די פּאַלעס, נישט געטראַכט, אַז דער באַרג איז מחוץ פונעם עֵרב, ווו מען טאָר נישט טראָגן, ווייל: — „ס׳איז פּיקוח נפש״.

יענעם פרייטיק צו נאַכט, זענען פינף בחורים געקומען צום ראש הקהל. דריי פון זיי זענען פאַרבליבן, כדי צוזאַמען מיט נאָך עסקנים זיך מישב צו זיין וועגן מאָרגן. לעת עתה פאָדערן זיי גאָרנישט, מחוץ שפּייז אויף שבת. זיי זאָגן, אַז מאָרגן וועט מען ברענגען פון טבריה פּראָוויאַנט. זיכער וועט מען אויך ברענגען פון חיפה, פון ראש פּינה, און פון די נאָענטע קיבוצים. די דגניה׳עס מיט אשדות, האָבן שוין אַרויסגעשיקט זייער חלק, איצט, אין דער פינצטער, ווייל זיי ווייסן נישט, צי פאַרן שיין פון טאָג, וועלן די בריטן מיט די אַראַבער נישט פאַרשפּאַרן די וועגן, וואָס פירן צו צפת.

די אַנדערע צוויי בחורים זענען אַוועק מיטן עולם, ווי מורי דרך, צו ווייזן דעם שטעג, אויפן רוקן פון הר כנען, וואָס מיידט אויס די פּאָליציי און די אַראַבישע נעסטן. די בחורים האָבן געשפּאַנט פאָרויס, מיט אימפּעט, מיט חדוה אין די הערצער. נאָר נאָכן ערשטן קילאָמעטער, איז מען געבליבן שטיין. מען האָט באַמערקט ווי די עלטערע גייער שטייען אָפּ. נישטאָ קיין כח, דער וועג איז שווער, פול מיט שטיינער און דערנער.

האָבן זיך ביידע בחורים מישב געווען, צוצונעמען די פעקלעך פון די עלטערע, וואָס קענען ווייטער נישט גיין. איינער וועט זיי באַגלייטן קיין צפת, בעת דער צווייטער וועט גיין פאָרויס מיט די יינגערע, אַ מהלך פון נאָך צוויי קילאָמעטער, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. ס׳איז פינצטער, די לבנה פאַרזאַמט זיך.

שייעלע דער אַלמן איז אַ באַקאַנטע פירמע אין צפת, אַ פרומער יגיע־כפּיימניק, אַ געזעלן ביי אַ בעקער. שייעלע איז אַ ייד אין די ווייטע פער־ציקער. כאָטש קיין ברויט האָט אים נישט געפעלט, איז ער געווען דאַר, מיט אַ בלאַס פּנים, באַצירט מיט אַ שיטער, האַלב גרויען בערדל. זיינע בגדים זענען תמיד געווען פאַרשטויבט מיט מעל. זיינע גרויע אויגן זיצן אונטער שיטערע ברעמען, מיט לעפלעך אָן וויעס, באַזוימטע מיט רויטע שנירלעך, אָנצינדעטע פון שטענדיקן שטיין ביי די פלאַמען פון באַק־אויוון, מיט אַ לאַנגער לאָפּעטע, וואָס פלעגט אַרומטאַנצן אין זיינע הענט, ווי אַ שפּילצייג. אַ מאָל איז שייעלע געווען אַ שלאַנקער שיינער בחור. — ער איז געבוירן

געוואָרן אין עין זיתים, וואָס די אַראַבער האָבן חרוב געמאַכט, בעת די אומ־רועץ, פון חודש אב 1929. ער האָט חתונה געהאַט צו 18 יאָר, מיט דער שטילער יאַכעלע, וואָס איז געווען אין זיין עלטער. יאַכעלע איז געווען אַ רונדע יתומה. זי האָט זיך געהאָדעוועט ביי אַ נאָענטן קרוב. שייעלע איז שוין דעמאָלט געווען אַ בעקער־געזעלן. חוץ ברויט, האָט ער פאַרדינט זעקס פונט מיט פופציק טאַלער אַ חודש, גענוג אויף אַ באַשיידן לעבן פאַר אַ פּאָר פאָלק אין צפת. דער פונט האָט דאַן געהאַט דעם ווערט פון אַ פונט שטערלינג. אַ דירה פון אַ צימער מיט אַ קיכל, האָט מער נישט געקאָסט ווי 75 טאָלער אַ חודש, און אַלץ איז געווען ביליק. שייעלעס באַלעבאָס, חילקע דער בעקער, איז געווען זיין שדכן. באַרכעשעם!ביידע האָבן חתונה געהאַט אין אַ מזל־דיקער שעה, געדונגען אַ דירהלע, און זיך ליב באַקומען, געלעבט ווי אַ פּאָר טויבן. יאַכע האָט געהאַט אַן אויסשטייער פון עטלעכע קליידער, אַ ביסל וועש און אַ פּאָר קישנס מיט אַ וואָלענער דעקע. שייעלע האָט אויך פאַרמאָגט אַ קישן מיט אַ וואַטענער קאָלדרע, דריי ליילעכער און פינף האַנטעכער. דער קרוב, וואָס האָט געהאָדעוועט און אויסגעהאַלטן יאַכעלען, האָט געגעבן נדן, אַ גאַנצן הונדערטער. (בייזע צינגער האָבן געטענהט, אַז ער האָט גע־ירשנט פון יאַכעס עלטערן אַ שיינע פּאָר הונדערטער פונטן, — ס׳נדן איז נישט זיינס, ס׳איז געלט פון איר פאָטערס פאַרמעגן).

אַ יאָר נאָך דער חתונה, האָט זי געבוירן אַ טאָכטער, מרים (אַ נאָמען נאָך איר מוטער), וואָס האָט פול געמאַכט מיט גליק זייער קליינע היים. צוויי יאָר נאָך דער חתונה, האָט יאַכע, לא עליכם, מפּיל געווען. אַ יאָר שפּעטער, — נאָך אַ מאָל.

שייעלע האָט געוויייטיקט און געטאָן אַלץ, צו העלפן זיין „קרוין פון קאָפּ", וואָס איז נאָכן צווייטן מפּלען מער נישט געקומען צו זיך. זי האָט צוגע־קרענקט, אָבער אָפּגעהיט די שטוב, די בת יחידה, מיט שייעלען, וועמען זי האָט ליב געהאַט אהבת נפש.

בעת מרים איז אַלט געווען ניין יאָר, איז נישט היינט געדאַכט, אויס־געבראָכן אַ מגפה אין צפת, די מגפה האָט נישט אויסגעמיטן יאַכען.

ר׳ זרחל פאַסטער, שייעלעס לאַנג יאָריקער ידיד, האָט געזאָגט אַ סך תהילים, איר צו העלפן. ס׳האָט נישט געהאָלפן. יאַכע איז אַוועק, און ר׳ זרחל

האָט געזאָגט אויף איר קבר צדוק הדין: „ד׳ נתן, ד׳ לקח״, אַזוי האָט געוואָלט זיין ליכטיקער נאָמען, „יהי שם ד׳ מבורך״. פאַרפאַלן!

ס׳איז נישט אַוועק קיין יאָר, ווי צו שייעלען, האָבן זיך גענומען לאָזן שדכנים, פאַרצולייגן „גאָלדענע שידוכים״. שייעלע האָט געדרייט מיטן קאָפּ, און אַלעמען צוריקגעשיקט מיט גאָרנישט. זיין יאַכעלע האָט זיך נאָך נישט אָפּגעקילט אין קבר, זי קומט אים כסדר צו חלום, און די שדכנים, שלאָגן אים אָפּ די שוועלן. זיי לאָזן אים נישט צורו. זיין טרייסט און אָנהאַלט איז געבליבן מרימל, אַן אָפּבילד פון יאַכעלען, עליה השלום. מרים האָט געלערנט אין דער „אַליאַנס״. זי האָט געהאַט אַ גוטן קעפּל. זי האָט אָבער געמוזט איבעררייסן איר לערנען, צו ווערן די באַלעבאָסטע פון שטוב. זי האָט אַ סך געוויינט. שייעלע האָט געגלעט איר קאָפּ, געקושט דעם שטערן, אָבער, ס׳איז קיין ברירה נישט געווען. עס זענען איר געבליבן די שול חברטעס, וואָס פלעגן איר באַזוכן אין די אָוונטן און שבתים, און מיטברענגען ביכלעך אין לשון קודש, וואָס זי פלעגט לייענען פאַרן שיין פון אַ נאַפט לעמפּל, ביז האַלבע נעכט. דער פאָטער האָט איר נישט געשטערט. במילא האָט ער גאָר־נישט געזען, ווייל ער פלעגט גאַנצע נעכט, געשיקט וואַרפן די לאָפּעטעס ברויט, פּיטעס און זעמל, כדי די צפתער יידן זאָלן אַ יעדער פרימאָרגן, נאָכן דאַווענען, קענען מאַכן, „המוציא לחם מן הארץ״, אויפן פרישן געבעק, און הנאה האָבן.

מיט דער צייט האָט מען שייעלען צו רו געלאָזן, נישט אָן פאַרדרוס. — „סטאַטש, אַ ייד זאָל אַזוי לאַנג לעבן אָן אַן אשה, ס׳איז אַן עבירה פאַר גאָט״. אַפילו ר׳ זרחל פּאַסטער, האָט ביי אים גאָרנישט געפּועלט. ער האָט אים צו רו געלאָזן נאָך דעם, ווי שייעלע האָט אים איין מאָל מיט רוגזה צוגעוואָרפן: — „זאָרג זיך בעסער פאַר דיינע טעכטער, וואָס ווערן ראוי לחופה״. אין סך הכל, צו שייעלען האָט זיך צוגעקלעפּט דער צונאָמען „אַלמן״, ווי ס׳האָט זיך צו זרחלען צוגעקלעפּט דער צונאָמען, „פּאַסטער״, מחמת זיינע שטענדיקע תע־ניתים, וואָס האָבן אים אויסגעטריקנט ווי אַ באָקסער, און צוגענומען די כוחות. „פּאַסטן״, — האָט ר׳ זרחל געטענהט. — „איז אַ הויכע מדרגה מיט אַ נסיון. מיט פּאַסטן פּרובירסטו אויס זיך אַליין, דיין סבלנות, דיין גוף און נשמה. ביסט זיך מתיחד מיטן בורא עולם, ווערסט נאָענט צו די עולמות

העליונים, ביז צו פאַרגעסן דאָס נאַרישע, זינדיקע עולם הזה. מ׳דאַרף נישט זאָרגן פאַר די תולעים, פאַר די רימה אין קבר״.

ר׳ זרחל האָט געפאַסט און געלערנט. זיין פראַדל האָט אויסגעפינצטערט די מ׳שטיינס געזאָגטע פרנסה פון פאַרקויפן פאַר חדר־ייִנגלעך, בייגל, קע־רעלעך, קיכעלעך פון אייגענעם געבעק, און בענטש ליכט פאַר באַלעבאָסטעס. דערווייַלע זענען ביידע טעכטער געוואָקסן. זייערע קליידלעך און קאָפּטלעך זענען געוואָרן ענג און קורץ. די עלטערע האָט שוין דערגרייכט ח״י יאָרעלעך. די ייִנגערע ט״ו, און שדכנים קומען נישט.

פראַדל האָט נישט צוגעלאָזט אירע טעכטער זיך צו פריינדלען מיט מרים שייעלעס, מחמת מרים איז געווען אַ „פרייע״, מיט אַ פולן קאָפּ מעשה־ביכלעך, וואָס האָבן איר, לא עליכם, אַראָפּגעפירט פון דרך הישר, ביז צו גיין אין די אָוונטן אין קלוב פונעם „באָרוועד״ (הנוער העובד), ווו מען רעדט קעגן מלכות, מ׳זינגט פסולע לידער, און מען האָפּקעט מיט ייִנגלעך.

נאָך אַלעמען איז שייעלע אַליין אַ חוטא, אַ פּראָסטער מענטש, אַן אייבי־קער געזעלן, וואָס לעבט אָן אַן אשה. פראַדל פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי אַזאַ תלמיד חכם, ווי איר זרחל, פריינדלט זיך דאָס מיט אַזאַ איינעם. זי פאַרשטייט נישט! — „גאָט זאָל מיר נישט שטראָפן פאַר מיינע רייד״ — זאָגט זי, — „כ׳בין אַ פּשוטע ייִדענע, כ׳זאָג דעם אמת״.

בעת שייעלע אַלמן האָט יענעם פרייטיק צו־נאַכט אַרומגעשמייעט מיט ר׳ זרחלען, צו זאָרגן פאַר די מענטשן אויפן „באַרעג״ און נישט געקומען אַהיים מאַכן קידוש, איז מרים אַוועק מיט דער יוגנט פון „הנוער העובד״, וואָס האָבן איר מיטגענומען אויפן באַרג, קיין ביריה, באַלאָדן מיט אַ פּאַק, ווי אַלע. מעשה שטן האָט זי זיך אונטער וועגס אָנגעשטויסן אָן אַ שטיין, אַנידערגעפאַלן, און שטאַרק צעקלאַפּט אַ פוס. מען האָט איר געמוזט העלפן זיך אויפהויבן און צונעמען ס׳פּעקל, וואָס זי האָט געטראָגן. ווי ס׳האָט איר נישט וויי געטאָן, האָט זי געביסן די ליפּן, געשוויגן און ווייטער געגאַנגען אין דער „שרשרת״, נישט צו פילן, ווי אַ בחור האַלט איר אונטערן אָרעם. און פירט איר, ווי זי וואָלט זיין אַ קינד.

מרים האָט דעם בחור נישט געקענט. ער איז געווען פון „יענע״, וואָס זענען געקומען אויפן באַרג, צוזאַמען מיט די חברה. לכתחילה האָט זי נישט

געוואַגט זיך אומקוקן אויף איר באַגלייטער. זי האָט זיך געשראָקן. עס איז איר נישט געווען ניחא אַזוי צו שפּרייזן מיט אַן עוזר שכנגד. אינעם גאַנג האָט זי דערפילט די וואַרעמקייט פון זיין האַנט.

ערגעץ, פון יענער זייט באַרג אַרויס, האָט זיך באַוויזן אַ ברעם פון דער לבנה, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אַרויפגערוקט העכער אין הימל, און זיך אויס־געפורעמט אין אַ רונדע, פולע ראָד פון אָנגעגליטן קופּער. אַ ביסל שפּעטער, בעת די לבנה האָט באַקומען איר בלאַס־ווייסע מראה, איז ליכטיק געוואָרן אין די בערג, ביז איינער האָט געקענט זען דעם צווייטנס געזיכט.

מרים האָט זיך אויסגעדרייט צום פּנים פון איר באַגלייטער, וואָס האָט איר געהאַלטן פעסט פאַר דער האַנט. זי האָט דערזען פאַר זיך אַ געשטאַלטנעם יונג, מיט אַ געשטריקטן זאָקן־מיצל אויפן קאָפּ. פון אונטער דעם זאָקן־מיצל זענען אַרויסגעקראָכן פּאַסמעס האָר אויפן שטערן, וואָס האָבן באַרירט די ברעמען פון זיינע לאַכעדיקע אויגן. דאָס לענגלעכע פּנים, מיט אַ שקאָצע־וואַטער וואָנצע, איבער די פולע ליפּן, האָט בולט געמאַכט זיין יונגע מענ־לעכקייט.ביידע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, און — — — נישט צו וויסן פאַר וואָס, זיך צעלאַכט.

— „שמי יוסף, די חברה רופן מיר יאָש, יליד חיפה, בנו של מורה, אַ זון פון אַ לערער, גמרתי תיכון, געענדיקט אַ גימנאַזיע, אני מדריך, ואחד „מהם״, כ׳בין אַ מדריך, איינער פון „זיי״, איצט בין איך אַ שילער פון „מקוה״ (מקוה ישראל), האָט איר באַגלייטער זי אויסגעדערציילט זיין ביאָגראַפיע, מיט איין זופּ.

— „ואני מרים, די טאָכטער פון שייעלע בעקער פון צפת, נישט געענ־דיקט די „אַליאַנס״, ווייל נאָך מיין מוטערס טויט, בין איך געוואָרן אַן עקרת בית. אַ חברטע אין „הנוער העובד״. דער פאָטער שטערט מיר נישט״.

אויפן באַרג האָט איר יאָש צוגעפירט צו אַ צעלט, ווו אַ „חובשת״, אַ יונגע מיידל ווי זי, האָט איר אויסגעטאָן דעם שוך מיטן זאָק, מעשה מומחית, באַטאַפּט דעם צעקלאַפּטן פוס און געשטעלט די „דיאַגנאָזע״: — „זה כלום, אַ ביסל אויפגעלאָפן ס׳לייב אַרום קנעכל, אַ לייכטער בלוט אויסגוס אונטער דער הויט, פון וואָס עס איז געוואָרן דער בלויער פלעק. ביז דער חתונה וועט זיך פאַרהיילן״...

די חובשת האָט באַשמירט מיט יאָד דעם בלויען פלעק, (אַ רפואה צו אַלע פגעים), געהאָלפן אָנטאָן די זאָק מיטן שוך און פאַרענדיקט דעם שמועס:

— „הלואי וואָלט איך געהאַט אַזעלכע שיינע פיס ווי דיינע, שלום חברטע״!

מרים האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך פאַררויטלט, אָנגעקוקט די „חובשת״ און ביידע האָבן זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט.

פאַר טאָג, נאָך פאַר דער זריחה, איז מרים צוריקגעקומען אַהיים און נישט געפונען דעם פאָטער. ער איז, אום שבת, געשטאַנען מיט זיין לאַנגער לאָפּעטע, ביי די פלאַמען פון באַק־אויוון. איבער די דרייזשעס טויג, זענען געשטאַנען יידן, געקנאָטן און געקייקלט לעבלעך ברויט, זינגענדיק דערביי די שבתדיקע תפילות.

מחמת פיקוח נפש האָבן רבנים פון צפת, מתיר געווען באַקן ברויט אום שבת, „פאַר די יידישע קינדער אויפן באַרעג״, וואָס שטייען אין אַ מלחמת מצוה מיט עמלקים.

— „מותר, מותר״, האָט זיך ר׳ זרחל געדרייט צווישן די יידן מיט פאַרמעלטע בערד, וואָס זענען געשטאַנען אין גאַטקעס, די בייכער אַרומגע־בונדן מיט האַנטעכער, און דערלאַנגט שייעלען די ברויטן, גלייך אויף דער לאָפּעטע. שייעלע האָט זיי פלינק געוואָרפן אין אויוון אַריין.

ס׳איז טאַקע „מותר״ מחלל שבת זיין מחמת פיקוח נפש, אָבער עס איז קאַלעמוטנע, — זינגט מען בציבור, כדי נישט צו טראַכטן — — — און דאָ האָט ר׳ זרחל פאַסטער אַרויסגעוויזן זיין גאַנצע בקיאות אין זמירה און פסוקים:

—„אי־יאַי־יאַי, טאַטע, פאָטער אין הימל — — — ותחזק אותנו באהבה אליך, כאשר גלוי וידוע לפניך, שיהא הכל נחת רוח אליך — — — שתקבל את תפילתנו ברחמים וברצון לפניך, אַי־יאַי — טאַטע אין הימל, ירוץ עבדיך כמו אַיל — — —

„נישט קיין איל, נאָר אַ כשרע בהמה ביזטו, ר׳ זרחל״, — האָט זיך אויף אים געבייזערט אַ פאַרשוויצטער ייד מיט אַ פאַרמעלטער באָרד, — „וואָס דרייסטי זיך אַרימעט ווי אַ שאָטן, און שטערסט די אַווידעס מיצווע״?

— „גיי דעך געזינטערהייט צו דיין פראַדלען, ס׳אי שבת, זאַ מקיים די מצוה „ותעשה״, פראַדל זאָל ניש׳ האָבן זיך געטיקט אומזיסט אין מקוה״ —

האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער ייד, אַ גבר, וואָס האָט אָפּגעלאָדן פון די פּלייצעס אַ זאַק מעל, גלייך אין דער זיפּ אַריין איבער דער דייזשע. דער עולם האָט געלאַכט...

ר׳ זרחל, ווי ער וואָלט נישט געהערט די ליצנות אויף זיין חשבון, האָט נישט אויפגעהערט שיטן מיט פּסוקים: — — „ופרוס חביבי עלי סכת שלומך, תאיר הארץ מכבודך, נגילה ונשמח כך, מהר, מהר״ — — —

אַ שפּראָץ אויף טאָג, האָט די גאַנצע שבתדיקע גאַס, אַרום יחיאלס בעקעריי, געשמעקט מיט פריש ברויט, וואָס מען האָט געוואָרפן אין קוישן און אין זעק, אָנגעלאָדן אויף אייזלען, צו שיקן אויפן באַרג.

פון יחיאלס בעקעריי, זענען די „ברויט־בעקער״ אַוועק, יעדערער אין זיין שול און קלויז, דאַוונען מיטן ערשטן מנין, כדי אַריינכאַפּן אַ פּאָר שעה שלאָף ביז מיטאָג.

יענעם שבת, נאָכן טשאָלנט, האָט מען זיך נישט „צוגעשפּאַרט״ ווי תמיד, ביז מנחה, נאָר מען איז אַרויס אין גאַס, וואָס איז פול געווען מיט יידן, אָנצוקוקן ווי פוןביידע זייטן שטאָט, פון דרום און פון צפון, פאָרן הין און צוריק, כלערליי כלי רכב, פול מיט יונגוואַרג, וואָס האָט געשטראָמט קיין ביריה. קיינער האָט זיי נישט געשטערט. קיינער האָט זיי נישט פירגעוואָרפן דעם חילול שבת. קיינער האָט זיי נישט נאָכגעשריען: — „שבת־שבת״, און נישט געשפּיגן: — „טפוי, פוי, יונגאַטשעס! מיינע שונאים״... דאָס מאָל האָט מען זיי אַלץ פאַרגעבן.

זייער נסיעה איז שוין געווען איבעריק. די בריטן האָבן זיך מער נישט געלאָזט צו באַפאַלן דעם „באַרעג״ צום פערטן מאָל. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט זיך צפת באַרויקט, און צוריק פאַרגליווערט געוואָרן ביז צוויי יאָר שפּעטער, ווען די בריטן האָבן אין גאַנצן פאַרלאָזן צפת, די בערג פון כנען, מיט גאַנץ ארץ־ישראל, לעולם ועד.

יאָ, בעת שייעלע האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים נאָכן ערשטן מנין, האָט ער געפונען דעם טיש גרייט, גאָרנישט באַרירט, נאָך פון נעכטן. מרים איז געלעגן אויפן בעט אָנגעטאָן, און אין די שיך, וואָס זענען געווען באַקלעפּט מיט ערד. לכתחילה איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז זיין טאָכטער איז אויך געווען אויפן „באַרעג״, נאָר די שיך, די בלאָטיקע שיך, האָבן איר אויסגעז־

געבן. אין דער אמתן האָט אים די מעשה פאַרדראָסן, — „אַ מיידל אויכעט״ ? אָבער ער האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז נעכטן נאָך קבלת שבת, איז פּול געווען די שטוב פון ראש הקהל מיט אַזעלכע יונגע בחורים און מיידלעך, ווי זי, זיין טאָכטער. האָט זיך אים צעוואַרעמט דאָס האַרץ, און ס׳האָט זיך אים פאַרוואָלט אַ קוש טאָן מרימען אין שטערן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן זיינע שיך און אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום בעט. אַנשטאָט איר גלייך אַ קוש צו טאָן, האָט ער פאַמעלעך גענומען אויסטאָן אירע שיך און באַמערקט דעם אומגעלומפּערטן באַנדאַזש אַרום איר פוס, אונטער אַ צעריסענער זאָק. שייעלע איז פאַרציטערט געוואָרן, און אויסגעשריען : „אַי מאַן קינד, וואָסי די׳געשען ? צעקלאַפּט ? צעבראָכן דעם פיס, אַי״...

פונעם געשריי, האָט זיך מרים אויפגעכאַפּט, זיך אַ הויב געטאָן אַ פאַר־שלאָפענע, און אַלץ דערציילט פון איר נעכטיקן גאַנג, נישט צו דערמאָנען די באַגעגעניש מיטן בחור.

יאָש איז יענעם שבת, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אַוועק אין שטאָט, מיט דער כוונה צו טרעפן מרימען אין דער ירושלים גאַס, וווּ די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט שפּאַצירט און באַטראַכט מיט ליבשאַפט און וואַרעמקייט די „פרעמדע״ בחורים, אין די קורצע כאַקי־הויזן, און מיט די באַוואַקסענע פנימער, און די מיידלעך, צעפּודלטע, אין שווערע שיך, מיט קאָפּ־טיכער, אָדער מיט סוועטערס אַרומגעגאַרטלט איבער די לענדן.

יאָש האָט אַ צען מאָל דורכגעשפּרייזט די גאַס, ביז צו פאַרצווייפלונג. „מען זעט איר נישט״ — האָט ער געטענהט צו זיך אַליין, ביז ער האָט זיך דער־טראַכט : „אפשר קען זי נישט גיין צוליב דעם פוס, אפשר״ ?

ער האָט גוט געדענקט דעם נעכטיקן שמועס מיט מרימען, און נישט פאַרגעסן, אַז איר פאָטער איז אַ בעקער. ער האָט זיך געווענדט צו איינעם אַ צפתער תושב, און זיך נאָכגעפרעגט אויף איר פאָטער. מעשה שטן, איז אים זיין נאָמען אַרויס פון זכרון, און אָנשטאָט קלאָרע דיבורים, האָט ער גענומען שטאַמלען. צו זיין מזל, האָבן נאָך דעמאָלט די צפתער תושבים געקענט איינער דעם צווייטן, און לויט יאָשס שטאַמלדיקע סימנים, האָט אים דער ייד אַ פרעג געטאָן : — „צי מיינט ער נישט שייעלע דעם אַלמן״ ?

„כן אדוני״, האָט יאָשן אויפגעבליצט אין זכרון, אַז מרים האָט אים

דערציילט, אַז איר מוטער איז יונג געשטאָרבן. אַזוי האָט ער געפונען איר היים, ווו ער האָט מיט ציטער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— „יבוא״, האָט זיך אָפּגערופן אַ שטים פון יענער זייט טיר.

יאָש האָט אויפגעמאַכט די טיר און אַ וואַקלדיקער אַריבערגעטראָטן די שוועל. שייעלע איז געזעסן ביים טיש צוזאַמען מיט דער בת יחידה, ביים שפּעטיקן אָנבייסן.

בעת שייעלע האָט מיט פאַרווונדערונג באַטראַכט דעם נישט דערוואַרטן, אומבאַקאַנטן גאַסט, האָט ביי מרימען געצאַפּלט דאָס האַרץ. זי איז רויט געוואָרן ביז די האָר וואָרצלען, און זיך קוים באַהערשט נישט אַ געשריי צו טאָן פון איבעררעאַשונג און שמחה, ווייל צייט זי איז אַראָפּ פון בעט, האָט זי פון קיין זאַך נישט געטראַכט חוץ פון יאָשן. זי איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט אָט דער מחשבה, ביז נישט צו הערן, וואָס שייעלע רעדט צו איר — — —

אָט שטייט יאָש פאַר אירע אויגן, אַ וואַקלדיקער, אַ צעחושטער, צוגעשמידט מיט זיינע בליקן צו איר, נישט צו קענען אַרויסברענגען אַ וואָרט.

מיט זיין פאָטערלעכן חוש, האָט שייעלע דערשפּירט, אַז דער גאַסט מיינט נישט אים, נאָר זיין טאָכטער. האָט ער פאַרזיכטיק גענומען ווענדן די אויגן פון יאָשן צו מרימען, און צוריק, און האָט בולט דערזען פרייד אין ביידנס יונגע אויגן.

אַז יאָש איז ווייטער געבליבן שטיין צוגעשמידט צום אָרט, האָט זיך שייעלע אויפגעהויבן, גענומען יאָשן אונטערן אָרעם, און אים פריינטלעך צוגעפירט צום טיש, אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול, און איז אַוועק ברענגען פאַר זיך אַ טאַבורעטל, וואָרעם חוץ די צוויי שטולן, האָט זיך אין שטוב געפונען נאָר אַן אַלטער טאַפּטשאַן, וואָס איז געשטאַנען אונטערן פענצטער, אָפּגערוקט פון טיש.

אין דער רגע פון שייעלעס אָפּוועזנהייט, האָבן זיך ביידע געקושט מיט די אויגן, גליקלעך געשמייכלט און געשוויגן.

— „אַזוי יונגערמאַן, ווי כ׳פאַרשטיי, ביזטו פון באַרעג״, האָט אים שייעלע געזאָגט און אויסגעשטרעקט זיין אויסגעפּראַצעוועטע גרויסע האַנט.
— „מיר זאָל זיין פּאַר דיר און פאַר אַלעמען אָיפּן באַרעג, שלום, ביזט אַן אָנגעלייגטער גאַסט״.

מרים איז אויפגעשטאַנען פון אָרט אַ דערמוטיקטע, אַ צעשטראַלטע און געבראַכט פון אַלמער דעם פּאָטערס קידוש־בעכער, מיט דער פלאַש קידוש־ווייַן. צו איר פּאַרדרוס איז אָבער שוין געווען נאָך מיטאָק. דער טיש איז געווען ליידיק. אין קיך איז נאָך געבליבן אַ האַלבע חלה, עטלעכע גרינע ציבעלעס מיט ראש חודש רעטעכלעך, און אַ ביסל זיתים. ס׳איז שבת — — — כאָטש נעם און צעוויין זיך פון פּאַרדרוס, בעת דאָס האַרץ שפּרינגט פון פרייד. צו זיי קומען נישט קיין געסט. ניִשטאָ קיין גרייטער כיבוד.

יאָש האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַז „לחיים" איז ער גרייט צו מאַכן, אָבער עסן, חלילה! ער האָט געגעסן מיט אַ חבר. דער חבר האָט דאָ אַ קרוב אין צפת. „ער איז זאַט איבערן האַלדז".

יאָש איז געבליבן זיצן ביז נאָך הבדלה, געשמועסט מיט שייַלען, נישט אַוועקצונעמען די אויגן פון מרימען. ער האָט דערציילט פון „באַרג", פון דעם פּלמ"ח, וואָס שייַלע האָט נישט געהאַט קיין קלאָרע השגה, וואָס דאָס איז. פון דער „הגנה" האָט ער געוווסט אַ סך; ער איז נישט איין מאָל גע־שטאַנען מיט „יענע חברה", מיט אַ פּרענט אין האַנט, צו פּאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג אין דער יידישער גאַס פון די צעווילדעוועטע ישמעאלים. דאָס — פלעגט זיך איבערחזרן יעדעס יאָר דעם צווייטן נאָוועמבער, אינם טאָג פון דער „באַלפער דעקלאַראַציע". איצט איז ער געוואָר געוואָרן וואָס עס איז „פּלמ"ח".

— „אַ געזינט אין די ביינער אַלע יידישע זין און טעכטער, אַ געזינט אין אייערע קעפּ. כ׳בין נישט קיין גוויער, נישט קיין עפּענדי, כ׳בין אַ פּשוטער בעקער, בין איך. לאַנג לעבן זאָלצט איר אַלע. אין דער אמתן בין איך אַ ציעניסט בין איך", — האָט שייַלע געזאָגט יאָשן.

אַזוי האָט זיך פּאַרוויקלט זייער „קאַנטשאַפּט", וואָס האָט זיי אָנדערהאַלבן יאָר שפּעטער געפירט צו דער חופּה, כאָטש יאָשס עלטערן האָבן זיך געוועהרט מיט גוטן און מיט בייזן. ס׳טייטש, „ער איז נאָך אַ יינגל, מיט דער מוטערס מילך אויף די ליפּן, ער מוז נאָך לערנען, און ווערן אַ מענטש, וואָס איז די איילעניש". ס׳הט זיך זיי געדוכט, אַז וואָס ווייטער דער ענין וועט זיך ציען, וועט זיך זייער ליבע אויסוועפּן און אויסלעשן פון זיך אַליין. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. בלית ברירה, האָבן די עלטערן מסכים געווען. מען האָט געפּרא־

וועט אַ חתונה כדת וכדין, נאָר נישט אין קיין מזלדיקער שעה.

אַ שטיקל צייט שפּעטער איז יאָש אומגעקומען אין דער נאַכט פון די „בריקן״, נישט וויסנדיק עד היום, ווו זיינע ביינער רוען, און צי זיי זענען בכלל געקומען צו קבר ישראל.

שייעלע דער אַלמן, אַ צעבראָכענער, אַן איינגעבויגענער, האָט צוריק באַקומען מרימען אין זיין היים, אין צפת.ביידע האָבן זיך שטום געטרייסט מיט דער מחשבה, אַז עס וועט בלייבן אַ נאָמען נאָך יאָשן. די פּאַרשטיינערטע, בלאַסע מרים, האָט אויפן שבעה־בענקל דערפילט, ווי אין איר באַוועגט זיך אַ נייַ לעבן.

## 3. ר׳ זרחל העלפט דעם פּלמ״ח.

עס זענען נישט אַוועק קיין צוואַנציק חדשים, נאָך דעם, ווי דער פּלמ״ח האָט צוריקגעשטעלט ביריה, און די בחורים האָבן זיך צוריקגעקערט אַהין, פון וואַנען זיי זענען געקומען, ווי די יידישע צפת האָט ווידער דערזען פּלמ״חניקעס מיט הגנה־מענטשן אין אירע גאַסן און געסלעך. עס איז געווען סוף 1947, ווען גאַנץ ארץ־ישראל איז אויפגעשטאַנען זיך אַקעגן צו שטעלן די בריטישע קאָהאָרטן, צוזאַמען מיט די אַראַבישע שונאי ישראל, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרפלייצן דאָס הייליקע לאַנד אין טייכן בלוט און פייער.

עס איז געווען אַ חודש נאָכן באַשלוס פון די פאַראייניקטע פעלקער, צו דערמעגלעכן דאָס שאַפן אַ יידישע מדינה אינעם שטח פון ארץ־ישראל. דאָס איז געווען צען וואָכן פאַר ה׳ אייר, דעם 14טן מאַי 1948, ווען עס איז עטאַבלירט געוואָרן מדינת ישראל.

די בריטן איז שווער געווען שלום צו מאַכן מיט זייערע מפּלות אין פּאַלעסטיין, צו פאַרענדיקן זייער קלאָגעדיקע מאַכט און פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווו זיי האָבן געהערשט קנאַפּע 30 יאָר צייט, כדי צו העלפן שאַפן אַ „נאַציאָ־נאַלע היים״ פאַרן יידישן פאָלק, לויטן כתב פונעם מאַנדאַט, פונעם פעלקער־בונד, און לויט דער „באַלפור דעקלאַראַציע״ פון יאָר 1917. די בריטן האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי וועלן אויסליפערן ארץ־ישראל צו די אַראַבער אין אַ צושטאַנד פון תוהו ובוהו. די אַראַבער וועלן פאַרניכטן די יידן, פאַרכאַפּן דאָס יידישע האָב און גוטס, און וועלן שאַפן אַן אַראַבישע „מדינת־פּאַלעס־

טייך״. פאַר דער וועלט וועלן די בריטן קענען איבערחזרן דעם באַרימטן פסוק, פון אַמאָליקן רוימישן נציב, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק: — „ידינו לא שפכו את הדם הזה״! די יידן האָבן אונדז נישט געוואָלט האָבן אין פאַ־לעסטיין, — זענען מיר אַוועק.

אָבער, די יידן האָבן ביטער אַנטוישט די בריטן. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט אויסהרגענען, כדי די גוטע, גרויסע וועלט, זאָל זיי שפּעטער נישט דאַרפן באַדויערן און באַוויינען.

די אַראַבער פון ארץ ישראל גופא, צוזאַמען מיט אַראַבישע האָרדעס פון הינטער די גרענעצן, האָבן זיך געוואָרפן פאַרטיליקן די יידן, איידער די בריטן האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. עס האָט זיך צעפלאַקערט דער יידישער באַפרייונגס־קריג. דאָס לאַנד איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט בלוט און מיט פייער, ביז עס איז באַפרייט געוואָרן פוןביידע געשפּענסטער: פון די ברי־טישע קאָהאָרטן און פון די אַראַבישע האָרדעס, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן פון נאָענטע און ווייטע לענדער נאָך דעם יידישן זאַק־רויב און אַנטלאָפן מיט געבראָכענעם רוקן.

די ערשטע פלאַמען פונעם באַפרייונגס קריג האָבן דערגרייכט צפת, דעם 29־טן דעצעמבער 1947, ווען די האָרדעס פון אַראַבישן „גענעראַל״ קאַוו־קדזשי, האָבן געפונען אָפּשניידן די וועגן, וואָס פירן צו דער יידישער צפת, באַשיסן און פאַרניכטן יידישע כלי־רכב, דערמאָרדן שאָפערן מיט רייזנדיקע, צורייבן לאָדונגען, און אָנוואַרפן אַן אימה אויף דער באַפעלקערונג.

דעם זעלבן אָוונט איז אָנגעקומען אַן איינהייט פלמ״חניקעס, צו באַשיצן די יידישע צפת מיט איר גאַנצן אַרום. דאָס מאָל זענען זיי נישט געקומען אין די טויזנטער, ווי בעת דעם געראַנגל פאַר ביריה. דאָס מאָל זענען זיי געקומען שטיל, בסתר, דורך וועגן און אומוועגן, בסך הכל 56 בחורים און מיידלעך. יעדערער פון זיי האָט מיטגעבראַכט אַ ביקס, אַ לעבל ברויט, און אַן אייזערנעם ווילן צו ביישטיין דעם אָנגריף און די באַלאַגערונג.

יעמאָלט האָט די אויסגעדאַוונטע, פרידלעכע, יידישע צפת געציילט 1500 יידן, אַקעגן אַ באַפעלקערונג פון 12 טויזנט אַראַבער. סך־הכל אַ פאַר צענדליק „הגנה״ מענטשן, מיט ליידיקע הענט, זענען געשטאַנען אַקעגן אַ גוט באַוואָפנטער אַראַבישער האָרדע פון 700 גאָרגל־שניידער, חוץ אַ

צוזאַמענלויף פון נאָך הונדערטער אַראַבישע דאָרפס־לייט און זעלנער פון סוריען און לבנון. די אַראַבער האָבן זיך פּאַרפּעסטיקט אויפן הויכן „מצודה״ באַרג, און אין בנינים, וואָס זענען געלעגן איבערן קאָפּ פון דעם יידישן קוואַרטאַל. פון דאָרטן האָבן זיי באַשאָטן מיט פייער אַלע יידישע גאַסן אַרום.

דער בריטישער גאַרניזאָן, וואָס האָט געדאַרפט פאַרזיכערן דעם צופאַר צו דער יידישער צפת און איר באַשיצן פון די אָנפאַלער, האָט געטאָן דאָס אומגעקערטע. די בריטן האָבן געדעקט און געהאָלפן די אַראַבישע האָרדעס, ביז זייער לעצטער שעה אין דער אַלטער צפת, — דעם 16טן אַפּריל 1948.

די „נאָבעלע״ בריטן האָבן נישט צו וויסן געגעבן באַצייטנס די יידן, ווען זיי פאַרלאָזן די שטאָט, זיי זאָלן זיין גרייט צו פאַרטיידיקונג, קעגן אַ פּלוצימדיקן אַראַבישן אָנגריף. די יידישע שוץ־קרעפטן האָבן זיך דערוווּסט פון דער בריטישער עוואַקואַציע בסך הכל מיט צוואַנציק מינוט פריער, פאַר זייער אָוועקגיין. זיי האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז די בריטן האָבן שוין אויס־געליפערט צו די אַראַבער אַלע וואַך־און שוץ־פּונקטן, בעיקר די מעכטיקע פּאָליציי־פעסטונג אויפן הר כנען, וואָס האָט פון דער הויך באַהערשט די גאַנצע שטאָט. איצט האָבן די יידישע באַשיצער פון צפת געוווּסט, אַז זיי שטייען פּנים אל פּנים מיט איין שונא, אָן פחד באַפאַלן צו ווערן אין רוקן פון אַ צווייטן שונא.

14 מעת לעת האָבן די יידישע שוץ־קרעפטן כסדר אָפּגעהאַלטן אַלע אָנגריפן, ביזן ערשטן מאַי 1948, ווען דער פּלמ״ח איז אַריבער אין אַ קעגן־אָנגריף, צו באַפרייען די באַלאַגערטע יידישע צפת.

ביז יענעם טאָג האָבן די אַראַבער געהאַלטן באַלאַגערט די באַווינטע יידישע שטחים, ווי אין אייזערנע צוואַנגען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן, אָט־אָט אין פאַרקלעמען.

עס האָט זיך דעם שונא נישט געחלומט, אַז פון צווישן זיינע צוואַנגען, קוועלט אָן אַ יידישער כח, מיט אַ שטאָלענעם ווילן צו ביישטיין די מערכה. עס איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה — נצחון, אָדער אומקום.

די יונגע קאָמאַנדירן פון פּלמ״ח האָבן געוואָלט אָפּלענקען די אויפמערק־זאַמקייט פון שונא, פונעם באַלאַגערטן שטח, האָבן זיי אַרויסגעשיקט אַ פּאָר פאָרמאַציעס קיין ביריה און עין זיתון, פון וואַנען זיי האָבן געעפנט אַ פייער

אין רוקן פון די אַנגרייפער, און גלייכצייטיק אָפּגעשניטן די וועגן, וואָס דינען דעם שונא צו ברענגען פאַרשטאַרקונג. ערשט דעם 6טן מאַי, זענען אַלע באַלאַגערטע יידישע קרעפטן פון צפת אַריבער אין אַ פראָנטאַלן גענעראַל־אָנגריף, און צום ערשטן מאָל, אויף יענעם פראָנט אָפּשניט, געברויכט די „דווידקעס".

עס איז געווען אַ פאַרנעפּלטער ווינטיקער טאָג. די לופט איז פול געווען מיט פייער. די יידישע שליידערס (מרגמות) און די אַראַבישע האַרמאַטן האָבן געדונערט, אַז די ערד האָט געציטערט. בעת די „דווידקעס" זענען אַרויס מיט זייער פייער־לשון, איז אויסגעבראָכן אַ בהלה אין דעם אַראַבישן שטח. די גראַנאַטן פון די „דווידקעס" האָבן זיך געשניטן אין דער הייך און גע־קייקלט אינעם נעפּל, ווי פייערדיקע שלאַנגען. זייער דונערן און די אויפרייסן, האָבן צוגעגעבן אימה צו דער בהלה פון די אַראַבער.

אַראַבישע פחדנים האָבן פון מויל צו מויל פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די יידן געברויכן „אַטאָם־באָמבעס". דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פּאַניק, און זיי האָבן גענומען מאַסנווייז אַנטלויפן פון שטאָט: — „פחד היהודים נפל עליהם"! די אימה און דער מאַסן־געלאַף האָט באַווירקט זייערע באַוואָפנטע האָרדעס. זיי האָבן גענומען וואַרפן דאָס געווער און מיטלויפן מיט דער ציווילער באַפעלקערונג. אַזוי איז זייער רוקן געבראָכן געוואָרן, ביז צעפאַלונג.

דעם 11טן מאַי האָבן די יידישע שוץ־קרעפטן פאַרנומען אַלע אַראַבישע באַפעסטיקונגען, צוזאַמען מיטן אייזן־בעטאָנענעם געשפּענסט, די פּאָליציי־פעסטונג אויפן הר כנען, ווו אויפן העכסטן טורעם, איז אַרויפגעצויגן געוואָרן די פאָן פון ישראל.

בעת מעשה האָט זיך די זון אַרויסגעקליבן פון אונטער די צעריסענע וואָלקנס. דער נעפּל איז אַוועק מיטן ווינט און מיט די אַראַבער. עס איז ליכטיק געוואָרן אין צפת. דער ווינט האָט געגלעט, געצערטלט און געוויקלט דאָס ווייס־בלויע זיידנס, אַז אַלע זאָלן זען אירע קאָלירן, וואָס האָבן אָנגע־זאָגט די דערלייזונג פון די פאַרליטענע, צעבלוטיקטע יידן פון צפת, און פונעם גאַנצן אַרום.

דאָ און דאָרטן האָבן נאָך געהילכט שאָסן. ביסלעכווייז איז שטיל געוואָרן

אין צפת, ווי יום כיפּור צווישן מנחה און נעילה. די שטאָט איז נשתומם געוואָרן, נישט געקענט גלויבן, אַז מען שיסט נישט מער, אַז גראַנאַטן רייסן מער נישט אויף, און אַז מען קען שוין דורכגיין אַ גאַס, אָן שרעק פאַרן טויט.

גיך זענען פול געוואָרן די גאַסן מיט יידן, אַלט און יונג, צווישן זיי מידע פּלמ״חניקעס, נישט קיין ראַזירטע, נישט קיין געוואַשענע, פאַרשוואַרצטע, מיט רויטע, ניט קיין אויסגעשלאָפענע אויגן, מיט זאַקן־מיצלעך און קעפּיעס אויף די קעפּ, מיט קוילן בענדער איבער די לענדן, באַהאָנגען מיט האַנט־גראַנאַטן, מיט ביקסן, מיט סטענגען און זייטן־רענצלעך. מען האָט זיך צונויפּ־געמישט מיטן עולם, זיך ארומגענומען, זיך געבענטשט און געווונטשן שלום און גליק. וליהודים היתה אורה ושמחה, מחוץ פאַר יענע, וואָס זענען געזעסן און באַווינט זייערע געפאַלענע מענער, זייערע זין, טעכטער, ברידער און קרובים.

דערווײַלע האָט חברה־קדישא זיך געלאָזט צום באַפרייטן בית הקברות, צו טאָן זייער רעכט די געפאַלענע און אומגעקומענע אין די לעצטע טעג, ברענגען צו קבר ישראל יענע, וואָס האָבן מיט זייערע לעבנס באַצאָלט פאַרן לאַנד ישראל.

מער געוואַגטע האָבן זיך געלאָזט אָנקוקן די פאַרלאָזטע, וויסטע אַראַ־בישע גאַסן, ווו עס האָבן געשפּרייזט פּלמ״ח־פּאַטרולן. עס איז געווען משונה־דיק, — נישט צו גלייבן, — אַז אָט די גאַסן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט גערוט, און חדשים לאַנג געהאַלטן די יידן אונטער פייער, — ליגן טויטע, אויסגערויכערטע, ליידיקע. די לעצטע וואָכן פאַר דער באַפרייונג, האָט קיינער נישט גערוט אין צפת. אַלע, יונג און אַלט, קינד און קייט, זענען געווען איינ־געשפּאַנט אינעם שלאַכט־וואָגן, זיך פאַרנומען מיטן „מאמץ מלחמתי״, וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן, באַלד ווי די רעגירונג פון ישראל האָט גענומען די מאַכט אין אירע הענט. די פּלמ״חניקעס זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען אין פייער־פראָנט. די „הגנה״ פון צפת, וואָס איז נישט געווען אַזוי געניט אין די פאַרשידענע מלחמה כלים, האָט אויך געטאָן דאָס איריקע מיט מסירת נפש. זי האָט אָפּערירט מיט דאָס ביסל לייכט געווער אויפן פראָנט, אויף שמירה און מיטן באַדינען די פייער־פּאָזיציעס. די „הגנה״־פאָרמאַציעס האָבן אויך צוגעטראָגן זייער חלק צום פאַרגאָסענעם יונגן בלוט.

סתם יידן, אַלט און יונג, בחורים און מיידלעך, האָבן געאַרבעט טאָג ווי נאַכט, צו העלפן די שוואַכע, קראַנקע און פאַרוווּנדעטע. די אויסגעדאַווּנטע יידן ווידער, האָבן געקערט וועלטן. זיי האָבן נישט צו רו געלאָזט דעם רבונו של עולם, דעם אל צבאות, וואָס איז אויך אַן אל רחמים, זיי האָבן געריסן הימלען. זיי האָבן אַלע טאָג געזאָגט תחנון, געפאַסט, נישט אויסגעלאָזן אַ פרייע רגע בין תפילה לתפילה, צו זאָגן תהילים און מעמדות. דער רבונו של עולם מוז און וועט העלפן. ער וועט חלילה נישט לאָזן אומברענגען די קהילה־קדושה פון דער הייליקער צפת.

יענע טעג האָט זיך פראַדל נישט שטאַרק געערגערט פון ר׳ זרחלס פאַסטן. אמת, די נשמה איז איר אויסגעגאַנגען פון צער און זאָרג, צוזעענדיק ווי דער פאָטער פון אירע טעכטער, איר פרומער מאַן, דאַרט און קוואַרט, ווי עס איז פון אים געוואָרן אַ בינטל הויט מיט ביינער, מיט צוויי טיפע, פאַרחלומטע, גלאַנציקע אויגן, וואָס הערן נישט אויף צו קוקן אין דער הויך, צום הימל. דעמאָלט האָט פראַדל אויך גענומען פאַסטן, פשוט, ס׳איז נישט געווען וואָס צום עסן. פון דאָס שטיקל אויסגעטיילט ברויט מיט די פאָר זיתים און פיצל געזאַלצן קעז, פלעגט זי זיך נישט פאַרגינען צו געניסן איר פולן חלק, עס זאָל חלילה גאָרנישט געמינערט ווערן פון די טעכטער, און עפּעס זאָל בלייבן פאַר ר׳ זרחלען. זי האָט נישט געוווּסט, אַז ר׳ זרחל פלעגט זיך נישט פאַרגינען אַליין צו פאַרצערן פראַדלס גאָב. ער פלעגט זיך טיילן מיט זיין נעבעכדיקן חלק, מיט די יידן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים נישט אויפגעהערט צו זאָגן תהילים און רייסן די שערי שמים, אַז הקדוש ברוך הוא זאָל באַהיטן און באַשירמען די טייערע יידישע זין און טעכטער, וואָס שטייען אין פייער אויף קידוש השם, אַז ער זאָל באַהיטן און באַשיצן אַלע יידן, אומעטום, ווו זיי זענען.

ר׳ זרחל האָט געהאַט זייער וויניק צייט אַריינצושמעקן אין דער היים. ער האָט זיך נישט פאַרגונען איבערצורייסן די תפילות און תחנונים, צו פאַרלאָזן אויף אַ רגע דעם מקום קדוש, ביז, ביז ס׳האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אַוועק פון זיין שטענדיקער שול און זיך אַריבערטראָגן אין אַ צווייטן מקום קדוש, מחמת סכנות נפשות. דאָס איז געווען די לעצטע טעג פון דער באַלאַגערונג, ווען דער גאַנצער דרויסן האָט געפייערט, חרדת

אלוהים! אָט פלעגט זיך דאָס דונערן דערווייטערן און באַלד צוריק דער־נענטערן. די ווענט האָבן געציטערט. די הענג לייכטער האָבן זיך געוויגט. די שויבן האָבן געפּלאַצט און געשפּריצט מיט שטיקער גלאָז. בעת דורך די צעבראָכענע שויבן האָבן זיך גענומען שיטן קוילן פון אַ קעגנדיקן אַראַבישן בנין, האָבן זיך אין שול אַריינגעלאָזט בחורים, מיט אַזאַ רערן־מאַשינעריע און מיט ביקסן. זיי האָבן באַלד אָנגעוואָרפן אַ קופּע פון טישן, בענק און סטענדערס, ביז צו די הויכע פענצטער. זיי האָבן מיטגעבראַכט זעקלעך זאַמד, שטיינער, מיט וואָס זיי האָבן פאַרשטעלט יענע פענצטער, וואָס קוקן אַרויס צו דער אַראַבישער זייט. זיי האָבן נאָר געלאָזן לעכער פאַר דער רערן־מאַשי־נעריע און פאַר די ביקסן.

איינער פון די בחורים, ווייזט אויס אַ קאָמאַנדיר, מיט אַ שפּאַקטיוו אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז, מיט אַ ביקסל פאַרשטעקט אין גאַרטל, האָט באַפוילן ר׳ זרחלען מיט די איבעריקע פאַר יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שול: — „להשתטח על הריצפה״ — זיך לייגן אויפן דיל און פאַרשטעלן מיט די הענט די אויערן, ווייל באַלד וועט דאָ דונערן...

— „יידן, אַל פחד״, האָט ער אויסגעשריען, — „זאָלן די יידן ליגן אין דער שטיל און זיך נישט שרעקן. מיר׳ן באַלד מכבד זיין די שונאי ישראל מיט הייסן בליי און מיט פייערדיקע אתרוגים. זיכער וואָלט געווען גלייכער, איר זאָלט זיך אָפּטראָגן פון דאַנען״, האָט דער קאָמאַנדיר געזאָגט, — „אָבער איצט איז סכנות נפשות, מ׳קען נישט אַרויס החוצה (אין דרויסן), אַז עס וועט ווערן שטילער, — בבקשה, גייט אייך געזונטערהייט, צאתכם לשלום״.

וואָכן און חדשים שפּעטער, פלעגט ר׳ זרחלען באַפאַלן אַן אימה, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען יענעם טאָג אין שול. „די מאַשינעריע״, פלעגט ר׳ זרחל דערציילן, בין מנחה למעריב, אין שול, — „יאָ, די רערן־מאַשינעריע איז געווען אַן אַרעמאַט, וואָס האָט געדונערט און געשליידערט באָמבעס, די שול איז פול געוואָרן מיט רויך, דערשטיקט צו ווערן. דער טינק האָט זיך געשאָטן פון די ווענט. די קולות וברקים האָבן געקענט אויפוועקן טויטע. מיר זענען געלעגן אונטערן טיש און מיט די הענט פאַרשטעלט די אויערן. מיר׳ן געזאָגט ווידוי און איינגעחזרט אין דער שטיל: — בידך אפקיד רוחי. די ערד אונטער אונדז האָט געציטערט. מיר׳ן אַ רגע נישט אויפגעהערט צו זאָגן תהילים און

בעטן רחמים, ביז אונדזערע תפילות זענען אָנגענומען געוואָרן. מיר זענען געווען באַטויבט. דער קאָמאַנדיר, מיט דער שפּאַקטיוו, איז אַראָפּ פון דער קופּע. ער האָט נישט אויסגעזען ווי אַ ילוד אשה. זיינע אויגן זענען געווען צוויי שטיקער פייער, און אינגאַנצן איז ער געווען שוואַרץ פון רויך און שטויב. נאָך אים זענען אַראָפּ זיינע בחורים, וואָס האָבן מיט געלעכטער אונדז אַרויסגעשלעפּט פאַר די פיס פון אונטערן טיש. מיר זענען געווען געליימט, האַלב טויט. ס׳האָט אונדז געהאַקט אַ צאָן אָן אַ צאָן, ביז, ביז איינער אַזאַ בחורעץ האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ פליאַשקע און געהייסן יעדערן פון אונדז אַ זופּ טאָן, נאָר איין שלוק. — „ס׳איז מים חיים״, — ט׳ער געזאָגט. „כ׳האָב געמאַכט „שהכל״ און אַ זופּ געטאָן, — אַ געזינט אין זייערע ביינער! ס׳איז געווען די אמתע „מים חיים״, פייערדיק שפּירט... מיר׳ן זיך פאַרהוסט, נישט צו קענען כאַפּן דעם אָטעם. די חברה זענען געשטאַנען אַרום אונדז און האָבן געלאַכט. דער קאָמאַנדיר האָט יעדערן פון אונדז געקלאַפּט אין די פּלייצעס און געזאָגט: — „איר זענט חברה לייט, מיר האָבן געשאָסן מיט בליי, איר — מיט תפילות. ווי איר זעט האָט עס געהאָלפן. איר זענט ווערט מעדאַלן״ — — — ס׳האָט אונדז הנאה געטאָן. ואני הקטן האָב געענטפערט, אַזוי צו זאָגן: — יונגער בוים! אַ געזינט אין דיינע ביינער, ס׳איז אַלץ גוט, אלא דאָ איז אַ מקום קדוש, טו אָן דיין היטל, שטיי נישט בגלוי ראש.״ — — — האָט ער מיט זיינע בחורים זיך אַזוי צעלאַכט, אַז טרערן זענען אים אַרויס פון די אויגן.

— „וואָס איז דער געלעכטער״?

זאָגט ער צו מיר: — „אדוני ר׳ גבאי, איר אַליין שטייט אויך בגלוי ראש״... כאַפּ איך זיך פאַרן קאָפּ, וויי, וויי צו מיינע יאָרן! אינעם האַרמידער, אונטערן טיש, האָב איך נישט געפילט, ווי מיין כסות ראש איז אַראָפּגעפאַלן, צוזאַמען מיט דער יאַרמעלקע. איך האָב פאַרשטעלט מיט די הענט דעם נאַקעטן קאָפּ און געזאָגט: — „ביזט גערעכט, יונגער בוים! איך וועל פאַסטן אַ גאַנצן מעת לעת. וויי, וויי איז מיר! בגלוי ראש אין אַ מקום קדוש״! מיר זיינען צו זיך געקומען, און איידער וואָס ווען, זיך געשטעלט דאַוונען מנחה, דערווייל זענען די בחורים נישט מיד געוואָרן, אַ געזינט אין זייערע ביינער״.

אין יענע טעג האָט שייעלע אַלמן אין גאַנצן פאַרגעסן זיין שטוב. ער האָט

נישט פאַרלאָזן די בעקעריי, אַחוץ קליינע הפסקות, ווען ער פלעגט צווישן אייִן אויוון און צווייטן, נאָכן כאַפּן אַ דרעמל, זיך אַרויסלאָזן אין דרויסן, העלפן אָפּלאָדן זעק מעל. דער גוטער יאָר ווייסט, פון וואַנען מען האָט גע־בראַכט די מעל און ווי אַזוי מען האָט עס געבראַכט אונטערן אַנסופיקן האָגל פון קוילן און באָמבעס. ערשט שפּעטער האָט זיך שייעלע דערוווּסט, אַז די „הגנה״ האָט געזאָרגט פאַר ברויט און אַז מעל איז געווען בשפע אין די פאַרוואָרלאָזטע מאַגאַזינען פון די אַראַבישע בעקערייען.

אין פיבער פון דער אַרבעט, איז שייעלען נישט אויסגעקומען אַ סך צו טראַכטן פון זיין טאָכטער און אייניקל, וואָס האָבן זיך געפונען ביי די מחו־תנים אין חיפה. ס׳איז אים די נשמה אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט, נאָך איר און נאָכן אייניקל. שייעלע האָט פאַרלוירן זיין אויסזען, צוזאַמען מיט זיין רו, באַזונדערס ווען קיין פּאָסט איז אויך נישט געווען. זיין שטוב איז געוואָרן וויסט און ליידיק. עס איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען. ער פלעגט נישט צוראָמען די דירה און געגעסן אַ גאַנצע וואָך טרוקנס, אַחוץ שבת, ווען ר׳ זרחל פלעגט זיך ביי אים איינבעטן צו קומען צו אים אויף קידוש. ווען מען האָט נאָך געקענט, פלעגט ער אין אַזעלכע פאַלן, מיטנעמען זיין ברויט און חלה און איבערגעלאָזן אין ר׳ זרחלס אויסגעהונגערטער היים. אין אַ בעקעריי פעלט קיין מאָל נישט ס׳ביסן ברויט. ר׳ זרחל פלעגט אים טרייסטן און טענהן:

— „בטחון. מיר׳ן דאָס אויך איבערקומען. בטחון״!

בעת ר׳ זרחל פלעגט שמועסן מיט שייעלען, ביים מאָגערן שבתדיקן טיש, פלעגט פראַדל טראַכטן: — ווען אַזאַ שייעלע, אַזאַ גוטע נשמה, וואָלט געווען ייִנגער, וואָלט ער געווען אַ גאָלדענער שידוך פאַר איר עלטערער טאָכטער.

נישט איין מאָל פלעגט שייעלען פאַרבעטן צו זיך אויף וואָרעמס, חילקע, זיין ברויט־געבער, נאָר שייעלע פלעגט נישט גיין. אמת, ס׳פלעגט זיך מאַכן, אַז חילקעס ווייב פלעגט אים ברענגען אַ טעלער געקעכטס, נאָר אין די אימה טעג איז איר שייעלע נישט געלעגן אין זינען. זי האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר איר משפחה. זי האָט געהאַט גענוג אייגענע דאגות און שרעק.

נאָך אַלעמען איז שייעלע געווען צופרידן, אַז אין די אימה־טעג פון צפת געפינט זיך זיין טאָכטער און אייניקל אין אַ מער זיכערן אָרט. חיפה

איז נישט צפת. ביי אַזעלכע מחשבות פלעגט אים ווערן לייכט ס׳גערמיט. מרימל מיטן קינד זענען זיכער. ר׳ זרחל איז גערעכט, בעת ער מאָנט פון אַלעמען „בטחון און בטחון״. איז שייעלע פול געווען מיט בטחון, און זיך געוואָרפן אויף דער אַרבעט מיט מער פלייס און אימפעט. ער איז געווען צופרידן, אין אַזעלכע נסיון טעג, צו שטיין ביים אויוון טעג און נעכט, אַריין און אַרויסוואַרפן די לאָפּעטעס ברויט. ער האָט נישט געוווּסט פון מידקייט. פאַר זיינע אויגן זענען געשטאַנען די בחורים, וואָס ער געדענקט פון ביריה. די בחורים זענען זיך מחיה, זיי קוויקן זיך מיט זיין פריש געבאַקן, שמעקעדיקן ברויט, וואָס גיט זיי כח. כח איז בטחון. ס׳ברויט וואָס ער באַקט, גיט אויך צו כח מיט בטחון די פאַרליטענע יידן פון צפת. זיין ברויט גיט אויך כח אַזעלכע יידישע קינדער, ווי זיין טאָכטער מרימל, וואָס איז אַ מוטער און אַ יונגע אלמנה. מרימל איז ביי אים געווען און געבליבן אַ קינד...

נישט איין מאָל האָבן זיך געטרייסלט די ווענט פון דער בעקעריי, פון די אויפרייסן, נאָר שייעלען איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען. ער איז געווען פאַרטאָן מיטן אויוון, ווו ס׳איז געלעגן אַ שטיק גורל פון צפת, ווו ס׳האָט זיך געבאַקן דאָס ברויט פאַרן פראָנט. — „ברויט איז לעבן, ברויט איז כח״. און אַז מרימל מיטן קינד זענען זיכער מיטן לעבן, איז ער רויק. ס׳ווערט פריילעכער, פאַרציט ער אַ ניגון פון אַ תפילה, ער ווישט דאָס פאַרשוויצט פּנים מיטן שמוציקן פאַרטעך, און וואַרפט לאָפּעטעס געקנעטן טייג אין אויוון אַריין, נאָכער אַרויסצונעמען הייסע ברויטן, וואָס ער באַשפּריצט מיט וואַסער. דער ריח פונעם פרישן ברויט טראָגט זיך אַרויס אין דרויסן, דרינגט אַריין אין די נאָענטע הייזער און גאַסן אַרום און ברענגט אַרויס די סלינע פון די מיילער, פון די הונגעריקע, באַלאַגערטע יידן.

— „אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס דער אויוון קען נישט געבן מער ברויט, פאַר מער מענטשן. אַ שאָד, אַ שאָד״, — פלעגט שייעלע טראַכטן אין זיינע פרייע מינוטן. ער פלעגט טראַכטן, ביז די מידקייט פלעגט אים באַהערשן און ער פלעגט איינדרעמלען אויף אַ בערגל זעק, אָנגעלעהנט אָן וואַנט.

אַז מען לעבט, דערלעבט מען אַלץ.

די מלחמה איז אויסגעלאָשן אין צפת.

צוויי וואָכן שפּעטער זענען אַלע וועגן אין גליל געווען אָפן און פריי,

פֿאַרזיכערט פֿון יעדן אַנפֿאַל. מרים מיט יאָסעלען האָבן זיך צוריקגעקערט צום אַבאַ און סבאַ קיין צפֿת. שייעלע האָט אויפֿגעלעבט. אין זיין פֿאַרוואָר־לאָזטער היים, איז צוריק געוואָרן ליכטיק, פֿול מיט לעבן.

ר׳ זרחל האָט ווייטער געפֿאַסט, לכל הפּחות יעדן מאָנטיק און דאָנער־שטיק, געזאָגט תחנון און געדאַנקט זיין ליכטיקן נאָמען פֿאַר אַלע ניסים ונפֿלאות, וואָס זענען פֿאַרלאָפֿן אין זיין געבורטס שטאָט צפֿת.

ר׳ זרחל האָט געטאָן אַ נדר, קיין מאָל נישט צו פֿאַרלאָזן די הייליקע שטאָט.

## 4. חוני המעגל

עס פֿלעגט זיך מאַכן, אַז די קלויזניקעס פֿון ר׳ זרחל דעם פּאַסטערס סביבה פֿלעגן, צווישן מנחה און מעריב, זיך צונויפֿדריקן נאָענט איינער צום צווייטן און אַריינכאַפּן אַ שמועס, זיך דערציילט מעשיות פֿון אַן ערד ציטער־ניש, וואָס האָט אַ מאָל חרוב געמאַכט צפֿת און צוויי טויזנט מאחינו בני ישראל זענען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט, וועגן דרוזישע ימח־שמוני־קעס, וואָס זענען באַפֿאַלן די שטאָט און אויסגעהרגעט אַ סך יידן, וועגן דער גדולה, די ניסים ונפֿלאות פֿונעם צדיק ר׳ יצחק לוריאַ, דער ארי הקדוש, און וועגן ר׳ משה קאָרדאָריבאַ, דער רמ״ק, וואָס האָט מחבר געווען דעם „פּרדס רימונים״, ווו ס׳רעדט זיך וועגן די סודות פֿון בריאה, יצירה און עשייה. דער ארי הקדוש, זצ״ל, האָט געוווּסט פֿונעם גלגול, נאָר ער האָט נים געוואָלט אַלץ פֿאַרשרייבן, האָט עס געטאָן זיין תלמיד, ר׳ חיים וויטאַל, אין זיין ספֿר „עץ חיים״, בעיקר, ווי אַזוי עס איז באַשאַפֿן געוואָרן די גשמיותדיקע וועלט פֿון דער גייסטיקער געטלעכקייט, ווי אַזוי ס׳האָט זיך מצטמצם געווען די אין־סופֿיקייט, ווו עס איז באַשאַפֿן געוואָרן די גשמיותדיקע וועלט. זיי האָבן געשמועסט וועגן שבירה און תיקון, וועגן די ליכט, וואָס מישט זיך אויס מיטן חושך און וועגן די „ניצוצות״, די געטלעכע פֿונקען, וואָס האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אויף דער גשמיותדיקער וועלט. דער בן אדם האָט אַ פֿאַרגעב צו מאַכן אַ „תיקון״ אין דער שבירה, דורך אַרויסקלייבן די פֿונקען ליכט פֿונעם חושך אַרויס, פֿון דער טומאה און צום סוף ברענגען די גאולה צוזאַמען מיט משיח צדקינו.

„איז ווי מאַכט מען דעם תיקון״? — האָט ר׳ זרחל דער פּאַסטער גע־פרעגט דעם אַלטן פּרוש ר׳ איסרל.

— „פּשוט״, האָט ר׳ איסרל געענטפערט: — „דורך כונה, תורה, און תשובה״. דאָ, אין דער פאַרנאַכטיקער דעמערונג, ווען די זון האָט זיך געלאָזט פון יענער זייט בערג צום ים אַראָפּ, האָט מען אויף די ווענט פון בית מדרש געזען, ווי אַזוי דער שאָטן, די פינצטערניש ראַנגלט זיך מיט דער ליכט, און משונהדיקע דמויות טאַנצן אויף די ווענט. די שויבן פלעגן זיך אָנצינדן, אויסצומישן די ליכט מיט דער פינצטערניש אין אַ פייערדיקער רויטקייט. אַ פּחד פלעגט באַפאַלן די מענטשן. אָבער דער אויבער־שמש האָט געוווּסט ווען אַ פּאַטש צו טאָן אין עמוד, און אויסרופן: — „והוא רחום יכפר עוון — דער דערבאַרעמדיקער וועט פאַרגעבן די זינד, ולא ישחית — ער וועט גאָר־נישט פאַרדאַרבן״. ר׳ זרחל פלעגט ממשיך זיין מיט שמחה און כונה, צו־פּאַטשנדיק מיט זיינע מאָגערע הענטלעך, בעת דער שמש האָט אָנגעצונדן די לאָמפּן מיט די יאָרצייט־ליכט און דער חלל פון בית מדרש האָט זיך אָנגע־פילט מיט ליכט און וואַרעמקייט, אַזוי, אַז קלויזניקעס פלעגן נישט וועלן גיין אין זייערע אומעטיקע היימען, שוין אָפּגערעדט פון ר׳ זרחלען, וואָס פלעגט שטענדיק בלייבן דער לעצטער, און זיין אשה, פראַדל, פלעגט נישט איין מאָל קומען אין פּאָליש, אַריינצושרייען אין דער אָפענער טיר: — „זרחל, אומגליק מיינער, ני״?

אַ מאָל פלעגט זיך מאַכן אַ יאָרצייט. עס פלעגט זיך באַווייזן אַ פלעשל משקה. דעם בעל היאָרצייטס אשה, פלעגט ברענגען אַ פולע טאַץ מיט אָנ־געשניטענע ריפּטלעך ברויט, באַלייגטע מיט פענעצלעך הערינג. ביז דער שמש פלעגט מיט אַ פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע אויסווישן די גלעזלעך, צעשטעלן זיי אויפן טיש און אַריינברענגען פון פּאָליש דעם כיבוד, פלעגט מען אַריינ־כאַפּן אַ קאַפּיטל תהילים.

ר׳ איסרל, דער פּרוש, פלעגט זאָגן, אַז נהנה זיין פון אַ גלעזל משקה, פאַר דער עלית־נשמה פון אַ ניפטר, איז אַ מצוה. אויב אַ מצוה, איז ר׳ זרחל דער ערשטער, וואָס מאַכט „שהכול״. ער גיט אַ זופּ פון דער פייערדיקער משקה און מאַכט באַלד „המוציא״ אויף אַ פּעניץ ברויט מיט הערינג. ס׳איז אַ שטיק עולם הזה. אַלע טוען אים נאָך און מען פאַרציט אַ זמר, ביז ר׳ איסרל

פּרוש גיט אַ קלאַפּ אין טיש: — „בני יידן, מים אחרונים און בענטשן ברכת המזון: — ואכלת, ושבעת, וברכת, צ׳ט געגעסן, געטרינקען, צ׳ט זאַט גע־וואָרן, — בענטשט״!

דאָ איז ר׳ זרחל ווידער געוועזן פון די ערשטע, וואָס פלעגט זיך צעזינגען און צעזאָגן מיט דביקות, נישט ווי ער וואָלט פאַרצערט אַ פּענעץ ברויט מיט אַ פּיצל הערינג און אַ לעק געטאָן פון דער משקה, נאָר ווי ער וואָלט דאָ אויפגעגעסן אַ האַלבן לויתן, מיט אַ פיינעם חלק פון שור־הבר און פאַרזופּט פון יין המשומר.

וואָס האָט דאָ ר׳ זרחל אַלץ נישט אויסגערעכנט, פאַר וואָס צו דאַנקען הקדוש ברוך הוא?!

— „על הגפן, ועל פרי הגפן, — פאַרן ווײַנשטאָק און פאַרן ווייך, על העץ, ועל פרי העץ — פאַרן בוים און זיין פרוכט, על המחיה ועל הכלכלה, — פאַרן לעבן און פאַר דער באַשפייזונג, על תנובת השדה — פאַרן גאָב פון פעלד, פאַרן טייערן, ברייטן, גוטן לאַנד, וואָס דו האָסט באַשענקט אונדזערע אָבות, לאכול מפריה ולשבוע מטובה, — צו עסן פון איר פרוכט, און זיך זעטיקן מיט איר גוטס — — — ונברכך עליה בקדושה ובטהרה, — לאָמיר דיר, טאַטע פאָטער, דערפאַר בענטשן פון גאַנצן האַרצן״...

ס׳איז שוין געוועזן דאָס זעקסטע יאָר נאָכן באַפרייונגס־קריג, און ר׳ זרחלס בית־מדרש האָט זיך מיט גאָרנישט געענדערט, אַחוץ מיט די בערד און בערדלעך פון די קלויזניקעס, וואָס האָבן פאַרלוירן די פריערדיקע קאָ־לירן. שוואַרצע, רויטע און בלאָנדע בערד, האָבן באַקומען די פאַרב פון פעפער געמישט מיט זאַלץ. ר׳ זרחל איז געוואָרן ווייס ווי אַ טויב. דאָס שיטער בערדל זיינס האָט האַרמאָנירט מיט זיין ווייסן פּנים, און שאַרף בולט געמאַכט דעם גלאַנץ פון זיינע אויגן, וואָס זענען אַריין טיפער אונטער די ברעמען.

יענעם אָוונט איז ר׳ זרחל בכבודו געוועזן אַ מחותן צו אַן עליית־נשמה־צובייס, נאָך מעריב, אין בית מדרש. עס איז אויסגעפאַלן דער יאָרצייט נאָכן פאָטער פון זיין אַלטן ידיד, שייעלע דער בעקער.

פאַר דער צייט איז שייעלע אויך גרוי געוואָרן, נאָך דעם ווי זיין טאָכטער מרים האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט מיט אַ פּקיד פון אַ באַנק אין עכו, און זי, מיטן קינד, האָבן זיך אַריבערגעקליבן צו אים. דאָס קינד איז געוועזן

אַ געראָטענער, אַ תלמיד אין אַן אָרטיקן בית ספר. ער האָט שוין געלייענט לשון־קודש ווי אַ וואַסער און געקענט חשבון, נישט ווייניקער פון אַ צפתער מלמד. עס איז געווען אַ פרייד און אַ נחת, וואָס איז מיט אַ מאָל אויסגערונען און פאַרשווונדן פון זיין שטוב. שייעלעס היים איז ווידער ליידיק געוואָרן. כאָטש עכו איז נישט ווייט פון צפת און מרים מיטן זון פלעגן זיך אַ מאָל אַראָפּכאַפּן צו אים, און ער צו זיי, האָט ער דאָך שווער אַריבערגעטראָגן די בענקשאַפט און די ווידער ליידיק געוואָרענע היים.

דער אָוונט איז געווען ווי אַלע אָוונטן. די קלויזניקעס אין בית מדרש זענען געזעסן אַרום טיש, שוין אָן ר׳ איסרל דעם פרוש, וואָס האָט אויסגעהויכט זיין נשמה און איר צוריקגעגעבן זיין קונה אין הימל. איצט, צווישן מנחה און מעריב, פלעגט דעם שמועס פאַרפעדימען אַן אַנדער ייד, נישט קיין פרוש, אָבער אַ גוטער ייד, אַ למדן, אַ דרדקי מלמד. דאָס מאָל האָט מען געשמועסט וועגן נוטריקנס, גימטריאות און צירופים, וועגן „שבירת הכלים״, וועגן „קליפות״ און געפערלעכע ניסיונות מיטן „כח הרע״, ביז מען איז געקומען צו דער מעשה שבתי צבי.

— „שבתי צבי האָט געמיינט, אַז די נשמה פון משיחן געפינט זיך איין געפאַנגענשאַפט ביי די קליפות, ווי אַ רויז צווישן דאָרנס, אַז דאָס משיחישע ליכט איז אויסגעלאָשן, מחמת דער טומאה פון די קליפות. שבתי צבי איז צעבראָכן געוואָרן, אַראָפּ פונעם דרך הישר, געלעסטערט די תורה מיט דער אמונה, נאָך דעם, ווי ער אַליין איז נכשל געוואָרן און מכשיל געווען אַנדערע,ביים פּרובירן אַרויסנעמען די הייליקע פונקען פון דער טומאה אַרויס״, האָט געטענהט דער דרדקי מלמד.

בעת דער מלמד האָט פאַרענדיקט זיינע רייד וועגן שבתי צבי, האָט פון אַ ווינקל אַרויס אַ ברום געטאָן אַ ייד, אַן אורח, וואָס האָט געמוזט נעכטיקן אין צפת. די גאַנצע צייט איז ער געזעסן און געשוויגן, ווי דער שמועס וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ווי ער וואָלט דאָ קיינעם נישט געזען, און קיינעם נישט געהערט. דער ייד האָט געטראָגן אַ לאַנגן מאַנטל און אַן אַלט אויסגעקראָכענעם שטריימל מיט סמנים פון אויסגעפליקטע עקלעך. אַ פּנים האָט ער געהאַט פון כולו באָרד, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעגליט צוויי אויגן, אונטער געדיכטע ברעמען, ווי דעכלעך.

— „מ־מ־מ ניסיונות, שמיסיונעס״, האָט ער געברומט. — „ט׳צט גע־הערט פון אַ דילה־רינה, וואָס האָט נאָך כלערליי ניסיונות זיך געלאָזט פאַנגען דעם נישט־גוטן, דעם סאַמעך־מעם אַליין, ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז מיטן פאַרשפּאַרן דעם סאַמעך־מעם איז ער מקרב דעם קץ, אלא צום סוף האָט זיך דער סאַמעך־מעם מתגבר געווען, אַנטלאָפן און״ — — —

דער עולם איז געזעסן געשפּאַנט, פאַרגאַפט, צוגעשפּיצט צו די מעשׂיות פון דעם מלמד, וועלכע זיינען, אין תוך גענומען, נישט געווען פרעמד, נאָר דער ייד האָט איבערגעהאַקט זיינע רייד. ער איז געווען אַסטמאַטיש. אים איז שווער געווען צו רעדן אָן איבעררייס. האָט ער זיך אויסגעהוסט, און אָנגעהויבן אַ נייע מעשׂה אַזוי צו דערציילן:

...„אין יאָר רפ״ד (1524) האָט זיך באַוויזן אין דער שטאָט ווענעדיק, אשר באיטליה, אַ שיינער מאַן, אַ הדרת פּנים, וואָס האָט זיך פּירגעשטעלט ווי דער פּרינץ דוד הראובני, אַ ברודער פון אַ יידישן מלך יוסף, וואָס האָט געקיניגט אין אַ יידישער מלוכה אין ווייטע פאַרוואָרפענע מדבריות פון די ישמעאלים, ערגעץ פון יענער זייט סמבטיון. דער פּרינץ, דוד הראובני, האָט געפונען אַ סך אָנזען צווישן יידן און נישט יידן, ביז ער האָט אָנגעשפּאַרט צום פּויפּסט אין רוים.

דער פּויפּסט האָט אים אויפגענומען בכבוד מלכים, און אויסגעהערט זיין משונהדיקן פאַרלאַנג, צו קריגן כלי זיין פאַר די יידישע חיילות פון זיין ברודער, דעם מלך יוסף. ער האָט געטענהט, אַז זיין ברודער וויל העלפן די נוצרים מלחמה האַלטן מיט די טערקן און צוריקנעמען פון זיי ארץ ישראל, ווו זיי האָבן געוועלטיקט.

די פאַרליטענע, געררודפטע יידן פון יענע צייטן, האָבן זיין שליחות אויפגענומען ווי אַ רמז פון אתחלתא דגאולה, ווי דער אָנהויב פון משיחס צייטן. אָבער, כ׳בין נישט אויסן די מעשׂה וועגן יידישן פּרינץ, פון יענער זייט סמבטיון, ווי אַ צווייטע מעשׂה, וואָס האָט אַ שטיקל שייכות צו דער קהלה הקדושה פון צפת, ווו ס׳האָט זיך אַ שטיק צייט אויפגעהאַלטן אַ גר־צדק, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַנוסים אין פּאָרטוגאַל, וואָס האָט זיך, און אַ סך אַנדערע, איינגערעדט אַז ער איז משיח. דער גר־צדק האָט געהייסן שלמה מולכו.

ווייזט אויס, אַז דוד הראובני, וואָס האָט אויסגעאַקערט אַ וועלט, האָט זיך מיט אים געטראָפן אין ליסאַבאָן, אשר במדינת פּאָרטוגאַל, און אים אַזוי באַווירקט, אַז ער איז געקומען צום אויספיר, זיך צו באַקערן צו יידישקייט, צו דת משה וישראל.

שלמה מולכו איז נישט געווען אַבי ווער. ער איז געווען דער שרייבער פון דער פּאָרטוגעזישער קעניגין, און ווי מען דערציילט איז ער אויך געווען אַ פאַרטרויונגס־מאַן פון קעניגליכן בית־משפט אין ליסאַבאָן. זיין ווילן זיך צו באַקערן צו יידישקייט, האָט דערשראָקן דעם יידישן פּרינץ, דוד הראובני, און אַז שלמה מולכו האָט אים געבעטן, ער זאָל אים מל זיין, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. אָבער זיין שטאַרקער ווילן צו ווערן אַ ייד, האָט אים באַוויגן זיך אַליין מל צו זיין — — —

וואָס זאָלן מיר לאַנג ברייען? — מען האָט דוד הראובני פאַרטריבן פון יענע מקומות און ער איז געקומען קיין איטאַליען, ווו ער האָט זיך ווידער באַגעגנט מיט שלמה מולכו.

יאָ, בעת שלמה מולכו איז געוואָרן אַ ייד, איז ער געקומען קיין צפת לערנען תורה. ער האָט געלערנט, געלערנט און אַוועקגעשווומען אינעם ים פון קבלה, ביז ער האָט גענומען טענהן, אַז מיט נוטריקונס, צירופים און גימטריות, האָט ער זיך דערגרונטעוועט צום סוד הסודות, צום באַשטימטן יאָר, חודש, וואָך, טאָג, אפילו שעה, ווען דער גואל וועט זיך באַווייזן.

אַזוי ווי די וועלט איז יעמאָלט געשטאַנען פאַר מלחמת גוג ומגוג, האָט שלמה מולכו נישט געקענט איינזיצן אין צפת, איז ער אַוועק און זיך געלאָזט אין די שטעגן פון גרויסן יידישן גלות, מיט דער גאולה־בשורה אין מויל. אַ סך יידן האָבן אים געגלויבט. די בשורה פון שלמה מולכו, וואָס איז אָנ־גענומען געוואָרן ווי אַ געטלעכער מאַן, האָט זיך געטראָגן פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, ביז זי האָט דערגרייכט צו די אויערן און הערצער פון די אַנוסים אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. די אַנוסים זענען געווען פאַר־שטעלטע יידן, וואָס האָבן דורך שמד געוואָלט אויסמיידן די שייטערס פון דער אינקוויזיציע. צווישן זיך, האָבן זיי, בסתר, אָפּגעהיט תורת משה מיט אַלע מצוות, אַלע יידישע ימים טובים, שבתים און תעניתים.

זיי פלעגן זיך צונויפטרעפן אין געהיים, מתפלל זיין, און אויסרעדן צווישן

זיך זייערע ביטערע הערצער. אויף איינעם אַזאַ צוזאַמענקום פון אַנוסים, האָט זיך שלמה מולכו דערוווּסט וועגן דוד הראובני, וועגן זיינע געגנג און זיינע שליחות, וואָס האָט אַלעמען אויפגערודערט און פאַרכאַפּט. ביסלעכווייז האָבן די אַנוסים פאַרלוירן זייער רו און געדולט. זיי האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און גענומען זיך קעגנשטעלן די אונטערדריקער. די נוצרים האָבן פון זייער זייט געענטפערט מיט מער רשעות, מיט פאַרשטאַרקן די אינקוויזיציע, מיט פאַרמערן די שייטערס...

הקיצור הדבר, דוד הראובני האָט זיך צוריקגעטראָפן מיט שלמה מולכו אין איטאַליען. זיי האָבן זיך מתקרב געווען, און שלמה מולכו האָט אים אָנ־פאַרטרויט זיינע סודות, פלענער און ניסיונות, ווי מקרב צו זיין די גאולה, ווייל צרות עמך ישראל מרובים, מלחמת גוג ומגוג איז באַענט, מ׳טאָר נישט פאַרשפּעטיקן, מ׳דאַרף צענויפנעמען יידישע חיילות, וואָס זאָלן זיך אויס־לערנען באַגיין מיט כלי זיין. מען מוז גיין צו מלכים ושרים, זיי אָנבאָטן יידישע הילף, צו מנצח זיין דעם טערק.

ווי געזאָגט, האָט זיך שלמה מולכו דערקליבן ביז רוים, ביזן פּויפּסט, פאַר וועמען ער האָט זיך פּירגעשטעלט ווי אַ יידישער גואל, אָבער אַ יידישער רופא, פונעם קעניגליכן הויף אין רוים, האָט אים פאַרמסרט, אַז ער איז אַ משיח־שקר.

דוד הראובני איז אויפגענומען געוואָרן פון קעניג פון רוים. ביידע האָבן געבראַכט זייערע פלענער צו כלערליי שררות. ביידע זענען נכשל געוואָרן, און די געשיכטע האָט זיך פאַרענדיקט ביטער און גאָר קלאָגעדיק — — — די רדיפות אויף אחינו בני ישראל האָבן זיך פאַרשטאַרקט אומעטום אין יענע לענדער. דער סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, מיט אַ מוראדיקן יאוש פון די יידן אין גלות. שלמה מולכו איז אומגעקומען אויף אַ שייטער פון דער אינקווי־זיציע, און דער יידישער פּרינץ דוד הראובני איז פאַרפוילט געוואָרן ערגעץ אין אַ קערקער. אַי־יאַי־יאַי, בעוונותנו הרבים, מאַכט מען ניסיונות, וואָס ענדיקן זיך מיט טויט און בזיונות, אַי־יאַי־יאַי״ — — —

אַ ווײַלע איז געווען טויט־שטיל אין בית מדרש, ביז דער עולם האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי נאָך אַ שלעכטן חלום און גענומען טומלען:

— „געװאלד, געװאלד! אסור, לעשות ניסיונות, אסור״!

ר׳ זרחל פּאַסטעך האָט פאַרשטאָפּט די אויערן. — „מ׳טאָר ניש׳, מ׳דאַרף ביש׳ הערן יענע טריפהנע נעמען, ס׳איז אַ זינד! הלמאי דערמאָנען אין אַ מקום קדוש ימח־שמוניקעס, פאַלשע משיחים, וואָס לויפן צו גויים זוכן גואלים און גאולה? הלמאי דערמאָנען חוטאים ומחטאים את הרבים? גענוג, גענוג מיט די נישט־גוטע, אסור, אסור״!

שייעלע איז געזעסן לעבן ר׳ זרחלען. אים איז געווען שווער צו באַנע־מען דעם תוכן פון שמועס. ער איז געווען זייער מיד, נאָכן פאַרברענגען צען שעה ביי דער דייזשע טויג און פלאַמיקן אויוון און ער האָט איינגע־דרעמלט. דאָ, אין בית מדרש, האָבן אים די פלאַמען דערמאָנט דעם גהינום, איז גלייכער ניט צו הערן אַזעלכע רייד. בעסער אַ דרימל טאָן...

ערשט נאָך דעם ווי פון עמוד האָט זיך דערהערט דער „ברכו״ פון מעריב, בעת אַלע האָבן זיך אַ הויב געטאָן ענטפערן „ברוך המבורך״, האָט ר׳ זרחל אַ טאָרקע געטאָן זיין ידיד: — „נו, גוי דו איינער, נו, א א, נו״... האָט זיך שייעלע אַ הויב געטאָן, זיך געכאַפּט ווו ער געפינט זיך און צוגלייך מיט אַלעמען זיך פאַרנויגט, מיטזאָגנדיק: „המבורך לעולם ועד״.

גיך איז מען געקומען צו שמונה־עשרה, און ווען אַלע האָבן פאַרענדיקט דעם לעצטן פסוק, האָט מען געמוזט וואַרטן, ביז ר׳ זרחל האָט געענדיקט זיינס. נאָך „עלינו״, האָט זיך שייעלע געשטעלט זאָגן קדיש, נאָכזאָגנדיק וואָרט ביי וואָרט, וואָס ר׳ זרחל האָט געפּליסטערט הינטער זיין פּלייצע. שייעלע האָט זיך שווער אָן עצה געגעבן מיטן עברי פונעם קדיש, אַ פּשיטא ווען ער האָט עס געמוזט זאָגן בקול רום. אין אַזאַ מעמד, איז אים ר׳ זרחל שטענדיק געשטאַנען צו הילף. ער האָט געוואָלט פאַרמיידן מלבין־פּנים צו זיין אַ פּשוטן, ערלעכן יידן, אַ יגיע־כפּיימניק, וואָס באַקט ברויט, ואם אין קמח אין תורה.

שייעלע האָט נישט געהאַט קיין אשה, וואָס זאָל ברענגען אין פּאָליש אַ טאָץ צעשניטן ברויט מיט הערינג צו אַ סעודת־מצווה. אַנשטאָט דעם, האָט ער מיטגעבראַכט אַ בייטל פרישע פּלעצלעך מיט ציבעלעס און עטלעכע הע־רינג, גלייך פון טון אַרויס, איינגעוויקלט אין אַ גאַזעט, און פון די קעשענעס פונעם אויבער־בגד, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאָר פלעשער משקה. מען האָט זיך אָן עצה געגעבן אַפילו אָן אַ מעסער. מען האָט געפּאַלמעסט די הערינג

מיט די פינגער, זיי צעריסן אויף שטיקלעך, און אַריינגעלייגט אין די אויפ־געריסענע פּלעצלעך. פון אַזאַ מאכל האָט מען גרויס הנאה, ס׳איז מעדני מלכים, און די ברכות פאַרן עסן, דאָס בענטשן נאָכן עסן, זענען נישט קיין ברכות לבטלה!

די לעצטע האָבן פאַרלאָזן דעם בית מדרש, ר׳ זרחל מיט שייעלען. שייעלע האָט געפירט ר׳ זרחלען פאַרן האַנט, מחמת זיין שוואַכער ראיה, ער זאָל חלילה נישט געשטרויכלט ווערן ביינאַכט, אין דער פינצטער.

אַזוי גייענדיק צוזאַמען, האָט זיך ר׳ זרחל אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר זיין גוטן פריינד, אים דערציילט פון זיינע היימישע צרות און פון פּראַדלס מענה־לשון. ער האָט חלילה נישט קיין טענות צו פּראַדלען. וואָס קען ער האָבן צו איר? — „זי איז אַ מאַמע. זי האָרעוועט שווער און ביטער און דאגהט פאַר אים און פאַר די טעכטער". ברוך השם, די עלטערע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַלמן פון אַ נאָענטער קאָלאָניע, אַ פאָטער פון צוויי יתומים. זיין טאָכטער, האָט אים אויך געשאָנקען צוויי קינדער, האָט זי צו טאָן מיט פיר, זאָלן זיי געזונט זיין. די טאָכטער האָט נישט געוואָלט דעם שידוך. זי פלעגט וויינען גאַנצע נעכט, זיך רייסן די האָר פון קאָפּ. אָבער עס איז נישט געווען קיין ברירה. פּראַדל האָט זיך אויסגערעדט די נשמה, געטענהט, אַז קיין נדן האָט זי נישט, די יאָרן לויפן, איז איידער צו בלייבן זיצן ביזן גרויען צאָפּ, שוין בעסער חתונה צו האָבן מיט אַ מענטשן, וואָס גאָט גיט.

— „האָב חתונה מיין קינד", האָט זי געטענהט. — „נאָך דער חתונה איז אַלץ איינס. דער חתן איז טאַקע נישט אַזוי פרום און געלערנט ווי דיין טאַטע, אָבער ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, מיט אַן אייגענער נחלה, מיט אַ געשפּאַן, מיט אַ פּאָר קי, מיט עופות. די קינדער? — וועסט זיך צוגעוווינען. זיי זענען יידישע קינדער. מירצעשעם, וועסט נאָך שיקן דער מאַמען אַ קעז מיט אייער, און דעם טאַטן אַן אתרוג אויף סוכות. האָב רחמנות אויף זיך און אויף אונדז", האָט פּראַדל געטענהט. — „ווײן נישט אויס דיינע אויגן! נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, און קיינער וועט נישט וועלן קוקן אויף דיר. ס׳וועט שוין קיין נדן אויך נישט העלפן"...

די צווייטע טאָכטער, איז שוין לאַנג אַ בוגרות. זי האָט גאָלדענע הענט,

זי נייט און שטריקט און העלפט פראַדלען אין שטוב. זי האָט זיך אַליין פאַר־שאַפט אַן אויסשטייער. פראַדל פאַרקויפט אירע שטיקערייען און טישטעכלעך און באַהאַלט יעדן געלייזטן טאָלער פאַר איר, פאַר דער טאָכטער. מ׳האָט איר שוין גערעדט שידוכים, ביז מען איז מושווה געוואָרן מיט אַ בחור, אַ טאַטנס אַ קינד פון מתולה, נאָר די עיסקא שלעפט זיך שוין מער ווי אַ יאָר צייט. ס׳רירט זיך נישט פון אָרט. דאָס מיידל איז צופרידן מיטן שידוך. דער בחור איז נישט קיין למדן, דערפאַר איז ער אַ פאַרשוין, אַ יונג ווי אַ דעמב, אַן עובד־אדמה. אָבער שייעלע ידידי, אַז ס׳אי נישטאָ קיין מזל איז שלעכט! בעוונותינו הרבים פאַלט וויניק רעגן. ווייסט דאָך, אַז צייט עטלעכע יאָר הערשט אין לאַנד אַ טריקעניש. די הימלען זענען געוואָרן פאַרשטייניקט. די קאָלאָניסטן ראַנגלען זיך פאַרן טאָג ברויט. ווער ס׳האָט פאַרקויפט אַ בהמה, ווער ס׳האָט פאַרמשכנט אַ שטיק נחלה, ווער ס׳בעט הילף ביי קרובים אין אַמעריקע. מיין צוקונפטיקער מחותן האָט געשיקט זיינע בנים אַרבעטן אין קרית שמונה, בתוכם דעם חתן. זייער פאַרדינסט באַשפּייזט די משפחה. זיין טאַטע איז אַ ייד אַ בעל־חשבון, זאָגט ער: „וואָס, אַצינדערט פראַווען אַ חתונה? ס׳ברענט נישט. מירצעשעם, ס׳וועט פאַלן רעגן, ס׳וועט זיין אַ מזל־ברכהדיקער ווינטער, די תבואות וועלן גוט אויפגיין, ס׳וועט זיך באַווייזן אַ טאָלער, וועט מען אָפּשפּילן אַ חתונה". דערווייליע וואַרט און וואַרט. ס׳קינד האָרעוועט און צאַנקט. מיינסטו כ׳בין נישט קיין טאַטע? כ׳האָב ניש׳ קיין האַרץ מיינסטו, שייעלע? מיינסט כ׳בין בלינד, כ׳בין טויב? מיינסט, אַז אין די נעכט הער איך נישט ווי מיין קינד שלוכצט, מיינסטו"?

*

ס׳איז געווען נאָך חנוכה, דאָס צווייטע יאָר נאָך דער פאַרקנסונג פון ר׳ זרחלס יינגערע טאָכטער, און דאָס דריטע טריקעניש יאָר אין ארץ ישראל, ווען די פאַרזייטע ווינטער תבואות האָבן פאַרוועלקט אויף די פעלדער. די וויניקע רעגנס וואָס האָבן זיך באַוויזן זענען געקומען נאָך דער צייט. אַפילו אין שטענדיק־רעגנדיקן גליל, זענען די הימלען אויך געוואָרן קופער, און דאָס קוואַל־וואַסער האָט קוים געקלעקט אויף צו טרינקען און צו באַוואַסערן דאָס ביסל גרינצייג און די יונגע פלאַנצן. די רערן, וואָס מען האָט פאַרלייגט

צו ברענגען וואַסער פון מרחקים, זענען געלעגן ליידיקע. די שונאים פון ישראל האָבן געשטערט צו גראָבן קאַנאַלן פון ירדן, פאַרן אַלגעמיינעם וואַסער־מאַגיסטראַל פון לאַנד. די תפילת „גשם״ פון דעם לעצטן סוכות איז געווען לבטלה. ר׳ זרחל האָט מחלל יום־טוב געווען און געפּאַסט חול המועד. אולי יחוס, אולי ירחם הקדוש ברוך הוא? ר׳ זרחל האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון זיין יינגערער טאָכטער און די טרערן פון דער עלטערער, וואָס האָט אים געבראַכטביידע אייניקלעך אויף שמחת תורה. זיין פּאַסטן איז נישט אָנגענומען געוואָרן. קיין רעגן איז נישט געפאַלן.

— „ביי אונדז איז אומעטיק, זייער אומעטיק״, האָט די עלטערע טאָכטער געטענהט — „מיר האָבן פאַרלוירן דעם גאַנצן ווינטער פּאַרזיי. מיר האַלטן קוים אויף די יונגע פרוכט־בוימער, זיי זאָלן נישט פאַרדאַרן. מיר האָבן פאַר־קויפט אַ מילך־קו מיט אַ פּרידה. מיין מאַן, יגאל, איז געוואָרן אַ שווייגער. ער איז ברוגז מיט גאָט און מיט לייטן. ביי אונדז זענען איצט אַלע ברוגז איינער אויפן צווייטן, נישט צו וויסן פאַר וואָס און פאַר ווען. די יוגנט גייט אויף „עבודת־חוץ״, ביי בוי אַרבעט, און ביים פאַרלייגן נייע כבישים. אין מושבה קומען כסדר מומחים פון ירושלים און תל־אביב. ס׳קומען יונגע אַגראָנאָמען, גאַנצע פּראָפעסאָרן. ס׳קומען אַלטע קאָלאָניסטן מיט כלערליי פּקידים. זיי מעסטן און שמעקן, זיי שרייבן און מעקן, זיי טרייסטן און גיבן עצות. זיי טענהן: „עוד לא אבדה״! אמת, די תבואה איז דאָס יאָר פאַרוועלקט געוואָרן, אָבער ס׳גרינצייג, די פרוכט־בוימער, די שטאַל און די הינער זענען, באָרכעשעם, נישט אין גאַנצן פאַרלוירן. מ׳זאָגט צו הלוואות. די אַלטע קאָלאָ־ניסטן טרייסטן די נייע מיט מעשיות פון 30, 40 יאָר צוריק, ווען ס׳איז געווען ערגער, מ׳האָט זיך געשפּייזט מיט באָקסער, ווי די ציגן, פאַרביסן מיט פייגן און געזאָגט הלל. „פונדעסטוועגן״, האָבן זיי געטענהט: — „חוץ זייער שאָדן, אויף אייך געזאָגט געוואָרן, בטחון״!

פראַדל האָט אויך געשוויגן. זי האָט זיך געטרייסט מיט די אייניקלעך. ר׳ זרחל האָט געטאָן זיינס. מיט זיינע תעניתים האָט ער פּרובירט צערייסן „את רוע הגזירה״. ער האָט געטענהט, אַז מ׳אַרף זאָגן „גשם״ יעדער שבת, ביז ס׳וועט פאַלן רעגן, — „אַז מ׳זאָגט „גשם״ מיט כונה, מוז רעגענען״!

די אויסגעדאַוונטע צפתער קלויז־יידן, זענען אויך געוואָרן אומרויִק.

די משולחים קומען צוריק פון די קאָלאָניעס מיט ליידיקע הענט. די צדקה־פושקעס, וואָס פלעגן חנוכה־צייט זיין פול מיט מטבעות, האָט מען איצט געפונען ליידיקע. די פושקעס ליגן איצט נישט אין זיבען נישט די קאָלאָניסטן און נישט די קרעמער פון טבריה, צפת און ראש פינה. זיי שטייען פאַר די טירן און קוקן אַרויס אויף אַ קונה. זיי טענהן, אַז איצט נויטיקן זיי זיך אַליין אין צדקה, טאָ ווי קענען זיי געבן צדקה און זיך זאָרגן פאַר די צפתער לערנער? איז קלאָגעדיק אין די שולן און בתי מדרשים. ס׳פעלט „מאור למנורות״, ס׳פעלן מזונות פאַר אַלע גוטע יידן, פאַר די ישיבה בחורים, פאַר די ווויל לערנער, פאַר די מקובלים און פרושים. ס׳איז נישט גוט.

ס׳האָבן נישט געפעלט קיין היציקע קלויזניקעס, וואָס האָבן זייערע ביטערע הערצער אויסגעגאָסן אויף די „ציעניסטן״ מיט די פקידים, וואָס ווייסן נאָר צו זאָרגן פאַר די נייע עולים. — „די נייע עולים קומט די גאַנצע וועלט, ס׳קומט זיי אַלץ, דאָס שענסטע און בעסטע. זיי פאַרצערן אַלע צדקות און תרומות, קהל שווייגט, היתכן?״

סוף טבת, האָט ר׳ זרחל גענומען פאָדערן פון די גבאים, אין זיין בית מדרש, צו פאַרגרעסען דעם „יום״ תהילים. מ׳האָט אים געפאָלגט. ס׳האָט נישט געהאָלפן.

אַ וואָך שפּעטער האָט מען געבראַכט אין בית מדרש, צו הילף, תינוקות מבית רבם שלא חטאו, זאָלן זיי אויך זאָגן תהילים. ס׳האָט ווידער נישט געהאָלפן. די הימלען זענען געבליבן קופּער, ווי געווען.

ס׳זענען אַוועק נאָך וואָכן. מ׳האָלט שוין ביי ט״ו בשבט. קיין רעגן פאַלט נישט.

וואָס וועט זיין? — יידישע פעלדער ליגן פאַרטריקנט. דער גליל וועלקט. פון ר׳ זרחלען איז שוין קיין סך נישט געבליבן. ער טריקנט צוזאַמען מיט די פעלדער. אָבער ער רוט נישט, ער פאַרלירט נישט זיין בטחון, און מאָנט פון די מתפללים, מכריז צו זיין, דעם נאָענטן מאָנטיק, אַ תענית־ציבור, מיט „ויחל״ צו מנחה. אפשר וועט זיך השם יתברך פאָרט דערבאַרימען און אויפ־מאַכן די ארובות השמים?

שבת האָבן די אורחים פון דער שפלה דערציילט, אַז די „אחרים״, די רבעלעך פון יפו און תל־אביב, פון חיפה, טבריה, און להבדיל, פון ירושלים

עיר הקודש, זיצן אויך נישט בחיבוק ידים, זיי קלייבן זיך עפּעס טאָן. זיי ווילן אויסנוצן אסתר־תענית פאַר אַ יום תשובה ותפילה...

די ידיעה וועגן די כוונות פון די „אחרים״, איז געוועזן ס׳לעצטע טראָפּן. די צפתער ווילן נישט דערלאָזן די דאַטשן מיט די פרענקען, זיי צו פאַרלויפן דעם וועג. האָט מען שבת מעכב הקריאה געווען. מען האָט געטומלט און געשריען, ביז די גבאים האָבן געגעבן זייער הסכמה: — בעזרת השם, מכריז זיין דעם נאָענטן מאָנטיק, פאַר אַ יום תפילה וצום כללי מיט התעוררות, מיט שופר בלאָזן און מיט סליחות זאָגן. מען מוז אויפרייסן די הימלען, אַז עס זאָל פאַלן רעגן. מען מוז ראַטעווען אויף די יידישע פעלדער, וואָס עס לאָזט זיך נאָך ראַטעווען!

ר׳ זרחל איז געווען פון די מקדימים, וואָס זענען ערב תענית, פון נאָך מנחה, געבליבן אין בית מדרש, ביז מאָרגן נאָך מעריב.

מחמת די מצוה און דעם תכלית פון תענית, האָבן מתפללים מיטגע־בראַכט מיט זיך, אין בית מדרש, די גאַנצע שיריים פון שבת, און מען האָט געפּראַוועט אַ סעודת מצוה, אַ סעודה מפסקת, באַלד נאָך מנחה, אַריינצוכאַפּן אַן אַ דרויף אויף מאָרגן, צו בלייבן אין בית מדרש זאָגן תהילים מיט מעמדות ביז חצות.

צו מאָרגנס, מאָנטיק, זענען אַ סך מתפללים געבליבן פאַסטן אין בית מדרש, נישט אויסצוטאָן די טליתים, ווי ס׳פירט זיך יום כיפור.

ר׳ זרחל האָט זיך פאַרקליבן אין זיין שטענדיקן ווינקל, נישט צו ווערן זיין געשטערט. ער האָט זיך אויך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויפן טלית אַליין, וואָס זאָל אים אָפּגרענעצן פונעם גשמיותדיקן אַרום, האָט ער אונטערן טלית אָנגעטאָן אַ קיטל און גענומען תפילה טאָן, וויגנדיק זיך צוזאַמען מיטן סטענדער. ער האָט זיך צעניגונט מיט כוונה און התעוררות, צו זיין זיכער, אַז אַזאַ יחוד מיטן קונה, וועט ברענגען רעגן.

יענעם תענית־טאָג, ווען די זון האָט גענומען שטייגן הויך איבער די בערג, צום זעניט, און דער הימל איז געבליבן קופּער, ווי נעכטן און אייער־נעכטן, איז ר׳ זרחל געבליבן אָן כח. ער האָט געמוזט איבעררייסן זיין תפילה, זיך צוזעצן, און זיך אָנלענען אָן וואַנט. ס׳האָבן אים געבראָכן די ביינער, אַ יעדער גליד האָט ווי געטאָן, ס׳גאַנצע לייב און לעבן איז אים געוואָרן

שוועך. נאָך אַלעמען געפינט ער זיך דאָ, פאַסטנדיק זינט נעכטן נאָך מנחה. צו דער סעודה־המפסקת האָט ער זיך נישט צוגערירט. ס׳האָבן נישט גע־האָלפן פראַדלס תחנונים, וואָס איז אין יענעם אָוונט געקומען אים בעטן, ער זאָל גיין „זיך צושפּאָרן אויף אַ פּאָר שעה, ער וועט אָפּוועקפאַלן, ער וועט זיך אויסלאָזן״, זי וועט חלילה בלייבן אַ וויסטע אַלמנה...

— „גזלן דו איינער,״ — האָט זי געוויינט, — „וואָס מאַכסטו פון זיך? ס׳איז שוין באַלד גאָרנישט געבליבן פון דיר״!

ר׳ זרחל האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף איר. ער האָט זיך נאָך מער איינגעוויקלט אין טלית, ווייטער מתפלל צו זיין, צו פאַרשרייען זיך אַליין, צו דערטרינקען אין תפילה זיין רחמנות צו זיין אשה, די מוטער פון זיינע טעכטער. פראַדל איז אַוועק אַהיים מיט גאָרנישט.

בעת ר׳ זרחל איז געזעסן אויסגעשעפּט אויפן באַנק, מיט האַלב פאַר־מאַכטע אויגן, האָט ער דערהערט אַ שיחת־חולין פון די תהילים זאָגער, ביי וועלכע ס׳האָבן גענומען נאָגן ספיקות: — אָט איז שוין באַלד מנחה־צייט, און ס׳איז נישט צו זען אַ סימן פון אַ וואָלקן, פון אַ מינדעסט ווינטל. ס׳האָט ווידער נישט געהאָלפן. וואָס טוט מען ווייטער?

— „ס׳איז נאָך ניש׳ סוף וועלט״, — האָט זיך פון אַ ווינקל דערהערט אַ באַסאָווע שטימע, ווי פון קבר אַרויס — „יידן! מ׳טאָר זיך ניש׳ מיאש זיין, ס׳אי נאָך ניש׳ סוף וועלט, אַ בעל אמונה איז זיך קיינמאָל ניש׳ מיאש״...

עס איז שטיל געוואָרן. מענטשן האָבן זיך גענומען הויבן פון די ערטער, צו זוכן דעם זאָגער. דער זאָגער איז נישט געווען קיין אַנדערער, ווי יצחק אהרן, אַ געבירטיקער אין צפת, אַ שטענדיקער משולח, וואָס האָט אויסגע־רייזט אַ וועלט, מיט פולע בוזים קעשענעס פאַרגעלטע און צונויפגעקלעפּטע בריוו און קוויטלעך, פון ישיבות, בתי יתומים, און כלערליי צדקה־חברות פון צפת, פון טבריה און אפילו פון ירושלים.

ס׳איז געווען שווער צו באַשטימען יצחק אהרנס עלטער, כאָטש אַלע האָבן אים לאַנג געקענט. ער איז געווען אַ שטאַלטנער ייד, מיט אַ שיינע, גרויליכע באָרד, מיט אַ לענגלעך פּנים, מיט גרויע, לעבעדיקע אויגן אונטער געדיכטע ברעמען, וואָס זענען געווען קאָלירלאָז, ווי דער פאַראַיאָריקער סכך. ער האָט זיך פאַרגונען צו זיין אַ משולח, צו זיין נע ונד, „לשם שמים״, הייינט

דאָ, מאָרגן דאָרטן, מחמת ער איז געווען אַן אַלמן, „אָן אַ קינד, אָן אַ רינד״.

יצחק אהרן האָט געלעבט אין אַן אַלטער ירושה־שטוב, ווו ס׳האָט גע־ווירטשאַפט זיינע אַ שוועסטער, אויך אַן אַלמנה. די שכנים האָבן געזאָגט, אַז „זי איז אַ קמצנטע, וואָס די וועלט האָט נישט געזען״. זי איז געווען אַ פֿאַרשלאָסענע, שטענדיק אַליין. אַן אַלטע קאַץ פֿלעגט זיך נאָר דרייען אַרום אירע פֿיס, אַפֿילו ווען זי פֿלעגט גיין יעדער דאָנערשטיק אין גאַס, איינ־האַנדלען מציאות. די קאַץ, ס׳טריפֿענע שרץ, פֿלעגט איר אומעטום באַגלייטן, אַפֿילו ביז די שוועל פֿון שול, ווו זי פֿלעגט גיין שבת־מברכים בענטשן ראש חודש, און ימים טובים צו יזכור, אָדער הערן שופֿר בלאָזן. די קאַץ פֿלעגט בלייבן שטיין ביים שוועל פֿונעם מקום־קדוש. נאָכן באַפֿעל פֿון איין איינציק וואָרט: „אַפּיסטאַ״! פֿלעגט זי אַרויפֿשפּרינגען אויפֿן גדר פֿון שול־הויף, אַן אַלטע שטיינערנע וואַנט. די קאַץ פֿלעגט דרייען מיטן עק, אָנשטעלן האָר און וואָנצן, און ברומען פֿון בויך אַרויס. צום לייענען, פֿלעגט יצחק אהרנס שוועסטער אַרויסגיין אין שול־הויף, פֿאַרטרייבן די קינדער פֿונעם „טרי־פֿענעם שרץ״, זיך בייזערן און פּרעפּלען צו זיך אַליין:

— „באַהיט און באַשיץ מיר גאָט פֿון פֿייער און וואַסער, פֿון טבריהער און צפֿתער״.

פּנים אל פּנים, פֿלעגט מען חנפֿענען דעם משולח, אים אויסטיילן כבוד, אָבער הינטער דער פּלייצע, פֿלעגט מען אויף אים אויסרעדן כל דבר אסור. באַזונדערס פֿלעגט מען באַריידן זיין ביכעלע, וואָס ער פֿלעגט שטענדיק טראָגן אין אַ בוזים קעשענע, צוזאַמען מיט די אסמכתות. ס׳איז געווען אַ דיק ביכעלע, אַרומגעבונדן מיט אַ בענדל, מיט אָנגעפּיקעוועטע זייטלעך פֿון קליינטשיקע אותיות און ציפֿערן, ווי אָנגעשאָטן מאָן.

— „זיין בוכהאַלטעריע״, האָבן די צפֿתער געטענהט. — „זיינע אַדרעסן״, — פֿלעגן זיי צוגעבן. — „זיינע חשבונות, וואָס נאָר ער אַליין ווייסט, וואָס ער וויזט קיינעם נישט, אַפֿילו נישט באַשען „די קאַץ״, זיין שוועסטער. פֿאַר וועמען קלייבט ער, פֿאַר וועמען באַהאַלט ער דאָס געלט, די „אַפּיטעקע״? — פֿאַר זיינע יתומים, וואָס זענען קיין מאָל נישט געבוירן געוואָרן? פֿאַר זיין שוועסטערס קאָטער, וואָס וועט זאָגן קדיש נאָךביידן״...

— „זיך ניש׳ מיאש זיין, סאי׳ דאָ אַ דרך, וואָס וועט מירצעשעם העלפן״, האָט דער משולח איבערגעחזרט.

אַלע האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן, ביז ר׳ זרחל האָט אַ פרעג געטאָן מיט זיין שוואַכער אויסגעפּאַסטער שטימע — „וואָסי דער דרך, ר׳ יצחק אהרעלע״?

— „וואָסי דער דרך? סאי׳ דאָ אַ דרך, וואָס פירט צו חוני המעגל. איר׳ט פאַרגעסן חוני המעגלס סגולות, איר צדיקים מיינע״.

— „חוני המעגל״ — איז דער נאָמען געפאַלן, ווי אַ פונק אין טרוקענע שטרוי.

— „חוני המעגל״ — האָט ר׳ זרחל שטיל איבערגעחזרט — געזינט זאָלצט איר זיין.

„היו היה, אַ מאָל, אין די צייטן פון מלכות ישראל, האָט געלעבט דער צדיק חוני, וואָס זיין נאָמען איז געווען מפורסם פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן״, האָט זיך אָפּגערופן דער למדן פון בית מדרש, דער דרדקי מלמד. — „חוני איש צדיק היה, אַ חסיד, אַ מענטש פון גרויסן יחוס, אַ שוועסטערקינד פון שמעון בן שטח, עפּעס אַ קלייניקייט? — שמעון בן שטח, דער מלכהס ברודער, וואָס האָט אויסגעברענט די מכשפות פון אשקלון, דער שופט פון סנהדרין. אין יענער צייט האָבן געקיניגט אין ירושלים, אלכסנדר ינאי און די מלכה שלומציון. בין אדם לחברו, איז שמעון בן שטח נישט געווען אַזוי אַי־יאַי־יאַי, אלא בשעתו, איז ער געווען אַן אויסנאַם, אַ חכם, אַ צדיק, אַ שופט, אַ בעל יושר, אַ תקיף, וואָס האָט קיין מאָל נישט געשאַנעוועט די אומ־גערעכטע, אַפילו נישט דעם מלך אַליין. דער מלך פלעגט זיך מתאכזר זיין כלפּי זיינע נתינים. ובכן יידן, ווי כ׳האָב געזאָגט, האָט חוני געלעבט אין יענער תקופה. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, אַלע האָבן אים געשעצט און געגלויבט, אַז זיינע תפילות זענען אָנגענומען ביים בורא עולם. בעת חוני פלעגט זיך שטעלן, בדחילו ורחימו, עפּעס אויסבעטן ביים אויבערשטן, פלעגט ער מיט זיין שטעקן אויסצייכענען אַרום זיך אַן עיגול, אַ קרייז, נישט אַרויסצוגיין פון אים, ביז זיין תפילה פלעגט אָנגענומען ווערן. דערפאַר האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן, „חוני המעגל״. דער מלך אלכסנדר איז געשטאָרבן. נאָכער איז געשטאָרבן די מלכה שלומציון, וואָס האָט פריער גע־

ירשנט די קיניגליכע שטול און קרוין. האָבן צווישן זיך מלחמה געהאַלטן זייערע זין, אַריסטובולוס און הורקנוס.

איין מאָל איז הורקנוס געקומען בעטן חוני המעגל, ער זאָל פֿאַרשילטן זיין ברודערס מענטשן. וואָס מיינט איר האָט געטאָן דער צדיק חוני המעגל? אַנשטאָט שילטן זיין ברודערס מענטשן, האָט ער זיך געשטעלט תפילה טאָן, אַז שלום זאָל הערשן צווישןביידע ברידער. דערפֿאַר האָט אים דער צד פֿון הורקנוס פֿאַרשטיינערט, אַזוי זאָגט די היסטאָריע״, האָט דער מלמד באַטאָנט, „אלא די גמרא זאָגט, אַז חוני המעגל האָט זיך פֿאַרקליבן אין אַ הייל, אין די בערג פֿון גליל, ווו ער איז געשלאָפֿן גאַנצע זיבעציק יאָר. בעת ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, נאָך אַזאַ לאַנגן שלאָף, און דערזען ווי אַלץ האָט זיך געענדערט, ווי קיינער דערקענט אים נישט און ווייס נישט ווער ער איז, האָט ער זיך צוריקגעקערט אין דער הייל און אויסגעבעטן ביים בורא עולם דעם טויט״...

„די היסטאָריע ווייסט אויך צו דערציילן״, האָט צוגעגעבן דער מלמד, „אַז איין מאָל, אין אַזאַ טריקעניש ווי איצט, זענען די יידן געקומען בעטן חוני המעגל, ער זאָל מתפלל זיין אויף רעגן. האָט ער אַזוי געטאָן. זיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרן, ס׳האָט גענומען פֿלייצן אַ רעגן, אַ מבול, וואָס האָט געזעטיקט די טרוקענע, דורשטיקע ערד. לכתחילה איז דאָס פֿאָלק געווען גליקלעך, נאָר אַז דער רעגן האָט זיך פֿאַרצויגן, האָט מען אים פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער, ווי ער וואָלט געווען שולדיק, וואָס דער רעגן האָט נישט אויפֿגעהערט צו דער צייט״...

חוני המעגלס נאָמען האָט אויפֿגעמונטערט די פּאַסטער, וואָס זענען אַריינגעפֿאַלן אין התפּעלות. אַלע האָבן גענומען רעדן, איבערגעשריען איינער דעם צווייטן און נישט באַמערקט ווי די שקיעה צינדט אָן די שויבן פֿון בית מדרש. נאָר איין ר׳ זרחל האָט זיך נישט פֿאַרגעסן. מיט זיין הענטל האָט ער גענומען פּאַטשן אין סטענדער: — „מנחה דאַוונען, מנחה״!

אינעם טומל האָט מען אים נישט געהערט, אָבער דער באַסאָווער ברום פֿון יצחק אהרנען, — „מנחה״! האָט אַלעמען אַרויסגעפֿירט פֿון עולם הדמיון. דער אויבער־שמש, מיטן טלית איבערן קאָפּ, האָט בקול רם גענומען זאָגן „אשרי״ און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט.

מ׳האָט פאַרענדיקט מנחה דאַוונען מיט „ויחל״, מיט אַ תקיעה גדולה פון אַן אַלטן שופר, און אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען געגוג טונקל אין דרויסן, האָט מען באַלד געדאַוונט מעריב, און איידער מען איז זיך פאַרנאַנדערגע־גאַנגען, האָט מען אָפּגערעדט, אַז מירצעשעם מאָרגן, ווערט מען זיך לאָזן צו דער הייל פון חוני המעגל, בעטן אויף רעגן. ווי שטענדיק האָט ר׳ זרחל זיך בישט געאײַלט. לאַנגזאַם האָט ער צונויפגעלייגט דעם טלית, אויסגעטאָן דעם קיטל, און מיט די לעצטע כוחות, אַ גליקזעליקער אַוועק אַהיים.

אויף מאָרגן, בעת די קרעמער פון צפת האָבן אויפגעמאַכט די קלייטן, בעת מענטשן האָבן זיך געאײַלט צו דער אַרבעט, האָט זיך געטומלט אין דער ירושלים־גאַס; אַ פּאָר צענדליק קלויזניקעס, פּרושים, מקובלים, ישיבה־בחורים מיט סתם יידן, אָנגעטאָן אין טליתים, האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער הייל פון חוני המעגל. זיי האָבן געזונגען, צוגעפּאַטשט מיט די הענט, און גערופן די פאַרבייגייער צו מיטגיין מיט זיי.

— „ס׳איז אַ שליחות מצוה, קימט׳ס מיט, מיר גייען בעטן אויף רעגן, קימט׳ס מיט, פאַרדינט׳ס אַ מצוה, יידן! קימט מיט״...

— „משוגע אונדזערע שונאים, בטלנים, ליידיקגייער, כניאָקעס״, האָבן געחוזקט די קרעמער, — „זיי מאַכן זיך ימים טובים אין אַ פּראָסטן מיטוואָך״.

נאַטירלעך איז ר׳ זרחל מיטגעגאַנגען מיט אַלעמען, אײַנגעהילט אין אַ טלית איבערן קאָפּ, און געזונגען: — „אבינו מלכנו, ירחם עלינו, אבינו מלכנו״ — — —

בעת ר׳ זרחל האָט יענעם פרימאָרגן פאַרענדיקט דאַוונען, האָט שייעלע דער בעקער אַרויסגעשופלט די לעצטע ברויטן פון אויוון, און געטראַכט פון דער בעט, ווו ער וועט זיך באַלד אויסציען, אויסצורוען די מידע ביינער און די שווערע פיס, נאָך אַ לאַנגער, שווערער נאַכט אַרבעט אין בעקעריי.

שייעלע האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס פאַרשוויצטע העמד מיט די ווייסע תחתונים, אָנגעטאָן די שטענדיקע בגדים, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, און זיך געשטעלט אין אַ ווינקל „אַ דאַוון טאָן״, ווי ער האָט זיך שטענדיק נוהג געווען. צו זיין פאַרוווּנדערונג האָט ער אויפגעכאַפּט דאָס געזאַנג פון דרויסן. ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך זיין אויבער־בגד און, דאַוונענדיק, אַרויס אין גאַס אַ קוק טאָן, ווער ס׳זענען די זינגער, אַזוי פרי, אין אַ וואָכן־טאָג.

שייעלע האָט געשטוינט, ווי אַלע אין גאַס, אָבער אַז ער האָט באַמערקט צווישן די גייער זיין אַלטן ידיד, ר׳ זרחלען, איז ער צו אים צוגעגאַנגען פרעגן, וואָס איז דאָ איצט די שמחה, ווו שפּאַנט מען עס אַזוי פרי אין די טליתים? האָט אים ר׳ זרחל גענומען פאַר אַ האַנט און געבעטן: — „קים מיט שייעלע, מיר גייען בעטן אויף גשם, ראַטעווען יידישע פעלדער, ס׳האָט צו דיר אויך אַ שייכות, דו באַקסט ברויט פון מעל, יידישע פעלדער טריי־קענען, די תבואות וועלקן, ס׳וועט נישט זיין קיין קערנער צו מאָלן מעל, קים מיט, שייעלע, קים מיט״.

בעת שייעלע האָט אָנגעקוקט זרחלס פּנים, האָט אים פאַרקלעמט ס׳האַרץ: דאַר, בלאַס, קרענקלעך, די אויגן, — פייכטלעך, פול מיט גוטסקייט, מיט צער און רחמים, כאָטש נעם און צעגיי... האָט שייעלע פאַרגעסן זיין מידקייט און איז מיטגעגאַנגען. ער האָט גענומען ר׳ זרחלען פאַר אַ האַנט און פאַרגעסן, אַז ער טראָגט נאָך אויפן קאָפּ דאָס ווייס בעקעריש מיצל. ער איז מיטגעגאַנגען און מיטגעזונגען, „אבינו מלכנו, ירחם עלינו״.

ס׳איז נישט געווען קיין לייכטער וועג, אָבער די פּראַכט, די בערגיקע רחבות, די אָנסופיקייט פונעם הימלשן געוועלב, וואָס ער האָט זעלטן געזען, און די פרישע באַרג לופט, האָבן שייעלען פאַרכאַפּט. נאָכן פאַרברענגען אַ לעבן אין דער טוכלער בעקעריי, און גאַנצע טעג אין בעט, האָט ער נישט געוווּסט, אַז די בערג און טאָלן זעען דאָס יאָר אויס אַנדערש ווי שטענדיק, אין דער צייט פון יאָר. שטענדיק, ווען די רעגנס פאַלן אויס צו דער צייט, איז אַלץ איבערגעדעקט מיט קאָלירטע, בלומיקע טעפּיכער. דאָס מאָל האָט ער נאָר געקענט זען, ביי די ראַנדן פון די וואַדיס, ווייסע נאַרקיסן מיט געלב־לעכע הערצעלעך און רויטע אַנעמאַנען, צעוואָרפענע אין דער רחבות פון דער טרוקענער גרויקייט פון די שפּועים, ווי פלעמעלעך. שטענדיק, אין אַזאַ ערב־פרילינג־טאָג, האָט דאָ אַלץ געלעבט, אַפילו די לופט. די ערד האָט געווימלט מיט כלערליי ווערימלעך, שפּרינגער, משה רבינוס קיעלעך, שוואַרצע און ברוינע זשוקעס, מוראַשקעס, יאַשטשערקעס און כאַמעלאָנען. די לופט איז פול געווען מיט פליגעלעך, מיט בינען, מיט באַבעלעך, מיט זינגענדיקע פויגל. איצט האָט מען קוים געמערקט אַ סימן פון לעבן. ס׳איז געווען שטיל און דורכזיכטיק ביז דער אָנסופיקייט פון הימל. זעלטן ווען אַ פויגל איז

פאַרבייגעפּלויגן. די פויגל זיינען זיך צעפלויגן ווייט פון דאַנען, אין דרום, ווו ס׳געפינען זיך באַוועסערטע, שמעקעדיקע פרדסים מיט גרינע גערטנער. זיי זענען פאַרפלויגן ביזן נחל אלכסנדר, אויפן גרענעץ פון שומרון, ביז די קוואַלן פון שרון. איצט האָבן דאָ געשפּאַנט די פּאָר צענדליק צעזונגענע יידן אין טליתים, צעצויגן אין אַ קייט, לענג אויס אַ שטייניקן שטעג, אויפן ראַנד פון אַ וואַדי ווי אַ תהום. די קייט האָט געשלאָסן שייע דער בעקער, וואָס האָט געפירט פאַרן האַנט ר׳ זרחל דעם פּאַסטער, ווי מען פירט אַ שוואַך קינד: — „אבינו מלכנו, אבינו, אבינו מלכנו״...

אין מיטן גאַנג האָט אים אַ הילך געטאָן אַ פעסטע שטים, ווי פונעם תהום אַרויס, באַגלייט מיט ווידער־קולות:

— „שטאַאַאַאַין בלייבן, שטאַין״!

דער שפּיץ פון צוג איז געבליבן שטיין, בעת דער סוף האָט זיך ווייטער, לאַנגזאַם באַוועגט פאָרויס, ביז אַלע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביים אַריינגאַנג פון אַ הייל אין אַ באַרג.

ר׳ זרחל איז נאָכן נעכטיקן תענית געווען צו שוואַך צו זיין דער ראש המדברים. האָבן די מלאכה געטאָן, דער משולח יצחק אהרן, און דער אויבער־שמש פון בית־מדרש,ביידע הויכע, בערדיקע גברים, מיט שטעקנס אין די הענט.

בעת דער משולח האָט מיט זיין שטעקן געצייכנט אַ קרייז ביים אַריינגאַנג פון דער הייל, האָט דער אויבער־שמש אַרויסגענומען פונעם בוזים פון זיין קאַפּטאַן, אַ רב־שופר, אַזאַ וואָס איז אין ערגעץ נישט געווען צו זען, אַ שופר, מער ווי אַן אייל די לענג, מיט אַ ספּיראַלן, פאַרשפּיצטן סוף, וואָס ער האָט אַריינגעשטופּט אין אַ ווינקל מויל, צווישן דער בערדיקער וואַלדיקייט פון זיין פּנים.

דער עולם האָט זיך צונויפגעדרענגט אַרום קרייז, זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און געווען געשפּאַנט און עמאָציאָנירט פון אינערלעכער אימה. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. אַ שאַרפע, צעצויגענע תקיעה גדולה, וואָס האָט זיך צעשאָטן אין די בערג, האָט צעריסן די שטילקייט.

— תרועה־ה־ה! — האָט יצחק אהרן אויסגערופן.

דער שופר האָט פון ס׳ניי געשאַלט. די בערג האָבן געענטפערט.

— שברים — תרועה־ה — האָבן זיך ווידער גענומען שיטן אין די בערג קולות מיט ווידער קולות, ווי דרויב פון טויזנטער פויקן און פּייקלעך.

— „תקיעה ה״!

פאַרענדיקט מיטן שופר בלאָזן, האָט ווידער געדונערט יצחק אהרן:

— „קרע — קרע — קרע שטן״! און די בערג האָבן געענטפערט:

„קררע־קרעע־קרעע״...

שייעלע איז געשטאַנען ווי געליימט, מיט אַן אָפן מויל. ער איז גע־שטאַנען אַ צעחושטער ווי אַלע, ביז ס׳האָט זיך באַגייט ס׳געזאַנג מיט די תפילות, און אַ מנין יידן זענען אַריין אינעם קרייז, צוזאַמען מיט יצחק אהרנען, וואָס האָט מיט אַ ניגון אויסגערופן:

— „ר׳ חוני הצדיק, ר׳ חוני המעגל! מיר יידן מפשוטי העם, האָבן זיך דאָ פאַרקליבן אינעם עיגול, דיר צו בעטן, זיך שטעלן פאַרן כסא הכבוד תפילה טאָן, אַז די ערד פון ישראל זאָל נישט פאַרשטיינערט ווערן, אַז די ארובות השמים זאָלן זיך עפענען און אַ רעגן זאָל פאַלן, צו זעטיקן די פעלדער, ווייל ס׳איז כלו כל הקצין, אַלץ איז פאַרוועלקט, אַלץ איז פאַר־טריקנט, מפני חטאינו הרבים. הער אונדז אויס, רבי חוני המעגל, פאַרנעם אונדזער געבעט, ענינו, העלף אונדז! מיר וועלן זיך פון דאַנען נישט רירן ביז ס׳וועלן זיך נישט עפענען די ארובות השמים, ענינו רבי חוני״!

האָט אים איבערגעשלאָגן ר׳ יצחק בער דער בכיין, וואָס האָט פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל, און מיטן ניגון פון תפילת גשם זיך צעזונגען:

— „רבונו של עולם! פאַרגיב אונדז אַלע זינד, שחטאנו ושפשענו לפניך, גיב אונדז דיין מאָס חסד ורחמים, דערבאַרעם זיך אויף דיינע קינדער, טרינק אונדז אַן מנחל עדניך, אַ תהום צו אַ תהום רופט לקול צנוריך, להשביע מאוצריך״.

— „עפן אויף דיין גוטן אוצר״, האָט אים איבערגעשריען יצחק אַהרן, „רבונו של עולם! אין דיינע הענט געפינען זיך די שליסלען פון די שערי הרחמים, מפרנס צו זיין און באַשפייזן אַ יעדע לעבעדיק באַשעפעניש, פון אַן אומפליט ביז אַ וויזל טיר״... האָט אים ווידער איבערגעפרעגט ר׳ יצחק בער דער בכיין: — „אלהי שוכן מעונה, ענינו מבריכה העליונה, — ענטפער אונדז מיט גשמי ברכות. — בוחן לבבות! ענטפער אונדז מיט גשמי נדבות״.

— „עַנֵנוּ, עֲנֵנוּ", האָט דער עולם, צוזאַמען מיט אַלע בערג און טאָלן אויפגעכאַפּט די תפילה, „עֲנֵנוּ אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ, רַחֵם עָלֵינוּ, עֲנֵנוּ"!

— „ר' חוני הצדיק"! האָט ר' זרחל געבעטן פאַר זיך, ביחידות, שטייענדיק אָנגעלענט אָן שייעלען. — „ר' חוני המעגל! — שפּרייט אויס דיין תפילה פאַר זיין ליכטיקן נאָמען, כי הארץ עיפה לך למים, דאָס לאַנד איז מיד, דאָס לאַנד דורשט נאָך וואַסער, ואתה השם, תשמע מן השמים, ומשם ירד גשם ומים"...

— „מַיִם — מַיִם — מַיִם", האָט געשטורעמט דער עולם, — „מים"!

— „אבינו מלכנו, ריקם על תשיבנו"! האָט זיך געבעטן, מיט אַ געוויין, ר' יצחק בער, — „שיק אונדז נישט אַוועק מיט ליידיקן, חוס ורחם עלינו, דערבאַרים זיך אויף אונדז, אויף די פעלדער, אויף די זריעה און פּרוכט, בענטש אונדז, טאַטע אין הימל, בענטש אונדז מיט גשמי ברכה, לחיים, לשובע ושלום".

— "לשובע ולא לרזון, לחיים ולא למות"! האָט דער עולם געדונערט, און ר' זרחל האָט שטיל געפּליסטערט, מיט פאַרמאַכטע אויגן: — „אַל תמנע מים, פאַרמינער אונדז נישט דאָס וואַסער" — — —

וואָס ווייטער זענען די מענטשן געוואָרן עקזאַלטירטער, ביז ס'האָבן זיך פאַרפלאָכטן הענט אויף אַקסל, און זינגענדיק פּסוקים פון תפילת־גשם, האָט מען גענומען מאַכן הקפות אַרום דעם מנין יידן אינעם עיגול. לכתחילה האָט מען זיך געדרייט ריטמיש, לאַנגזאַם, ביז מען האָט זיך גענומען דרייען שנעלער, שווינדלדיקער, נישט אויפהערנדיק צו שרייען, „מים, מים".

ר' זרחל האָט נישט געהאַט קיין כח מיטצומאַכן די הקפות, איז ער אַרויס פונעם ראָד. שייעלע האָט אים נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין, איז ער מיטגעגאַנגען. ביידע האָבן זיך געזעצט אָן אַ זייט, אויף דער ערד, און מיט פאַרמאַכטע אויגן ממשיך געווען: — „אבינו שבשמים, אל תמנע מים".

איצט האָט זיך שייעלע נישט פאַרגונען צו וואַרפן אַ בליק אויף דער רחבות, וואָס איז געלעגן צווישן די בערג. ער האָט נישט געוואָלט מפסיק זיין, נישט איבעררייסן די אימפּראָוויזירטע תפילה, וואָס האָט אים מיטגעריסן מיט איר שטורמישער התלהבות. ווען נישט ר' זרחל, וואָלט ער זיך אויך געדרייט אינעם שווינדל־ראָד צוזאַמען מיט אַלעמען. ער האָט נישט

געקענט איבערלאָזן זיין ידיד אויף קיינעמס באַראָט. ער האָט מורא געהאַט, ס׳זאָל אים, חלילה, עפּעס נישט געשעהן, וואָרעם ר׳ זרחל איז געזעסן ווי אַ שאָטן, שטום באַוועגט מיט די ליפּן און געקרעכצט.

אינעם שווונג פונעם ריקוד, האָבן די קלויזניקעס נישט געפילט, ווי ס׳האָט גענומען בלאָזן אַ שאַרפער ווינט. זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי די צעוואָרפענע בוימער האָבן גענומען בויגן די קעפּ, זאָגן אָן אַ שטורעם. זיי האָבן נישט געזען, ווי פון מערב־זייט פאַרציט דער הימל מיט וואָלקנס, וואָס שוועבן און דערנענטערן זיך פון ים, צו די הויכן פון גליל.

ערשט ווען דער ווינט האָט זיך געשטאַרקט, דער דרויסן איז געוואָרן טונקל, און פייערדיקע שלאַנגען האָבן גענומען שניידן די הימלען, באַגלייט מיט דונערן, האָט זיך דער עולם אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ הינערפּלעט, און געציטערט פון קעלט. די לעבעדיקע ראָד אַרום עיגול איז צעפאַלן, און מען האָט זיך גענומען שטופּן צום אַריינגאַנג פון דער הייל.

נאָר צוויי האָבן זיך נישט פאַרלוירן, שייעלע, וואָס האָט געכאַפּט ר׳ זרחלען אויף די הענט, ווי מ׳כאַפּט אַ קינד, און יצחק אהרן, וואָס האָט אַ צעפלאַמטער געשריען אין טונקעלן חלל: — „משיב הרוח ומוריד הגשם״!

לכתחילה האָבן גענומען פאַלן שווערע טראָפּנס רעגן, נאָכער האָט זיך דער רעגן פאַרשטאַרקט. ס׳האָט גענומען גיסן אַ מבול. דער דרויסן איז געוואָרן פינצטער ווי נאַכט. די בליצן האָבן געשניטן דעם חושך. די דונערן, מיט זייער ווידערקול, האָבן זיך געקייקלט אין די בערג, ווי טויזנטער אייזערנע וועגנער וואָלטן דאָ געפאָרן אויף שפּיציקע שטיינער.

די קלויזניקעס האָבן זיך דערמאָנט די אימה־נעכט, בעת דעם באַפרייונגס־קריג אין צפת, ווען דונערן מיט בליצן פון האַרמאַטן און שליידערס (מאָרטאַרן) האָבן אויסגעפילט דעם חלל פון זייער באַלאַגערטער שטאָט. זיי האָבן זיך דערמאָנט, ווי זיי זענען געלעגן צונויפגעדריקטע, צוזאַמען מיט זייערע בני בית, אין די ווינקלען פון זייערע היימען און געשריען „שמע ישראל״, בעת יעדער אויפרייס.

ר׳ זרחל האָט זיך דערמאָנט אָן יענעם טאָג אין שול, ווען אַ כלי האָט געדונערט פון פענצטער אַרויס, בעת ער איז געלעגן אין פּחד אונטער אַ טיש, הערנדיק יעדער רגע אַ מענטשלעך קול שרייען: — „אש, אש״!

שייעלע ווידער, האָט געציטערט פון קעלט און געהאַלטן זיין ידיד אויף די הענט. אַ צעשראָקענער האָט ער געטראַכט: — „וויי, וויי, ווי לייכט ר׳ זרחל איז. וויי, וויי, ווי אַ ליידיקער מעל־זאַק״...

חוני המעגל האָט געהאָלפן. זיין זכות איז באַשטאַנען. ארובות השמים נפתחו, די פענצטער פון הימל האָבן זיך געעפנט. יצחק אהרן האָט נישט אויפגעהערט צו טענהן און איבערחזרן מיט אַ ציטעריק קול: — „זיין זכות איז אונדז בייגעשטאַנען״.

— „חוני המעגל, חוני המעגל״, האָבן אַלע געשריען און זיך געלאָזן פון ס׳ניי אין אַ פייערדיקן ריקוד, ווי ס׳וואָלט נישט געמבולט, ווי די זון וואָלט געשיינט. ס׳האָבן זיך ווידער געפלאָכטן נאַסע הענט אויף אַקסל, און ס׳איז אַוועק אַ טאַנץ מיט אַ געזאַנג, אויסגעמישט מיט דונערן און מיט דעם רעש פון די שטראָמען וואַסער, וואָס האָבן זיך געריסן פון די בערג אַראָפּ, אונטן, צו די וואַדיס.

דורכגענעצט ביז די ביינער, האָבן זיך צוריקגעקערט די גייער, פון חוני־המעגלס הייל, מיט די זעלבע זמירות, ווי זיי זענען אַרויס, צוגעבנדיק צו יעדער פּזמון: — „חוני המעגל, חוני הצדיק״...



שייעלע האָט געבראַכט ר׳ זרחלען אַהיים אַ פאַרחלשטן. ער האָט גע־האָלפן פראַדלען אים אויסטאָן, איינרייבן ס׳לייב, אַרומווישן, אָנטאָן אַ טרוקן העמד, און אַריינלעגן אין בעט, ווו מען האָט אים צוגעדעקט מיט קישנס און אַ פערינע, ער זאָל זיך גוט אויסוואַרימען. אין דרויסן האָט גערעגנט. שייעלע האָט געבעטן אַ טרוקענעם זאַק, געמאַכט פון אים אַ שפּיציקן קאַפּישאָן און אָנגעטאָן אויפן קאָפּ. נישט צו פאַרלירן אַ וואָרט, האָט ער אַ קוש געטאָן די מזוזה און איז אַוועק, בעת פראַדל האָט געוויינט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, געבראָכן די הענט און געטענהט: „אַזאַ צדיק, אַזאַ פרומע, כשרע נשמה, אויף ווען לאָזטו מיר איבער״?

ר׳ זרחלען איז שוין גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ער האָט שוין גאָרנישט געפילט. זיינע שוואַכע לונגען האָבן נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט געפיבערט און שטיל געקרעכצט. דער טערמאָמעטער האָט געוויזן 41. ס׳פּנים האָט אים

געפּלאַמט. די אויגן פֿאַרמאַכט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שלאָף קינד. אין אָונט איז ער געוואָרן אומרויק און גערעדט פון היץ.

ר׳ זרחל דער פּאַסטער איז אַזוי געבליבן אין בעט נאָך אַ פּאָר מעת־לעת. ער איז מער נישט געקומען צו זיך. ס׳האָבן נישט געהאָלפן, נישט דער רופא פון צפת און נישט דער צווייטער רופא פון צה״ל, וואָס דער ראש העיר, בכבודו, האָט געשיקט.

ר׳ זרחל האָט זיינס אָפּגעטאָן און פֿאַרענדיקט אַלע חשבונות מיט דער גשמיותדיקער וועלט און איז אויסגעלאָשן געוואָרן, בעת פּראַדל מיט ביידע טעכטער האָבן געריסן דעם ארון־קודש אין דער שול פון אר״י הקדוש, בעת מער ווי אַ מנין יידן, מקובלים, פּרושים און וויללערנער, האָבן געזאָגט תהילים מיט פּסוקים פונעם זוהר פֿאַר זיין געזעגענונג.

ר׳ זרחל האָט צוריקגעקערט זיין כשרע נשמה דעם קונה, און ער איז איינגעזאַמלט געוואָרן אין דער קרקע, פון אַלטן גוטן אָרט פון צפת, וואָס ליגט באַרג אַראָפּ, אַקעגן די בערג, ווו ער האָט פֿאַרענדיקט זיינע לעצטע תפילות, ביי דער הייל פון חוני המעגל.

12.2.64

# באַזאַלט

אין אַ מילדן פרימאָרגן פון זומער 1948, זענען די גאַסן פון דמשק פול געווען מיט מענטשן. דער הימל איז געווען בלוי, ס'האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטל. אויף די קרוינען פון די פּאַלמען־בוימער, לענג אויס פון דער הויפּט־גאַס, האָבן זיך דורכגעשמועסט שפּערלען, זיך געגריבלט אין די ניי אָנגעוואַקסענע פעדערלעך און געצופּט די וואָרצלען פון די טרוקענע, אַלטע שויטן.

כלערליי כלי רכב האָבן זיך באַוועגט הין און צוריק, פון די נייסטע מאָדעלן, לימוזינען, ביז אַלטע פאָרדן. צווישן זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט פּשוטע וועגענער, געשפּאַנטע אין פערד און מויל־אייזלען, מיט געפּוצטע ניקלענע אָדער מעשענע ניטן אין די כאָמוטן, שלייעס און געשפּאַנען, מיט קאָלירטע בענדלעך און פראַנדזן אויף די שטערנס פון די בהמות.

די לופט איז פול געווען מיט ריחות פון אָריענט, פון קרייטעכצער, צימערינג, ענגלשן פעפער, אימבער, קאַפע, און שאַפן פלייש. די מענטשן אויף די טראָטואַרן זענען געווען פאַרשידנאַרטיק געקליידעט, אין מאָדערנע שטאָטישע אָנציגער, לויט די לעצטע פּאַריזער און לאָנדאָנער מאָדע־זשור־נאַלן. פעלאַכן האָבן געטראָגן לאַנגע, געפּאַסעווטע קאָמבאַזן, זיינען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט קאָלירטע גאַרטלען און מיט קעפיעס אויף די קעפּ. צווישן זיי האָבן זיך געשלייכט בעדוּיִנער, איינגעהילטע אין שוואַרצע אַבייעס, מיט קרומע שווערדן און קינדזשאַלן, אָנגעגורטע אויף די לענדן. זייערע קעפּ זענען געווען איינגעהילט אין שוואַרצן. פון די קעפּטיכער האָבן אַרויסגעקוקט פּנימער פון כולו באָרד מיט וואָנצן, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעקוקט שפּי־זיקע אויגן, שאַרפע ווי חלפים. וווּ ניט ווו, האָבן זיך געזען שייכן מיט כלי קודש, אין ווייסע קאַפּטאַנען ביז די קנעכל פון די פיס, מיט פלאַכע,

רויטע פּעסן אויף די קעפּ, אַרומגעוויקלטע אין שיין געפּאַלדעוועטע טיכער, ווייסע ווי שניי.

די פרויען זענען געגאַנגען, ווער אין אייראָפּייאיש־מאָדערנעם לבוש, ווער אין פּעלאַכישע שוואַרצע בגדים, מיט טאַטויִרטע פּנימער, פּאַרדעקטע ביז די אויגן און באַהאָנגען מיט מטבעות, אַנדערע האָבן געטראָגן נאָז־רינגען, מיט אָנגעהאָנגענע צעפּ פון געפּלאָכטענעם וואָל, מיט בענדלעך און קמיעות. זיי זענען געגאַנגען באָרוועסע, מיט שווערע פוס־בראַזלעטן.

צווישן עולם האָבן זיך אַרומגעדרייט יינגלעך און דערוואַקסענע מיט טאַצן זיסוואַרג, באַלאַגערטע פון פליגן. אַנדערע האָבן געטראָגן אויף די קעפּ פּלאַכע קוישן סחורה, אויסרופנדיק בקולי־קולות די פּרייזן און די סאָרטן, — כולו מציאות. צווישן די הענדלער און פּעדלער, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַראַבער אין ברייטע שאַראַוואַרעס מיט פעסן אויף די קעפּ, און געטראָגן צוגעבונדן צו די שטערנס, לאָגלען קאַלטע געטראַנקען פון באָקסער, פון טייטלען און פון האָניק. זיי האָבן קונציק געקלימפּערט מיט טעצעלעך און טעפּעלעך, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט צווישן זייערע פינגער. אַנדערע האָבן אַרומגעפירט אויף רעדלדיקע מאָדעלן פון שיפן, „בוזאַ" (אַזאַ אייז קרעם), געצוקערטע פּרוכט, „באַקלאַווי", פּיסטוקעס, מאַנדלען און קערעלעך פון זון בלומען, געטריקנטע אין זאַלץ. עס זענען פלינק אַרומגעלאָפן יינגלעך מיט בייגעלעך, אָנגעהאָנגענע אויף שטעקנס, מיט סומסום־צוקערלעך באַשפּרענקלטע מיט אַניס, מיט מאָן, מיט קימל, אָדער מיט קאָפּער־קערעלעך. אין גאַס האָבן זיך אויך אָנגעזען פיין־געקליידעטע פרויען, געשלייערטע אין דיניבקע, טיולענע וואַלן, וואָס האָבן מער געררייצט ווי פאַרדעקט...

ווי שדים זענען אַרומגעלאָפן פלינקע, יונגע צייטונגס פאַרקויפער, און אויסגעשריען די גרויסע נייעסן פון יענעם טאָג, ווען די העלדישע סירישע אַרמייען האָבן אַריינמאַרשירט אין פּאַלעסטין, אָפּהאַלטנדיק נצחונות, איינער גרעסער פון צווייטן, אַז זיי פאַרנעמען שטאָט נאָך שטאָט, און שטייען שוין אין די טויערן פון תל־אביב און חיפה, פון וואַנען זיי וועלן זיך פאַראייניקן מיט די העלדישע חיילות פון מאַסער (מצרים), זשאָרדאַן (ירדן), איראַק, תימן, סעודיה, ביז זיי וועלן פאַרענדיקן דעם מאַרש אין סאַמן אל־קודס (ירושלים). אינעם גאַסן־טומל האָט זיך דערהערט אַ פויקן, ווי פון שטילע,

ווייטע דונערן. נאָכער איז דאָס פּויקן געוואָרן קלאָרער, הילכיקער און ריט־מישער, ווי מען וואָלט געשאָטן שטיינער אויף אַ בלעכענעם דאַך. ס׳האָבן זיך דערהערט ווייטע קולות, וואָס האָבן זיך געקייקלט ווי כוואַליעס ביים ברעג ים, וואָס שלאָגן זיך אָן, אָן פעלדזן און פאַלן צוריק.

אין גאַס איז געוואָרן טומלדיקער, כאַאָטישער. פונעם טומל אַרויס, האָבן זיך דערטראָגן געשרייען: — „מען פירט געפאַנגענע יידן, פונעם פראָנט פון פאַלעסטין״...

אינעם המון, האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרשוויצטע, פאַרגאַרטלטע פּאָ־ליציאַנטן, מיט קורצע פלעקלעך אין די הענט, און זיך באַמיט צו מאַכן אַ קייט פון געפלאָכטענע הענט, נאָר דער ווילדער המון לאָזט נישט, ביז זעלנער האָבן זיך אַריינגעמישט אין געדראַנג, זעלנער מיט ביקסן, מיט אָנגעצויגענע באַגנעטן, ווילדע, צעפלאַמטע. זיי האָבן זיך נישט געשפּילט ווי די פּאָליציי, זיי האָבן אָפּגעפייערט אַ פּאָר שאָסן אין דער לופט, געלאָזט אין גאַנג די קאָלבעס, און זיי האָבן געמאַכט אַ וואַרע. ס׳האָבן זיך באַוויזן די געפאַנגענע, וואָס האָבן שטאַרק אַנטוישט דעם המון.

בסך הכל האָט מען געפירט איין איינציקע אשה, אַ מיטליאָריקע יידישע פרוי, מיט אַ צעפּאַטלטן פאַרשטויבטן קאָפּ, ווי באַשאָטן מיט מעל, מיט אַ רונדן געזיכט, אויסגעשמירט אין בלאָטע, בלוט און שוויס, און מיט גע־שוואָלענע אויגן. די פרוי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ זעלנערישן „באַטל־דרעס״, מיט אַקסל־בענדער. דער באַטל־דרעס איז געווען פאַרקנעפּלט ביזן האַלדז. זי האָט געטראָגן אַ צעריסן קלייד, פון וועלכן ס׳האָבן זיך אַרויס־געזען נאַקעטע, צעראַצטע, פאַרבלוטיקטע פיס.

אין אָנבליק פון דער פאַרליטענער פרוי, איז דער המון געבליבן שטיל. נאָר די באַוואָפנטע באַגלייטער האָבן נישט געשלאָסן די מיילער, נישט אויפ־געהערט צו שרייען און שיטן מיט ניבול פה. די פרוי האָט זיך קוים באַוועגט, אָבער דעם קאָפּ, האָט זי געהאַלטן הויך, פאַררעסן, און איר פנים האָט אויס־געדריקט איראָניע, געמישט מיט עקל און ביטול.

— „יאַללאַ, יאַללאַ, גודאַם — פאָרויס, יאַללאַ, יאַללאַ, יאַ שיטאַן (טייוול), יאַ יהודיה, יאַללאַ״, — האָבן געברילט די זעלנער און זי געשטויסן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, — „יאַללאַ״!

אין גאַס איז גיך געוואָרן גערעם. ווער ס׳האָט זיך אָפּגעטראָגן מיט בושה און אַנטוישונג, און ווער מיט כעס און מיט זידל ווערטער: — „אָט האָסטו דיר געפּאַנגענע פון פּאַלעסטין״!

— „אַ צעבראָכענע אשה, אַ סיט, אַ שיינע געפּאַנגענע, אַ צירונג״...

— „דאָס איז אַלץ״?

גאַסן־יונגען האָבן געשפּיגן אין דער ריכטונג פון דער פרוי, געוואָרפן אין איר ריכטונג שטיינער מיט שטיקלעך האָלץ, מער צו טרעפן אירע באַגלייטער, די זעלנער, ווי איר, דער געפּאַנגענער.

אונטער דער שוץ פון די באַוואָפנטע זעלנער, זענען די פּאָליציאַנטן געוואָרן דרייסט און פאַרריסן און געלאָזן אין גאַנג זייערע פלעקלעך איבער די קעפּ פון די נישט געהאָרכזאַמע פונעם המון. דאָס איז נאָר געווען „אַ דרויף״ אויף די קלעפּ פון די זעלנער, וואָס האָבן מכבד געווען די באַ־ליידיקטע ווו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. זיי האָבן געשלאָגן ביז בלוט. וואָרעם אַזוינס, איז נאָך נישט געהערט געוואָרן. ציוויליסטן, שטינקער, וואַרפן שטיינער אויף זעלנער, בעת זיי דערפילן זייער פליכט!

אַזוי האָט מען יעמאָלט געפירט די מושבניצע, רבקה, פון משמר הירדן, איבער די גאַסן פון דמשק, צו דער „קישלע״ (תפיסה), מיט דער כונה אַ ביסל צו פאַרווילן דעם המון, און ס׳האָט זיך באַקומען דאָס פאַרקערטע. דער המון האָט זיך צעשפּרייט מיט קללות, מיט געמיטער, ווי נאָך אַ לויה.

— „אַ מיטליאָריקע, צעבראָכענע פרוי, אַ שיינע געפּאַנגענע! אין אַל דינהום, — אין זייער גאָט אַריין״!

רבקה איז געווען טויט־מיד, הונגעריק, צעבראָכן, נאָר טיפער לעבנס־ווילן, מיט אינערלעכער זעלבסטווירדע, האָט איר געגעבן כח צו בלייבן שטיין אויף די פיס, האַלטן הויך דעם קאָפּ און זיך נישט אונטערגעבן די שוואַכקייט. אירע צעפּלאַצטע, טרוקענע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, ווי זי וואָלט תפילה געטאָן בלחש. אַן אַרומגערינגלטע פון זעלנער, אין מיטן פון אַ צעווילדעוועטן המון, האָט זי נישט אויפגעהערט איינחזרן מיט זיך אַליין:

— „איר וועט פּלאַצן, איר וועט פריער משוגע ווערן, איר, איר מנובלים, איר כלבים, איר׳ט נישט דערלעבען זען מיין פאַלן... איר׳ט נישט דערלעבן, יאַ כלאַב״! (הינט).

אַזוי האָט מען איר דערפירט צו דער תפיסה און אַריינגעשטויסן דורכן אײַזערנעם טויער, ווו זי איז געבליבן שטיין אַקעגן עטלעכע אָפּגעפּרעסענע טורמע־וועכטער, וואָס האָבן זיך באַלד געוואָרפן אויף איר און גענומען שלעפּן פאַר די הענט. זייער באַריר האָט איר אויפגעבראַכט און געעקלט. ס׳האָבן אין איר גענומען אָנקוועלן אינערלעכע, פאַרבאָרגענע קרעפטן. זי האָט באַוויזן צו באַפרייען אירע הענט, זיך צו וואַרפן מיט די נעגל אויף די פּרצופים פון די פּייניקער, וואָס זענען אינסטינקטיוו, צוריקגעשפּרונגען הינטער־ווײַלעכץ.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי פון אַ זעץ מיט אַ קאָלבע פון אַ ביקס איבערן קאָפּ איז זי געפאַלן אין חלשות.

די טורמע־וועכטער האָבן איר אַריינגעוואָרפן, ווי אַ זאַק, אין אַ צעל, וואָס איז פול געווען מיט אַראַבישע אַרעסטאַנטן. נאָך דעם האָבן די וועכטער פאַרקלאַפּט הינטער זיך די אײַזערנע טיר און געבליבן שטיין פאַרשעמטע אין קאָרעדאָר, מיט פולע מײַלער ניבול פּה: — אַזאַ בושה! פאַר די אויגן פון די זעלבער און צענדליקער אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן געגלאָצט פון אַלע תפיסה־פענצטער, האָבן זיי, די באַצווינגער, אָפּגעטראָטן פאַר אַ שוואַכער פרוי... אַללאַ, יאַ אַללאַ, אַזאַ בושה!

— „דזשאַבאַניק — פּחדנים״, זענען געפאַלן אויסרופן פון די תפיסה צעלן.

— „דזשאַבאַניק״!

✱

דעם זעלבן פאַרנאַכט, האָט מען געבראַכט נאָך געפאַנגענע יידישע פרויען פון יענער געגנט, וואָס מען האָט געפירט מיטן וועג פון קונייטרה. דער וועג איז געווען ליידיק און די געפאַנגענע האָבן געהאַט צו טאָן נאָר מיט זייערע באַוואָפנטע באַגלייטער און נישט מיטן פאַרווילדעוועטן גאַסן־המון. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי זיך געטוליעט איינע צו דער צווייטער, געקריצט מיט די ציין און געשוויגן.

דאָס איבערגעלעבטע אין די לעצטע פאַר מעת־לעת, האָט זיי לכתחילה דערשיטערט, נאָכהער פאַרשטיינערט, ביז נישט צו קענען צונויפבינדן פיצ־לעך מחשבות, וואָס האָבן געשניטן ווי מעסערס.

באַלד ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַראַבישע אינוואַזיע קיין ארץ־ישראל, איז משמר הירדן, ווי אַ גרענעץ־פּונקט, געווען די ערשטע, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין פייער. די סירישע אינוואַזאָרן האָבן באָמבאַרדירט דעם פרידלעכן ישוב מיט האַרמאַטן און מאָרטאָרן מכל המינים, און זיך באַמיט אָפּשניידן דעם פּונקט פון הינטערלאַנד.

די דערוואַקסענע באַפעלקערונג פון יענעם קליינעם ישוב, וואָס איז געווען מסוגל זיך קעגנשטעלן דעם שונא מיט געווער אין די הענט, האָט געציילט 4 צענדליק מענער און פרויען, מיט נאָך אַ פּאָר צענדליק יוגנט־לעכע, וואָס האָבן זיי געדינט ווי שליחים און פאַרבינדלער.

די מענטשן האָבן זיך איינגעגראָבן און פאַרבאַריקאַדירט אין עטלעכע ערטער, מיטן אייזערנעם ווילן זיך צו פאַרטיידיקן ביזן סוף, וויסנדיק אַז עס איז דאָ אַ קנאַפּע האָפענונג צו קריגן הילף פון דרויסן. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי שטייען אָפּגעשניטן פונעם גאַנצן אַרום.

די עטלעכע צענדליק פאַרטיידיקער פון משמר הירדן, פרידלעכע, פאַר־וואָרצלטע ערד־אַרבעטער, האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט הונדערטער רעגולערע, סירישע זעלנער, באַוואָפנטע מיט האַרמאַטן און טאַנקען. ביידע צדדים האָבן נישט געוווּסט איינער דעם צווייטנס כח. די סיריער האָבן זיך נישט פאָרגע־שטעלט, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ הויפן ציוויליסטן, מענער און פרויען, אָפּגעריסענע פון אַקער־אייזן, באַוואָפנטע מיט פאַרעלטערטע ביקסן, מיט אַ פּאָר אַלטע מיטראַליעזעס און פרימיטיווע האַנט גראַנאַטן. די יידן ווידער האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז זיי שטעלן דאָ אַ ווידערשטאַנד, אַ כח פון הונדערטער געשולטע זעלנער מיט אַ סך כלי משחית. צוריקגערעדט: — ווען די יידישע באַשיצער וואָלטן עס יאָ געוווּסט, וואָלטן זיי זיך אויך נישט אונטערגעגעבן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו פאַרטיידיקן די היים, מיט די שטיקלעך ערד, וואָס זיי באַאַרבעטן, — אָט די פּיצלעך ערד פון אויבערשטן גליל, וואָס זיי, מיט זייערע עלטערן, האָבן אויסגעשטיי־ניקט, גערייניקט פון דערנער, אויפגעריסן מיט ציין און נעגל, געזעטיקט מיט זייער שווייס און פּראַצע, ביז עס האָט געגומען געבן פרוכט.

די מענטשן, פון משמר הירדן, האָבן אין זייער זכרון געטראָגן דעם ביטערן יאָר 1936, וואָס האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיט בלוט און פייער.

אין יענעם יאָר, האָבן פאַרהעצטע אַראַבער, פוןביידע זייטן ירדן, נישט איין מאָל באַפאַלן זייער היים, אַוועקגערויבט זייערע בהמות און אויפגעריסן דעם וואַסער-רעזערוואַר. זיי געדענקען גוט יענע צייטן, ווען די אַראַבישע כנופיות האָבן אַוועקגעלאָזט מיט פייער די צייטיקע תבואה אין פעלד, און נאָכהער פאַרברענט דעם גורן אין האַרצן פון ישוב, — דעם גורן, ווו ס׳איז געלעגן גרייט צום דרעשן די פראַצע פון אַ גאַנצן זומער. זיי געדענקען, ווי זיי זענען געבליבן אָן אַ קערעלע צו מאָלן אויף ברויט. זיי פאַרגעסן נישט, ווי דער ווילן צו באַשטיין, האָט זיי געגעבן כח, ווידער צו אַקערן, ווידער זייען און פלאַנצן פונ׳סניי בייטאָג, און וואַכן, באַוואָפנטע, אין די נעכט, נאָכן פאַרשלינגען כלערליי פילן מיט כינין, אַניט וואָלט די מאַלאַריע פאַרצערט ס׳לעצט ביסל קרעפטן.

די פלאַמען פון גורן, פון יענער אימה-נאַכט, שטייען תמיד פאַר זייערע אויגן. פון די פלאַמען קוקן אַרויס פנימער פון געפאַלענע פאָטערס און זין. זיי געדענקען אַלץ, ביזן קלענסטן פּרט. אַזוינס פאַרגעסט מען קיין מאָל נישט.



ווי קיל ס׳איז נישט געווען ביינאַכט אין דרויסן, איז גרויס געווען די שטיקנדע היץ אין די דומפּיקע תפיסה-צעלן פון דמשק, נישט אויסצוהאַלטן. אויף שמוציקע שמאַטעס און צעריסענע זעלנערישע קאָלדרעס, זענען דאָרטן געלעגן אויסגעלייגט אַראַבישע אַרעסטאַנטן, יעדערער מיט זיין אומגליק. אַלע האָבן שלעכט געשלאָפן: ווער ס׳הט געזיפצט פון שלאָף, ווער ס׳האָט גערעדט, ווער ס׳האָט געשנאָרכט. די לופט האָט געשטונקען... צו דער שטי־קעניש איז צוגעקומען דער עיפּוש פונעם קיבעל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. אומפּלייט האָט געביסן, געגנאָגט אַיעדערן ס׳בלוט. אַללאַ, יאַ אַללאַ!

נאָכן ליגן עטלעכע פאַרחלשטע שעהן אויפן נאַקעטן, שטיינערנעם דיל, איז רבקה ביסלעכווייז געקומען צו זיך און דערפילט אַ מוראדיקן קאָפּ־ווייטאָק. זי האָט פּרובירט אויפמאַכן די פאַרקלעפּטע אויגן, זיך אַרומצוקוקן. זי האָט נישט געדענקט און נישט פאַרשטאַנען ווו זי געפינט זיך.

וואָס טוט זי דאָ? ווי איז זי אַהער געקומען? די שעהן האָבן זיך גע־צויגן, ביז איר מוח האָט גענומען דערוואַכן. זי האָט זיך דערמאָנט אָנעם

נעכטיקן טאָג. יעדער גליד איז איר געווען שווער, ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. דאָס מינדעסטע דריי מיטן קאָפּ, האָט איר גורם געווען יסורים.

„רבונו של עולם", האָט זי טיף אַ כליפּע געטאָן. זי איז אַ ווײַלע אָנ־דרימלט געוואָרן, געטומען חלומען פון עפּעס אַ ווייטער, ווייטער וועלט, איינגעהילט אין ווייסלעכן נעפּל.

— — — פון אַ ווייטן באַרג־אַראָפּ, זעט זי די רויטע דעכער פון ראש פינה, וואָס איז געלעגן אַן איינגעטונקטע אין גרינס, און איינגעפּאַסטע אין הויכע, גרינע קרוינען פון עקאַליפּטוסן. די קרוינען באַוועגן זיך, זייערע לענגלעכע שטייפע בלעטער, קלינגען ווי גלעקלעך...

ס'איז הייס. ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַן אָנגעגליטער מזרח־ווינט, אַ „שרקיה", ווי איר פאָטער, מנחם, פלעגט זאָגן.

בינען זשומען, פלאַטערלעך פליען און שפּילן זיך מיט זונען־שטראַלן. אָט זיצט זי דאָרטן, אונטערן באַרג, וווּ ס'וואַקסן שורות צעבליטע מאַנדל־בוימער, אויסגעפּוצטע אין ווייסע, שמעקעדיקע קרינאַלינעס. פויגל פליען איבער זיי. פאַרביי די בוימער, טראָגן זיך, ווי רוחות, בחורים, מיט איינ־געהילטע קעפּ אין ווייסע קעפיעס. זיי זיצן שטייף אויף היציקע פערד. די שפּאַנען באַפּוצטע מיט ניקלנע, גלאַנציקע קנעפּ. די בחורים זענען אָנגעגורט מיט ברייטע לעדערנע גורטן. אין די גורטן שטעקן רעוואָלווערן מיט פּערל־מוטערנע הענטלעך. די בחורים שפּילן זיך מיט בייטשלעך אין די הענט. זיי טראָגן שטיוול מיט שפּאָרן, צו קיצלען און פאָרסירן די פערד אין זייער לויף. די בחורים באַוואַכן יידישע פעלדער, גערטנער און כרמים, וואָס זענען מער נישט הפקר ווי אַ מאָל, ווען יעדער מושבניק האָט שטילערהייט געצאָלט כופר דעם שייך פון דעם שבט.

רבקה דערמאָנט זיך אָן איר חיימען, איינער פון מנחמס זין, וואָס זענען דאָרטן געבוירן געוואָרן, און אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט די עקאַליפּטוסן און מאַנדל בוימער, צוזאַמען מיט די קנאַכיקע עצי זית און פייגן בוימער, צוזאַמען מיט די תבואות און בעלי־חי וואָס זיינען צוגעווּוינט זיך צו באַ־נוגענען מיט ווייניק און אַ סך צו פאַרצערן, פון אַ שפּראָץ אויף טאָג, ביז שקיעה. די מענטשן פלעגן נישט איין מאָל איינדרימלען אויפן זאָטל פון פערד, וואָס איז דאָ אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט זיי. ביידע האָבן זיך גוט

געקענט, פאַרשטאַנען און ליב געהאַט. די פערד האָבן געטראָגן מענטשלעכע נעמען, ווי „מלך״, „גבור״, „שמשון״, „שחורי״ וכדומה.

מנחם, איר שווער, איז געווען, אין גליל, איינער פון די ראשונים. ער איז עולה געווען פון דווינסק, אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן, שוין זיך פריער באַזעצט אין שפרעם, ווו ס׳האָבן יעמאָלט געלעבט עטלעכע יידישע משפחות. מנחם האָט דאָרטן געקויפט אַ נחלה, אַ פעלד, אַ פּאָר אָקסן, מויל־אייזלען און אַ פּאָר קעמלען, זיך איינגעלעבט, ווי איינער פון די לאַנג איינגעזעסענע בני הארץ, די ישמעאלים, און געלעבט און זיך געקליידט ווי זיי.

מנחם פלעגט איינטענהן מיט זיינע צען זין און טעכטער, אַז „אין ארץ־ישראל דאַרפן מיר נישט קיין פּראָפעסאָרן, נישט קיין דאָקטוירים. מיר דאַרפן דאָ פּשוטע אַרבעטס מענטשן, יגיע־כפּיימניקעס דאַרפן מיר דאָ, וואָס זאָלן לעבן פון זייער שוויס, זיך קליידן אין „טובן״ — קאַפּטאַנעס, זיך שפּייזן מיט אייגענעם גאָב פון דער מאַמע ערד, מיט אייגן געבאַקענע פּיטעס, געטונקטע אין אייגענע שמן־זית, און פאַרטרינקען מיט מים חיים פון אַ ליימענעם קרוג. אַזוי, אָט אַזוי דאַרפן מיר לעבן, אַזוי״...

האָט מנחם אויסגעבויט אַ שטיבל, ווייטלעך פון שפרעם, צופוסנס פון אַ באַרג, צווישן אַלטע איילבערט בוימער, נישט ווייט פון דער הייל פון תנא בן בבא. דאָרטן האָט ער געלעבט מיט זיין ווייב און קינדער, שטרענג געהערשט איבער זיי, און האַרב באַשטראָפט פאַר דער מינדעסטער עצלנות. זיינע זין און טעכטער האָבן נישט געטאָרט מורא האָבן אַליין אַרויסגיין אין פינצטערע נעכט אין דרויסן, אַרומקרייזן די נחלה אין רעגן און שטורעמס, איינזאַפּן אין זיך, אין בלוט אַריין, די לופט פון ארץ ישראל, צוזאַמען מיטן געוויין פון די שאַקאַלן.

אָט אַזוי האָט מנחם געהאָדעוועט זיין דור.

נאָך עטלעכע שווערע יאָרן, האָט מנחם זיך מתגבר געווען איבער זיך אַליין. ער האָט נישט געקענט לעבן אָן יידן פון זיינס גלייכן. די קינדער זענען געוואַקסן צווישן ישמעאלים, און אַזוי ווי ער האָט געזאָרגט פאַר זייער מאָרגן, האָט ער אָן שהיות פאַרקויפט די נחלה אין שפרעם (אַ שיינע גוטע נחלה), אָנגעלאָדן דאָס באַוועגלעכע גוטס אויף זיינע מויל־אייזלען, אָקסן און קעמלען, אַרויפגעזעצט ס׳ווייב און קליינוואַרג אויף פרידות, און

צוזאַמען מיט די עלטערע זין, זיך געלאָזט גיין צופוס, דורך באַרג שטעגן, קיין רמה, פון רמה קיין צפת עיר הקודש, און פון צפת קיין ראש פינה, בויען אַ נייעם ווינקל, פאַר זיך און פאַר דער משפחה, אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. יידישע קינדער דאַרפן אויך לערנען תורה, אין שפּרעם איז אַזוינס נישט געווען מעגלעך.

— — — — — — — — — — — — — —

די טיפע מידקייט פון דאָס איבערגעלעבטע אין די לעצטע וואָכן, די שפּאַנונג, מיט די לאַנגע שמירה נעכט אין דער געוועזענער היים, האָט רבקהן איבערוועלטיקט, און זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף. זי האָט נישט געפילט דעם אויפגאַנג פון אַ נייעם טאָג, ווען די שפּיצן פון מינאַרעטן אין דמשק האָבן זיך גענומען רויטלען, און מואַזינען אין ווייסע קאָפּטיכער האָבן פאַרלייגט הענט אויף אויערן, טריט ביי טריט אַרומצו־קרייזן אויף די באַלקאָנדלעך פון די מינאַרעטן, צו וועקן פון שלאָף די גלויביקע בני־ערב, מיט פּסוקים פון פרימאָרגן תפילות:

„אַללאַ, יאַ אַללאַ, אַללאַ יאַ אַקבאַר, — גאָט דו אַלמעכטיקער״!

„או — נאַבי מוחמד, ראַסול אַללאַ, — און דער נביא מוחמד דער שליח פון גאָט״!

„אַללאַ, יאַ אַקבאַר״!

די אַרעסטאַנטן אין תפיסה, האָבן זיך גענומען פויל אויפהויבן פון זייערע געלעגערס, געקרעכצט, גענומען ווישן די אויגן, אויסגלייכן די אָפּגעלעגענע גלידער, און געוואַרט די וועכטער זאָלן זיי אַרויסלאָזן אין הויף צו וואַשן הענט און פיס, זיך בויגן און קניען, פאַלן כורעים, מתפלל זיין די פרימאָרגנדיקע תפילה, און נאָך דעם קריגן די פּיטע מיט די אייל־בערטן, צו באַשפּייזן דעם אויסגעצערטן גוף, ביזן צווייטן מאָלצייט, שקיעה צייט.

די אַרעסטאַנטן זענען געשטאַנען גרייט, ביי זייערע צונויפגעוויקלטע מאַטעס און דעקעס און געוואַרט, ביז עס וועט זיך אויפמאַכן די אייזערנע טיר מיטן באַקאַנטן סקריפּ, דורך וועלכער זיי וועלן זיך לאָזן אין הויף אַרויס, און אינעם גאַנג, קריגן אַ דרויף מיט אַ שפּיץ־רוט, אויפן חשבן פון אַ לאַנגן, אָנסופיקן, שמוציק־עלנטן טאָג.

זענען אַלע געשטאַנען און געוואַרט, חוץ רבקהן, וואָס איז געלעגן אין אַ ווינקל מיט פאַרטריקנט בלוט און שמוץ אויפן פנים און מיט נאַקעטע, געשוואָלענע פיס.

רבקה איז געשלאָפן, גאָרנישט צו זען און הערן, ביז — — — די טיר האָט אויפגעפראַלט, די אַרעסטירטע זענען אַרויס, וואַרפנדיק אויף איר אלכסונדיקע — רחמנות בליקן, ביז, ביז אַ בייזער תפיסה וועכטער, מיט אַ רויטן פעס אויפן קאָפּ, האָט איר גענומען וועקן און שטויסן מיטן שפּיץ פון זיין שוך. אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, און רבקה האָט זיך נישט גערירט, האָט ער איר אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער.

דער שטראָם וואַסער האָט איר געטראָפן אין פנים, און אַריינגעדרונגען אין אויפגעקנעפּלטן באַטל־דרעס. זי איז אויפגעשפרונגען אַ צעטומלטע, קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. באַלד איז זי צו זיך געקומען און דערזען דעם אָפּגעפּרעסענעם פּרצוף פון וועכטער, מיטן רויטן פעס אויפן קאָפּ.

— „מנובל, מנובל שכמוך", האָט זי אויסגעשריען, — „אַזאַ גיבור, אַן אמתער „דזשעדאַ" אַקעגן אַ שוצלאָזער פרוי, מנובל"!

האָט זיך דער וועכטער צעהיצט, דערמאָנענדיק זיך אָן די נעכטיקע בזיונות. מיט רציחה האָט ער איר גענומען בייטשן מיט זיין שפּיץ־רוט, ער האָט געזאָטן און געבייטשט, מיט שוים אויף די ליפּן און געברילט:

— „דו אַלטע שאַרמוטאַ (זונה), דו יידישער אָפּפאַל, דו, דו — — — באַלד וועט דאָ זיין דיין סוף"!

זי האָט אים אָנגעשפּיגן אין פנים, פליענק אַרויסגעשפּרונגען פון צעל, און גענומען לויפן לענג אויס דעם טוכלען קאָרעדאָר. זי איז געלאָפן, און ער נאָך איר. זי איז אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז אַן עלטערער מאַן, אין אַן אָפיצירן־מונדיר, האָט איר פאַרצוימט דעם וועג און פאַרהאַלטן, צו מאַכן אָפּהענטיק דעם צערייצטן וועכטער.

רבקה האָט באַלד תופס געווען, אַז דאָס דאַרף זיין אַ גרויסער „קנעפּל", איז זי געבליבן שטיין קוים צו אָטעמען. איר צעביילט, פאַרשוואָלן פנים, איר גאַנצער הולך, האָט געווירקט אויפן אָפיציר, וואָס האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פוס, אויסשרייענדיק צום וועכטער: — „שו־האַדאַ? וואָס קומט דאָ

פאַר? ווי קומט דאָ די פרוי אין קאָרעדאָר? וואָס איז זי, — משוגע?"

„איך בין נישט משוגע", האָט זי, סאָפּענדיק, געענטפערט מיט צאָרן אין אַראַביש לשון. „איר זענט משוגע, גבורים וואָס איר זענט — קעגן אַן איין איינציקער, געפאַנגענער, שוצלאָזער פרוי. וואַרט, אונדזערע וועלן שוין מאַכן מיט אייך דעם חשבון"...

דער אָפיציר האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק רבקהס תוכחה. ער האָט איר אַריינגעפירט אין אַ געראַרומיק, ליכטיקן צימער און געלאָזן שטיין אָנ־געלענט אָן אַ וואַנט. דער קאָפּ האָט איר מוראדיק ווי געטאָן. אין די שלייפן האָט געהאַמערט. זי געדענקט נישט, ווי לאַנג זי איז אַזוי געשטאַנען ביי דער וואַנט מיט פאַרמאַכטע אויגן.

אַז עס איז איר אַ ביסל לייכטער געוואָרן, האָט זי אויפגעמאַכט די אויגן און דערזען לעבן זיך דעם מונדירטן, עלטערן מאַן, וואָס האָט שטיל, אָן זלזולים, איר געהייסן זיך זעצן אויף אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון איר. זיין געלאַסן קול האָט איר אַ ביסל באַרויִקט. אינסטינקטיוו האָט זי גענומען צוקנעפּלען דעם נאַסן באַטל־דרעס, און מיט ציטריקע פינגער אויסגלייכן די צעשויבערטע האָר אויפן קאָפּ.

— „זיץ, יאַ סיט, זיץ און באַרויִק זיך".

זי האָט געפאָלגט, זיך אַוועקגעזעצט, און אַרונטערגערוקט די באַקעטע, געשוואָלענע פיס אונטערן שטול.

— איין תפילה האָט זי געהאַט: בלייבן שטייף און חלילה נישט ווייזן קיין טרערן פון שוואַכקייט כלפּי דעם מונדירטן מאַן, וואָס איז געווען העפלעך, אָבער אַ שונא.

זי איז אַ ווײַלע געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט די אויגן צו דער ערד. דער מאַן האָט געשוויגן, נאָכער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. עס איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציאַנט און געבליבן שטיין אויסגעצויגן.

— „צוויי מאָל קאַווע", האָט ער באַפוילן.

דער פּאָליציאַנט איז אַרויס און גיך צוריקגעקומען מיט צוויי טעפּעלעך קאַווע. דער מאַן האָט איין קאַווע אַוועקגעשטעלט אויף זיין שרייב־טיש, פאַר זיך, און די צווייטע דערלאַנגט רבקהן. לכתחילה האָט זיך רבקה געוואַקלט, זאָל זי עס נעמען, צי נישט נעמען? אָבער זי האָט גענומען,

און מיט איין זופּ אַראָפּגעשלונגען. די וואַרימע, דופטיקע פליסיקייט האָט איר דערמונטערט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין מער ווי אַ מעת לעת, ווי זי האָט גאָרנישט טועם געווען.

— „אַזעלכע גבורים, אַזעלכע״, האָט זי גענומען שטאַמלען אין אַראַביש לשון, ווי צו זיך אַליין, „אַז כ׳האָב נעכטן אין דער פרי געבעטן אַ זופּ וואַסער, האָט מיר אַ זעלנער דערלאַנגט זיין פליאַשקע. איך האָב עס נישט באַוויזן צורירן צו די ליפּן, ווי אַ צווייטער זעלנער האָט די פליאַשקע אַרויסגעריסן פון מיין האַנט, און ס׳ביסל וואַסער אויסגעגאָסן אין הייסן זאַמד... אַזעלכע גבורים, אַזעלכע״...

דער אָפיציר האָט אָפּגעווונעדט זיינע אויגן פון רבקהן, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל ביים שרייב־טיש, נישט אָנצורירן זיין קאַווע, און געלאָסן געזומען ענטפערן, ווי ער וואָלט אויך גערעדט צו זיך אַליין, און נישט צו איר:

— „כאַרב, יאַ סיט, ס׳איז אַ מלחמה, פרוי, יאַ, מלחמה״...

— „מיט וועמען? מיט עלטערע פרויען״?

— „יאַ, מיט פרויען, וואָס געבערן געוועזן געוואָר ווי מענער. מען האָט דאָך דיר געכאַפּט מיט געווער אין האַנט. אַזוי איז געשריבן אין די פּאַפּירן, וואָס מען האָט מיר צוגעשטעלט, געשריבן שוואַרץ אויף ווייס״...

דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג, האָט מען איר געבראַכט אַ פּעקל מיט עטלעכע שטיקלעך וועש, אַ פּאָר אַלטע לאַטשן, אַ כאַלאַט, מיט אַ זעלנערשן ראָק אָן קנעפּלעך. דעם פּעקל האָט מען איר אַריינגעשטופּט אין האַנט, צוזאַמען מיט אַ צינקענער שיסל, אַ לעפל, אַ פּאָר פּיטעס, עטלעכע טייטלען מיט אַ קליין קרענצל טרוקענע פייגן, און אַרויסגעפירט פון דער תפיסה, ערגעץ ווייט אין אַ בנין פון אַ קאַזאַרמע, ווי אַ פעסטונג, מיט מויערן אַרום, וואָס איז פון דרויסן געווען אַרומגעגאַרטלט מיט ספּיראַלן שטעכעדיקן דראָט.

*

אין דער פעסטונג איז רבקה אָנגעקומען פאַרנאַכט. די באַוואָפנטע באַגלייטער האָבן איר איבערגעגעבן אַן אָרטיקן פּאָליציאַנט, וואָס האָט איר אַריינגעפירט אין אַ ליידיקער וואַך־שטוב, וווּ זי איז געבליבן אַליין, פאַר־שלאָסן, ביז מאָרגן פרי.

יענעם פרימאָרגן איז דער וועטער געווען מילד. ס׳איז געווען אַ הארבסט טאָג. די זון האָט געוואַרעמט און נישט געבריט, טויבן האָבן געשוועבט אין דער לופט. פון דער לײדיקער וואַך־שטוב האָט מען רבקהן אַרײנגעפירט אין אַ רחבותדיקן הויף, דורכגעשניטן מיט סטעזשקעס, באַ־צײכנטע פון בײדע זײטן מיט געקאַלכטע שטײנער. אין הויף האָבן זיך ווי נישט ווו געריסן אין דער הויך פאַרשטויבטע פאַלמעס, אַרומגעהאָנגענע פון אויבן ביז אונטן מיט בינט טרוקענע לולבים בלעטער, וואָס האָבן דערמאָנט דעם לבוש פון דזשונגל־מענטשן ערגעץ אין אַפריקע, ווײט, ווײט פון יענער זײט וועלט.

דער הויף איז געווען געשניטן אין קוואַדראַטן, אָפּגעגרענעצטע אײנער פון צווײטן מיט דאָפּלטע צוימען פון שטעכעדיקן דראָט. אין אײנעם אַזאַ קוואַדראַט, האָט מען אַרײנגעשטופּט רבקהן, פאַרשליסנדיק הינטער איר דעם אַרײנגאַנג. רבקה איז געבליבן שטײן פאַרגאַפט. זי האָט זיך אַרומ־געקוקט און דערזען זיצן אַ קרײז פרויען, אין גרויע כאַלאַטן פון זאַק־שטאָף. זײ זענען געזעסן בײ אַ וואַנט פון אַ חושכדיקן בנין, פון קײנעם נישט באַוואַכט. זי האָט זיך נאָך אַ מאָל אַרומגעקוקט, צי דאָס איז וואָר, און לאַנגזאַם, מיטן פעקל אין האַנט, זיך דערנענטערט צו זײ. צו איר איבער־ראַשונג זענען אַ פּאָר פון זײ אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צו איר, זי אָנגע־קוקט און גענומען שרײען:

— „משלנו! אַן אונדזעריקע, משלנו״!

ס׳האָבן איר באַלד אַרומגערינגלט די איבעריקע פרויען, געטומלט און גערעדט אַלע צוזאַמען בקול רם, ביז זײ האָבן איר געבראַכט צו יענעם אָרט, בײ דער וואַנט פונעם בנין, ווו זײ זענען פריער געזעסן. די פרויען זענען אויך געווען געפאַנגענע פון גליל, וואָס די סורישע מיליטער האָט פאַר־שלעפּט קײן דמשק, ווי „קריגס־טראָפּײען״.

רבקה איז דורכגענומען געוואָרן מיט אַן אינערלעכער וואַרעמקײט, — „ייִדישע פרויען, געפאַנגענע״, — האָט זי געשטאַמלט צו זיך אַלײן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, פאַרלײגט די הענט איבערן קאָפּ, און גענומען אַלעמען באַטראַכטן: — „אַלע יונגע״, ווי זײ וואָלטן געווען אירע טעכטער, אירע אײגענע קינדער — — —

ס׳האָט זיך איר געוואָלט אַלעמען אַרומנעמען און צודריקן צו זיך. זי האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און זיך פאַרנאַנדערגעוויינט. דאָ האָט זי נישט געדאַרפט באַהאַלטן אירע טרערן, וואָס האָבן געוואַשן איר פּנים. דאָ איז זי געווען צווישן אייגענע. די נאָענטע יידישע פּנימער, ס׳היימיש לשון, דער בשותפותדיקער גורל, האָט איר פריער עמאַציאָנירט, נאָכער באַרויִקט. ס׳האָט זיך איר געוואָלט נישט נאָר הערן די קלאַנגען פון איר מוטער שפּראַך, נאָר אויך עפּעס זאָגן, וואָס זאָל טרייסטן. זי האָט געוואָלט עפּעס פרעגן, און נישט געפונען די פּאַסיקע ווערטער, מיט וואָס אָנצוהויבן.

— „אַזוי, אַזוי, יאָ, יאָ קינדער מיינע, נעמט מיין פּעקל, בינדט עס פאַרנאַנדער, איר וועט דאָרטן געפינען פייגן מיט טייטלען, געניסט טעכטער מיינע, טייערינקע״...



ס׳איז נישט אַוועק קיין שעה, ווי מען איז געקומען איר נעמען אויף אַ נייער אויספאָרשונג, נישט צו זאָגן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבנדיק אַ חשש, אַז זי וועט נישט גיין מיט גוטן. מען האָט איר דערציילט, אַז מען פירט איר אין ביוראָ דורכצופירן אייניקע פאָרמאַליטעטן, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן. איז רבקה רויִק אויפגעשטאַנען און מיטגעגאַנגען מיטן טורמע־וועכטער, וואָס האָט איר צוגעפירט צו אַ טיר און גראָב אַריינ־געשטויסן אין אַ ליידיקן, ליכטיקן צימער, ווו די ווענט זענען געווען גאַ־קעטע, ווייס געקאַלכטע. נאָר איין בילד איז געווען אויף דער וואַנט, אַ בילד פון אַ יונגן מאַן אין בגדי מלכות, מיט אַ היטל ווי אַ שיפל, אַלכסונדיק פאַר־זעצט אויפן קאָפּ.

— „אַוודאי איז עס אַ יונגער מלך״, האָט רבקה געטראַכט.

אָן שהיות האָט מען איר צוגערופן צו אַ טיש, ווו ס׳זענען געזעסן צוויי מיטליאָריקע מיליטער־לייט. די מיליטער־לייט זענען געזעסן שטייף, אַרומ־געגאַרטלטע מיט ברייטע, גלאַנציקע גורטן, אויף וועלכע עס זענען דאָס מאָל נישט געהאָנגען קיין קאַבורעס מיט רעוואָלווערן. זייערע פּנימער זענען געווען גלאַט ראַזירטע, מיט קורצע וואָנצעלעך, פּנימער אָן אַ סימן פון אויסדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען געטעסעט פון שטיין.

אַ פּאָר מינוט האָבן איר געעגבערט צוויי פּאָר קאָלירלאָזע אויגן, ווי פון אַ גרוב אַרויס, ביז איינער האָט גענומען פרעגן, ווער זי איז, ווי אַלט זי איז, ווער און ווו זענען איר מאַן און קינדער און פון וואַנען זי שטאַמט. רבקה האָט אויף אַלע פראַגן געענטפערט אין אַ פּליסיקן, פאַלקסטימלעכן אַראַביש, וואָס האָט פאַרוווּנדערט די אויספאָרשער.

אַזוי רעדנדיק, האָט זיי רבקה דערציילט, אַז זי האָט ס׳אַראַביש לשון נישט געלערנט אין אַ שולע. זי איז געבוירן אין גליל, און ביז מען האָט איר דאָ פאַרשלעפּט, האָט זי זיך בשלום אויסגעלעבט מיט די אַראַבישע פעלאַכן פון איר סביבה. זי האָט מיט זיי געלעבט אין דער בעסטער פריינטשאַפט, זיי זענען געווען ביי איר בני בית, ווי די יידישע שכנים, אַזוי ביז די גע־שעענישן.

גיך איז פאַרשוווּנדן די רויִקייט פון די אויספאָרשער, וואָס האָבן איר שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— „ווו האָט איר באַהאַלטן אייער געווער״?

— „מיר האָבן גאָרנישט באַהאַלטן. יעדערער האָט געטראָגן מיט זיך זיין אייגן שטיק געווער״, האָט זי שאַרף געענטפערט אין זעלבן טאָן.

— „נישט דאָס געווער, וואָס איר האָט געטראָגן מיט זיך, נאָר יענע, פונעם מאַגאַזין, די באָמבעס, די האַנט גראַנאַטן, די שווערע שטיקער״...

האָט זיי רבקה דורכגעשטאָכן מיט אירע אויגן, וואָס זי האָט באַלד אָפּ־געווענדעט אָן אַ זייט, נישט צו ענטפערן אַ וואָרט.

די אויספאָרשער, האָבן ווי נישט באַמערקט, אַז רבקה קוקט אָן אַ זייט, און זיי האָבן ווידער גענומען שטעלן די זעלבע פראַגע, איין מאָל, נאָך אַ מאָל, און ווידער אַ מאָל.

רבקה האָט געשוויגן, ווי די אַנטקעגנדיקע וואַנט.

— „און וויפל פון אייעריקע זענען דערהרגעט געוואָרן פון אונדזערע טאַיאַרעס״ (אַעראָפּלאַנען)?

אויף דער פראַגע האָט רבקה יאָ געענטפערט: — „נישט איין איינציקער. מיר האָבן גוטע שוץ קעלערס. נישט איין איינציקער״, האָט זי איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט רעדן צו זיך אַליין.

— „ווען די הילף פון ראש פינה וואָלט נישט פאַרשפּעטיקט, וואָלטן

אייערע פיס נישט זוכה געווען צו באַטרעטן די ערד פון אונדזער ישוב, און איר וואָלט מיר דאָ נישט געפייניקט״...

איז איינער פון די אויספאַרשער אויפגעשפרונגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן.

— „פאַרמאַך דיין מויל, יידישע זונה״! מיר וועלן דיר באַלד אַזוי צע־פאַסעווען דיין שמוציק לייב, אַז, אַז״ — — — — האָט ער זיך פאַרכלינעט, אויפהויבנדיק אַ שפיץ־רוט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

זי האָט דערפילט איר הילפסלאָזיקייט, פאַרמאַכט די אויגן, און ווידער אָפּגעקערט דעם קאָפּ אָן אַ זייט, נאָר זי האָט באַלד דערפילט פייערדיקע בייטשן איבערן פּנים.

דער אויספאָרשער האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן בייטשן. ער איז צוגע־שפּרונגען צו איר און גענומען בריקען מיט די פיס. רבקה איז אַראָפּגעפאַלן פון שטול און באַלד זיך פלינק צוריקגעשטעלט אויף די פיס. אַ צעבלוטיקטע, האָט זי צאָרנדיק גענומען שרייען:

— „איר פּחדנים, איר כּלבים, גבורים גרויסע! ווידער אַזוי העלדיש קעגן אַן איינציקער, שוצלאָזער פרוי! וואַרט, וואַרט אויף אייער יום הדין! אונדזערע וועלן אייך פאַר אַלץ באַצאָלן, אונדזערע״ — — —

נאָכן פייניקן איר אַ פּאָר שעה, האָט איר אַ וועכטער אַרויסגעשלעפּט אין קאָרעדאָר, אַ צעבלוטיקטע, אַ פאַרחלשטע, ווו מען האָט איר, אַזוי ווי נעכטן, אין דער פריערדיקער תּפיסה, אָפּגעגאָסן מיט עטלעכע עמער קאַלט וואַסער.

ס׳זענען געקומען נאָך וועכטער, וואָס האָבן מיט רציחה איר אַרויסגע־שלעפּט אין הויף, און אַריינגעשליידערט אין דער מיט פון די צעשראָקענע פרויען, וואָס זענען גיך צו זיך געקומען, און אָפּגעשלאָגן די וועכטער מיט געביילטע פויסטן, מיט געשרייען און מיט — — — שפּייען, — זייער איינציק געווער אין דער אַראַבישער געפענגעניש.

ויהי ערב. ס׳האָט זיך פאַרענדיקט רבקהס ערשטער טאָג אין נייעם קערקער. אָבער איצט, האָט זי זיך געפונען צווישן אייגענע, וואָס האָבן איר אויסגעבעט אַ געלעגער אויף דער ערד, אונטערלייגנדיק אַלע מאַטעס און בגדים, וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי האָבן איר אַרומגעוואַשן, פאָרזיכטיק פאַר־

קעמט די האָר, געגלעט און באַרויִקט מיט די בעסטע ווערטער, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, ביז רבקה האָט זיך אָפּגעמינטערט. זי האָט אַלעמען געגלעט מיט אירע פאַרלאָפּענע אויגן און געמורמלט: — „תודה רבה, תודה, בנותי, תודה״.

נאָך דעם האָט זיך רבקה אומגעדרייט און זיך געמאַכט שלאָפנדיק.

רבקה האָט נישט געוווּסט ווי לאַנג זי איז אַזוי געלעגן, נישט אַ ריר צו טאָן מיט אַ גליד, וואָרעם יעדער ריר האָט איר פאַרשאַפט יסורים. צום סוף האָט זי איינגעדרעמלט פון שוואַכקייט, הערנדיק זייערע געשפּרעכן, אַז מאָרגן וועלן זיי נישט לאָזן איר אַוועקנעמען. זיי וועלן זיך אַקעגן שטעלן מיט אַלע קרעפטן, מיט פויסטן, מיט ציין און נעגל. זיי וועלן שרייען, אַז די ווענט וועלן ציטערן. זיי וועלן נישט לאָזן. ניין, ניין.

רבקה האָט זיך געוואָלט אויפהויבן און נישט געקענט. זי האָט געוואָלט זיי עפּעס זאָגן, אַרומנעמען אַלעמען צוזאַמען, האָבן איר די הענט נישט געדינט. איז זי געבליבן ליגן ווי פריער, ביז זי האָט אויפגעהערט הערן. זי איז פאַרטראָגן געוואָרן ווייט, ערגעץ ווייט פון דאַנען, אין דער חרובער היים, אונטער די בערג מאָסיוון, ווו עס שלענגלט זיך דער ירדן, וואָס שטראָמט אַרויס פון כנרת, ווו איר חיים שפּאַנט די מויל־אייזלען, קייקלט אַרויף אויפן וואָגן ליידיקע פעסער, צו ברענגען וואַסער פאַר דער היים, פאַר די בעלי־חי און פאַרן גאָרטן, צו באַוואַסערן ס׳גרינס, די יונגע ביימער, איר היים, די ווייטע היים — — —

— — — — — — — — — — — — — —

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט. זי האָט געפיבערט. די שלייפן האָבן געהאַמערט. זי איז געווען דורשטיק. אָבער ס׳האָט לאַנג נישט גע־דויערט, ווי זי איז צוריק אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן שלאָף, ווי אַ מאָל, נאָך אַ טאָג פּראַצע אין הויף, אין פעלד, אין איר היים. זי האָט נישט געהערט דאָס אָטעמען און קרעכצן, און דאָס ריידן פון שלאָף, פון די פרויען, וואָס זענען געלעגן אַרום איר אויפן שטיינערנעם דיל. זי האָט גאָר געהערט ווי עס שפּילן מאַנדאָלינעס, באַגלייט מיט חלילן, ערגעץ אין די מלונעס פון כרמים, ערגעץ אין די פּלאַנטאַציעס פון מאַנדלען און איילבערט ביימער אין ראש פינה.

דאָרטן האָט זי זיך אַ מאָל באַקענט מיט חיימען, דעם פאָטער פון אירע

קינדער. „חיים־דעמב", האָט מען אים גערופן. ער איז געווען הויך און שטאַרק, אַ גבר מיט אייזערנע הענט. אַ בלאָנדער, מיט האָר פון האָניק־קאָליר, מיט בלויע לאַכעדיקע אויגן, אונטער געדיכטע ברעמען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי בערשטלעך פלאַקס, אָפּגעברענטע פון זון. אַזאַ פלאַקס האָט אויך באַדעקט זיינע הענט און דעם ברוסט־קאַסטן.

חיים איז געבוירן געוואָרן אין גליל, אין אַ חושה (ליים־שטיבל), נישט ווייט פון גורן, אויף דער גרענעץ פון ראש פינה. ער איז געווען אַ בן־איכרים, מיט לייב און לעבן צוגעבונדן צו זיין פאָטערס נחלה, ווו ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט די פייגן און איילבערט בוימער, צוזאַמען מיט די בעלי־חי. ווער ס׳פלעגט אים זען, אין זיינע בחורשע יאָרן, גיין הינטערן שפּאַן פון אַ פּאָר אָקסן, קערעווען מיט די הענטלעך פונעם אַקער־אייזן, האָט אים געזען ווי אַ נאַטירלעכן טייל פונעם אָרטיקן פייזאַזש.

איבער אַלע פעלדער פון גליל, זענען דאַן געווען צעוואָרפן אָקסן־שפּאַנען, וואָס האָבן געשלעפּט אַקער־אייזנס מיט בראָנעס. הינטער יעדער געשפּאַן איז נאָכגעגאַנגען אַ מאַן, אַרומגעוויקלט דעם קאָפּ און פּנים מיט אַ קעפיע, נאָר צו לאָזן נישט פאַרדעקט די אויגן. דער מאַן פלעגט האַלטן אין האַנט אַ לאַנגן שטעקן, צו מונטערן און קיצלען די בהמות. נישט אַלע אַקערס זענען געווען פון אייזן, און נישט אַלע געשפּאַנט מיט אָקסן: עס זענען געווען אַקערס אין גאַנצן פון האָלץ, געשפּאַנט מיט קי, מיט אייזלען, אַ מאָל מיט אַ פערד און מויל־אייזל, נישט זעלטן מיט אַ גרויען, אַפּאַטישן קעמל. ס׳האָבן געאַקערט יידן מיט אַראַבער צוזאַמען. ווען נישט די קאַפּטאַנעס, וואָס האָבן צוגעדעקט ס׳לייב פון די אַראַבער, וואָלט זיי שווער געווען צו אונטערשיידן פון די בני ישראל. אַלע האָבן געהאַט פאַרברוינטע פּנימער, אַרומגעוויקלטע קעפּ, נישט צו זען, ווער ס׳טראָגט אַ באָרד און ווער ס׳איז אַ גלוח. אַלע האָבן געטראָגן מוסטאַשן (וואָנצעס) און פון אַלע קאָפּטיכער האָבן אַרויסגעקוקט פאַרנעפּלטע אויגן מיט אָדלער בעזער.

„פּכי, פּכי־אי־אי פּכי" האָבן זיי געגאָרגלט צו די בהמות. — „פּכי־אי־אי־פּכי". אַזוי האָט זיך אויך געפירט חיים, וואָס האָט מיט הנאה אויפגעריסן בייט נאָך בייט, איינאָטעמענדיק מיט תאוה דעם פרישן ריח פון מאַמע ערד, פון באַהאַלטענע בשמים משׁשת ימי בראשית, אַ ריח, וואָס פילט אָן

ס׳גאַנץ לייב און לעבן פונעם מענטשן, וואָס באַגלייט וויליק אַן אַקער־אייזן.

אַזוי פלעגט מען אַקערן, מיט שטילער אינערלעכער הנאה, אָן איבער־רייס, פון אַ שפּראָץ אויף טאָג, ביז די זון האָט זיך געשטעלט איבערן קאָפּ, ווען די חמימה, דער דורשט און די מידקייט פלעגט נעמען באַהערשן די, וואָס זענען געווען געשפּאַנט אין אַקער, צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן גע־שפּאַנט הינטערן אַקער.

מען פלעגט איבעררייסן די אַרבעט, זיך לאָזן צו די וועגעגער, אָדער אונטער אַן אַלטן באַקסער בוים, אָנטרינקען די בהמות, און אַליין אויסליידיקן אַ פולן איבריק (ליימענער קרוג) לעבלעכן וואַסער.

אין אַזעלכע הפסקות, פלעגט מען פריער געבן עסן די בהמות, און נאָכער אויפבינדן די פעקלעך און מיטאָגן אַליין פון היימישן גאָב: — אייגן ברויט, אייגן גרינצייג, אייגענע אייער, אייגענע איילבערטן, מיט אייגענע, פרישע, אָדער געטריקנטע, פרוכט צו פאַרבייסן. צו אַזעלכע סעודות פלעגן זיך אָפּט צוטוליען די אַראַבישע שכנים צו די יידישע און אומגעקערט. מען פלעגט כאַפּן אַ שמועס, זיך בייטן מיט טרוקענע מאכלים, פאַרדרייען דיקע ציגאַ־רעטן פון אייגענעם טאַבאַק, אָדער אָנשטאָפּן אַ ליולקע, כאַפּן אַ קורצן „היל־כיקן" דרעמל, און זיך צוריקלאָזן צו דער אַרבעט, ביז קורץ פאַר שקיעה.

אַזוי האָט מען זיך געפּירט אַלע יאָרן, אין די אַקער־און שניט־צייט. און אַז עמיצער האָט פאַרשלאָפט, פלעגן שכנים העלפן, נישט צו לאָזן פוסטעווען שטיקער מאַמע ערד. יידישע שכנים פלעגן העלפן אַראַבישע און אומגעקערט.

אַקער־צייט פלעגט רבקה וויניק זען חיימען. דערפאַר שניט־צייט, פלעגט זי פאַרברענגען גאַנצע טעג אין זיין מחיצה, צוקוקנדיק זיך צו זיינע פאַר־מעסטן מיט דער קאָסע, ווי ער פלעגט פאָכען רעכטס און לינקס, לינקס און רעכטס. די תבואות פלעגן פאַלן כורעים צו דער ערד. רבקה פלעגט אים נאָכגיין, זי פלעגט פלעכטן שטרוי־גאַרטלען און בינדן סנאָפּעס. בייביידן האָט געזונגען ס׳בלוט. יונגע קרעפטן האָבן געשפּאַרט פון אַלע גלידער אַרויס. זיי פלעגן זיך אָפּט באַגעגענען, טרינקען וואַסער פונעם זעלבן קרוג, און זיך קושן מיט די בליקן.

חיים האָט זיך נוהג געווען, נאָכן מיטאָג־צובייס, זיך אויסציען, צוזאַמען

מיט איר, אויף דער הייסער ערד, אַריינלייגן זיין קאָפּ אין איר שויס און איינשלאָפן. לויט זיין פאַרלאַנג, פלעגט זי אים נישט לאָזן רוען מער ווי אַ האַלבע שעה. זי פלעגט אים אויפוועקן ציענדיק פאַר דער נאָז, אָדער טשו־פּרינע, ביז ער פלעגט זיך צוריקשטעלן אויף די פיס.

מנחם, זייער בכור, איז געבוירן געוואָרן שניט צייט, אין זייער חושה. בלית ברירה פלעגן זיי שפּעטער מיטנעמען ס׳קינד אין פעלד, אין אַ קויש, און האַלטן אים אין שאָטן, אונטער אַ בוים. די אַרבעט האָט געברענט. חיים האָט זיך נישט געקענט אַן עצה געבן אָן רבקהן. זי פלעגט בינדן די גאַרבן, און אַלע פּאָר שעה גיין כאַפּן אַ טרונק און אָנזויגן ס׳קינד.

דער ערשטער ווינטער איז געפאַלן שווער פאַרן קינד. אין חושה איז געווען פייכט. ס׳קינד האָט געקרענקט. דער רעגן האָט דורכגענעצט די ווענט מיטן דאַך. חיים איז אַרומגעגאַנגען פאַרכמאַרעט ווי דער הימל. די נעכט זענען געווען לאַנגע און אומעטיקע. שאַקאַלן האָבן געיאָמערט, צוזאַמען מיטן ווינט. רבקה האָט נישט געהאַט קיין צייט צו מרה־שחורהווען. ס׳האָט איר קיין מאָל נישט געפעלט קיין אַרבעט אין דער היים, אין הויף, אין הינער שטייג, בעת חיים פלעגט טענהן, אַז ווינטער צייט זענען דאָ זיינע הענט איבעריקע. די פּרוטה האָט געפעלט. די ערד פון זייער נחלה איז געווען צו קנאַפּ, זיי צו שפּייזן אַ רונדן יאָר. פלעגט חיים איינפּאַקן זיין פּעקל, און אַוועק ווייט פון דער היים, פעלאַכעווען ווי אַ שכיר־יום. ער פלעגט אַוועק אין די קאָלאָניעס פון שומרון, וווּ דער ציטרוס־שניט פלעגט דעמאָלט זיין אין פולן גאַנג.

די פּרדסנים האָבן אים געקענט און ווילִיק באַשעפטיקט. אַזאַ אַרבעטער איז נישט געווען לייכט צו קריגן. אָבער חיים האָט נישט פאַרטראָגן יענע מקומות. ער האָט געבענקט נאָך דער היים, נאָכן אויבערשטן גליל. ער האָט געבענקט נאָך די אמתע, פעטע קרקע, וואָס האָט זיך געשניטן מיטן אַקער־מעסער ווי פריש ברויט, ווי קעז. ער האָט נישט פאַרטראָגן די זאַמדיקייט פון שרון, פון שומרון. „ס׳איז נישט קיין קרקע", — פלעגט ער זאָגן רבקהן, „אַז עס טריקנט צו, איז עס שמעק טאַבאַק, נישט מער".

רבקה האָט נישט פאַרגעסן יענעם גרויסן טאָג, ווען חיים איז אַריינגע־פאַלן אין דער חושה, איר אַ נעם געטאָן אין זיינע אייזערנע הענט, און אויפ־

געהויבן אין דער הויך ווי אַ קינד. אין חושה איז געווען ענג. דאָרטן זענען געשטאַנען צוויי קינדער־בעטלעך — — — איז ער מיט איר, אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, גענומען טאַנצן און שפּרינגען, ווי אַ חדר־יינגל.

— „רבקה! מיר קריגן אַ נחלה, אַן אייגענע נחלה! פּיק״א האָט געשיקט אַ מענטשן, מיר אָנזאָגן די בשורה און ווייזן די נחלה. מיר דאַרפן איינצאָלן אַ דרויף, וואָס מיר מוזן שאַפן. מיר׳ן עפּעס פאַרקויפן פון שטוב. מיר׳ן פאַרזעצן, וואָס מ׳וועט קענען, ס׳רעשט וועלן מיר דאַרפן אויסצאָלן במשך פון יאָרן. ס׳וועט זיין שווער, ווי ס׳איז אַלעמען שווער, אָבער מיר׳ן מער נישט זיין אויסגעשטעלט אויף קיינעם. כ׳ווייס, אַז דו ביסט נישט קעגן, — ביסט מסכים? יאָ, רבקה, זאָג יאָ״!

אין די קאָלאָניעס פון ווייטן גליל, פלעגן יענע צייטן פאַרוואָרלאָזט ווערן הויפן מיט ווירטשאַפטן. די מאַלאַריע, דער געלער פיבער, די דחקות, מיט נאָך און נאָך צרות, פלעגן פאַריאושן און פאַרצערן גאַנצע משפחות. פלעגן בלייבן שטיין ליידיקע הייזער, שטאַלן, הויפן און גערטנער. די שוואַכע פלעגן נישט אויסהאַלטן און פאַרלאָזן די נחלות.

אַזאַ ליידיקע ווירטשאַפט איז געשטאַנען אין משמר הירדן, וואָס חיים האָט געהאַלטן אַ לענגערע צייט אין אויג. אַזוי האָבן חיים מיט רבקהן זוכה געווען זיך אַריינציען אין אַן אַמתער שטוב, פאַר זיך און פאַר די קינדער, אין אַ הויז, געבויט פון שוואַרצן באַזאַלט שטיין, מיט אַ רויטן דאַך, מיט קאַרניזן, מיט טויבן־נעסטן אונטער זיי — — —פון ווייטן האָט די הויז אויסגעזען גאַנץ ווי אַלע הייזער, בעת פון דער נאָענט, איז זי געווען גענוג פאַרוואָרלאָזט, מיט צעבראָכענע שויבן, צעשפּאָלטענע, אויסגעטריקנטע טירן, די צימערן פאַרמיסטיקט. חוץ די טויבן־נעסטן אונטערן דאַך, האָבן זיי דאָרטן גאָרנישט געפונען. אָבער, ס׳איז געווען אַ הויז, אַן אמתער בנין מיט ווענט, מיט צימערן, מיט אַ קיך, אַן אמתע קיך. ס׳איז געווען אַ הויז מיט אַ סופיט, מיט אַ דאַך פון אמתע רויטע דאַכאָווקעס — — — אַרום דער הויז איז געווען אַ שטאַל, אַ חורבה פון אַ שטאַל, אָבער בעסער פון דער חושה, ווו זיי האָבן געלעבט, צייט זיי האָבן חתונה געהאַט. חוץ דער הויז מיטן הויף, האָבן זיי באַקומען עטלעכע צענדילק דונאַם אַקער־לאַנד, גאָר נאָענט פון דער היים. ס׳אַראַ פרייד!

נישט קלענער איז געווען די שמחה ביי די אַלטע תושבים, וואָס פלעגן אויסקוקן נאָך אַ תושב, שוין אָפּגערעדט — אַ גאַנצע משפחה פון אַ יגיע־כפּימניק, אַן אמתער פּעלאַך, און וואָס פאַר אַ פּעלאַך?! — חיים, וואָס זיין נאָמען און פלייס איז געווען אַ שם דבר, ווייט אַרום ראש פינה, נאָך פון יענע צייטן, ווען ער איז געווען אַ שומר, געריטן אויף אַ היציקן פערד, און פלעגט אין מיטן נאַכט, אָנקלאַפּן מיטן בייטשל אין אַ לאָדן, אַרויסרופן צעשראָקענע מענטשן אין דרויסן, פון וואָרימע בעטן אַרויס — — — און פאַר דער ליצנות, זיי פאַרגיטיקן מיטן גוטס פון ביידע כאַרדזשן (זעקלעך) אַריבערגע־וואָרפענע איבערן רוקן פון זיין פערד, צוגעבונדן צום זאָטל. פון די כאַרדזשן פלעגט ער אויסשיטן מאַנדלען, ניס, ווילדע, קליינטשיקע עפּעלעך וכדומה... אַזאַ „באַנדיט״, אַ זשוליק, אַ „דזשעדאַ״ (גבור) פון אַ יונג, אַזאַ איז געווען איר חיים, רבקהס חיים.

אין יענע מקומות, ביים ירדן, פלעגן די יידישע קאָלאָניסטן, אין יענע יאָרן, קריגן נישטיקע הילף, מיט נישטיקע קרעדיטן. זיי האָבן געבויט זייערע נחלות, אַליין, מיט די אייגענע צען פינגער, מיט אַלע כוחות, מיט אַ סך שווייס און פראַצע. רבקה דערמאָנט זיך, ווי זי, מיט חיימען, פלעגן האָרעווען פון פאַרטאָג, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין. זייער ערשטע אַרבעט אין דער נייער הויז איז געווען פאַרריכטן דעם דאַך, ס׳זאָל נישט אַריינרעגענען, נאָכער אויסריכטן כאָטש איין צימער פאַר די קינדער, אַן אַרבעט, וואָס איז בעיקר געפאַלן אויף איר, ווייל חיים פלעגט גאַנצע טעג זיין אין פעלד, אויס־צושטייניקן דעם שטח, אויסוואָרצלען דעם אינדזשיל (ווילדע גראָזן מיט טיפע וואָרצלען), נאָכער אַקערן, מיסטיקן, איבערקערן די ערד, גרייט מאַכן צום פאַרזייען.

די ערשטע זריעה־קערנער, האָבן אויסגעבאָרגט שכנים. פיק״א האָט געגעבן אַ קליינעם קרעדיט אין אַ פּאָר קראָמען אין צפת. די דחקות איז געווען גרויס, אָבער די ערשטע פרייד פון „באנו אל הנחלה״, האָט אַלץ פאַרגיטיקט.

נאָכן פאַרזיי, האָט מען זיך גענומען צום הויף, צום שטאַל, און אויפ־שטעלן אַ דערוויילִיקן הינער־שטייג, וואָרעם אַ הויף אָן אַן עוף, אָן אַ בהמה, אָן אַ מילך־קו, איז קיין הויף נישט.

אין שוווּנג פון דער שווערער אַרבעט, איז רבקה געלעגן געוואָרן, און

געבוירן דעם דריטן זון, וואָס זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן כרמי, ווייל יענע וואָכן האָבן זיי גענומען צוגרייטן אַ שטיקל קרקע, צו פלאַנצן אַ כרם, אַ ווייַן גאָרטן.

— — — — — — — — — — — — — —

ערגעץ ווייט האָבן הענער געקרייט. אַ נייער פאַרטאָג האָט זיך פאַמעלעך גענומען אַריינשפּאַרן דורכן קליינעם פענצטערל, אין תפיסה־צעל, און אַז רבקה האָט אויפגעמאַכט די אויגן, האָט זי געטראָפן אַרום זיך, אירע פאַר־אומערטע חברטעס.

— „מה שלומך, רבקה? וואָס מאַכסטו? ווי פילסטו זיך? האָסט געוויינט און געלאַכט, האָסט געשריען פון שלאָף. וואָס מאַכסטו, טייערינקע״? — האָבן איר אַלע געפרעגט, איבערשלאָגנדיק איינע די צווייטע, איר געגלעט און געטאָפּט דעם שטערן.

„גאָרנישט, גאָרנישט, ס'האָט זיך מיר עפּעס געחלומט. כ'בין געווען ווייט פון דאַנען, זייער ווייט״, — האָט רבקה שטיל געענטפערט און צוריק פאַרמאַכט די אויגן. ס'האָט זיך איר געגלוסט ווייטער חלומען, נאָר אַ שאַר־פער פייף האָט דורכגעשניטן די שטילקייט פון קאָרעדאָר און אָנגעזאָגט אַ נייעם תפיסה־טאָג.

עס איז אויפגעגאַנגען אַ נייער, גרויער, תפיסה־טאָג. דער פייף האָט אַלעמען געשטעלט אויף די פיס, שנעל צונויפצונעמען די דעקעס מיט די מאַטעס, אויסצוגלייכן ווי נישט איז די האָר אויפן קאָפּ, זיך איינהילן אין די גרויע כאַלאַטן, אין געציילטע מינוטן, אַרויסטראָגן דעם קיבעל פון צעל, אַ וואַש טאָן ס'פאַרשלאָפן פּנים, מיט ווייניקער ווי אַ גלאָז וואַסער, און באַלד זיך אויסשטעלן אין אַ שורה צום פרימאָרגן אַפּעל, וואָס פאַרענדיקט זיך מיטן אויסטיילן די לעבלעך־שוואַרצע „קאַווע״, אַ פּיטע און אַ שטיקל כאַלווע מיט עטלעכע איילבערטן.

רבקה איז נאָך נישט געווען בקי אינעם תפיסה־רעגולאַמענט. חוץ דעם איז זי געווען שוואַך און צעווייטיקט, האָט זי זיך נישט אויפגעהויבן גלייך מיט אַלעמען. די פרויען, וואָס האָבן געוווסט מיט וואָס דאָס קען זיך אויס־לאָזן, האָבן איר גענומען אונטער די אָרעמס, געשטעלט אויף די פיס, און

צעטומלטע מיטגעפירט מיט זיך, איר דערקלערט אין גאַנג, אַז אויב זי וועט נישט אַרויס פון צעל צוזאַמען מיט אַלעמען, וועט מען איר אָפּגיסן מיט קאַלט וואַסער, און נאָך דעם אַרויסשלעפּן מיט כח און מיט קלעפּ.

האָט זיך רבקה צוזאַמענגענומען און אויסגעגלייכט. זי האָט זיך, מיט ביטערניש דערמאָנט דעם נעכטיקן פרימאָרגן. „ניין! זי וועט זיי מער נישט דערלויבן זיך איזדזעקעווען איבער איר. זי וועט זיך ראַנגלען מיט ציין און נעגל. זי וועט זיך מער נישט לאָזן פּייניקן ווי נעכטן. איצט איז זי מער נישט אַליין, זי איז איצט צווישן אייגענע".

די פרויען האָבן איר אַרומגערינגלט, אַרויסגעפירט אין קאָרעדאָר, און אײדער וואָס ווען, אַריינגענומען אין דער שורה און איר אַריינגעשטופּט אין די הענט דאָס שיסעלע, וואָס זיי האָבן מיטגענומען, ביים פאַרלאָזן די צעל.

אַלץ איז געגאַנגען גיך, מעכאַניש. רבקה האָט אַלץ מיטגעמאַכט, נישט צו טראַכטן, ווו זי שטייט און גייט און וואָס זי טוט, ביז זי האָט זיך צוריק־געפונען אין צעל, הינטער אַ פאַרקלאַפּטער טיר, צו זיצן מיט די „בנות", ווי זי האָט זיי גערופן, זיך נישט צוצורירן צום „פרישטיק". די הענט האָבן איר געציטערט, ס'האָט איר אויסגעפּעלט לופט צום אָטעמען און דאָס בלוט האָט געזידט.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט ביז רבקה האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט. בעת זי האָט דערזען אַרום זיך אַלע „בנות" מיט די פולע שיסעלעך און נישט באַרירטע פּיטעס, האָט איר עפּעס אַ וואַרעם געטאָן. אַן אינערלעכע גוטסקייט האָט באַדעקט איר פּנים מיט אַ שמייכל. זי האָט אויפגעמאַכט די פאַרשוואָ־לענע אויגן, און מוטערלעך געזאָגט: — „בתיאבון", אָפּגעריסן אַ שטיקל פּיטע, אַריינגעלייגט אין מויל און אַ זופּ געטאָן די שוואַרצע, ביטערע פלי־סיקייט פון שיסעלע. איצט, האָבן איר אַלע נאָכגעטאָן, און שטיל אָן ווערטער פאַרצערט דעם „פרישטיק".

אַ שעה שפּעטער האָט מען ווידער אויפגעמאַכט די טיר און אַרויסגע־פירט אַלעמען אין דרויסן, איבערלאָזנדיק צוויי פרויען צו אויפראַמען די צעל, און נאָך צוויי פרויען האָט מען געלאָזט גיין צו אַ בעקן מוטנע וואַסער, צו אויסוואַשן די שיסעלעך, געצוי, לויטן תפיסה־רעגולאַמענט.

אַזוי פלעגט זיך דאָרטן אָנהויבן דער לאַנגער, נודנער טאָג, טאָג איין,

טאָג אויס, ביז רבקה איז געקומען אין זייער מיט, מיט איר אומרו און נישט געשטילטן צאָרן.

לכתחילה, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט צוגלייך מיט אַלעמען און געשוויגן. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, ווי זי איז אויפגעשטאַנען מיט אימפּעט, שאַרף אַ זאָג געטאָן: — „אַזוי וועלן מיר דאָ פאַרזעסן און פאַרפוילט ווערן, תקומו בנות, שטייט אויף, אַלע אויף די פיס״!

נישט צו קלערן האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט.

— „ניין, נישט אַזוי ווי אַ סטאַדע, ניין! — זיך אויסשטעלן אין אַ שורה, אָפּגערוקט איינע פון די צווייטע, אָט אַזוי, אַזוי, אָט אַזוי״ — — —

איז אויסגעוואַקסן אַ שורה נאָענט צו דער וואַנט. מיט אַלע קרעפטן האָט זיך רבקה צונויפגענומען, זיך געשטעלט אין פראָנט און באַפוילן: — „איצט וועלן מיר זיך באַוועגן, מיר׳ן מאַכן אַ ביסל ספּאָרט״.

אין דער אמתן האָט רבקה אין איר לעבן קיין מאָל נישט געמאַכט קיין ספּאָרט. זי האָט נאָר געזען, ווי די יוגנט פון דער קאָלאָניע מאַכט. איר טעג־לעכער „ספּאָרט״ איז געווען די פראַצע אין דער היימישער ווירטשאַפט, אָבער דאָ האָט איר דער געדאַנק אויפגעבליצט אין זכרון, זיך אויך צו דער־מאָנען די ראַדיאָ קעסטל, וואָס פלעגט שטיין אויף אַ טישל אין אַ ווינקל, אין קיך, וווּ זי, מיט די קינדער פלעגן שטענדיק זיין צוזאַמען, בעת זי פלעגט נישט אַרויס אין פעלד, אָדער אין הויף. זי פלעגט יעדער פרימאָרגן אויפ־מאַכן דעם ראַדיאָ, און בעת זי פלעגט זיין פאַרטאָן מיט איר טעגלעכער אַרבעט אין קיך, פלעגט זי זיך צוהערן, צו דער מאָנאָטאָנער שטים, וואָס פלעגט לערנען די צוהערער ווי צו מאַכן ספּאָרט־איבונגען: — „ידים להרים, ידים להוריד, אחת שתיים, אחת שתיים״.

נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל: — „אויפהויבן די הענט, אַראָפּלאָזן די הענט, אַ טריט פאָרויס, אַ טריט צוריק, רוען״.

וואָס ווייטער איז די שטים געוואָרן ריטמישער, ווי זי וואָלט נישט אַרויסגעדרונגען פון אַ ראַדיאָ קעסטל אין אַ געשלאָסענעם צימער, נאָר ווי זי וואָלט געהאַט פאַר זיך, שורות, לעבעדיקע ספּאָרטלער: — „זיך אויפ־הויבן אויף די שפּיץ פינגער, העכער, העכער, זיך אַראָפּלאָזן, זיך אויפהויבן, זיך אַראָפּלאָזן. רוען״.

— „אויפהויבן די הענט, אויסשטרעקן די הענט, צונויפלייגן פלאַך צו פלאַך, אָט אַזוי, אַזוי, אָט אַזוי, אַזוי, אַחת שתיים, אַחת שתיים. — פאַרנויגן אַ האַלבן קערפּער מיט אויסגעצויגענע הענט, פאַרנויגן נידעריקער, נידעריקער, ביז די שפּיץ פינגער וועלן באַרירן די ערד, אָט אַזוי, אָט אַזוי, אַחת, שתיים, אחת שתיים, גוט, זייער גוט. רוען".

דאָס אַלץ איז איר געקומען אין זכרון, נאָכן אויסהערן אָט דעם ספּאָרטיוון פּזמון וואָכן, חדשים און יאָרן לאַנג, כמעט יעדער פרימאָרגן.

אַזוי האָט רבקה אויסגענוצט אירע „ספּאָרטיווע" ידיעות, צונויפגענומען די פרויען, זיי אויסגעשטעלט אין אַ שורה און געלערנט: — „קוקט בנות, ווי איך מאַך עס: אחת, שתיים, אחת" — — — האָבן זיי איר נאָכגעטאָן, נישט אַזוי ריטמיש און פּינקטלעך, אָבער מען האָט געמאַכט „ספּאָרט", צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יענער תפיסה, ערגעץ ווייט, הינטער דמשק — — — „אחת שתיים, אחת שתיים" — — — און ווער האָט דאָרטן געמאַכט ספּאָרט? — פרויען, געפאַנגענע, יידישע פרויען פון פּאַלעסטין!

נאָכן פאַרענדיקן דעם ספּאָרט, האָט מען זיך געפילט דערמונטערט, דערהויבן. די איבונגען האָבן צעבראָכן דעם נודנעם, מאָנאָטאָנעם לעבן און שטייגער פון די געפאַנגענע פרויען, אַרויסגערופן חידוש, וווּנדער אין יענע צעלן, וואָס זייערע פענצטערלעך זענען געווען געווענדעט צום הויף. רבקהס הויכע שטים האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן ווי פליגן צוגעקלעפּט זייערע פּנימער צו די פענצטער־גראַטעס, נישט נאָר אָנצוקוקן די פרויען, נאָר צו דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס מען האָט קיין מאָל נישט געזען — — —

נאָכן ספּאָרט האָבן די פרויען פאַרצויגן אַ ניגון, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין אַ שטילן געזאַנג.

אַזאַ מעשה האָט אַרויסגערופן אַ בהלה אין תפיסה, בעיקר ביי די וואַך־לייט, וואָס האָבן זיך פאַרלוירן, נישט צו וויסן וואָס צו טאָן, ביז אַן עלטסטער איז אַרויסגעלאָפן אין הויף, באַגלייט פון אַ כאָפּטע וועכטער מיט קורבאַטשן (קאַנטשיקעס) אין די הענט, וואָס גיכער אַריינצוטרייבן די ווידערשפּעניקע פרויען אין צעל אַריין.

מער פון אַלעמען איז צעטומלט געוואָרן דער מודיר (דירעקטאָר) פון

תפיסה און געטראַכט מיט רוגזה, אַז די גאַנצע מעשה שטאַמט פון דער „צעדרייטער" פרוי, וואָס מען האָט דאָ נעכטן געבראַכט. זי וועט אים נאָך פאַרשאַפן געגנוג קאָפ־ווייטאָק. זי צעברעכט דעם סדר מיט די דיסציפּלין! — ער וועט איר שוין אויסלערנען ווי זיך צו האַלטן. זי מיינט, אַז דאָ איז עפּעס אַ לאָקאַנדאַ (האָטעל), האָט ער געקריצט מיט די ציין, אַרויסלויפנדיק פון זיין ביוראָ. קודם כל זאָל מען איר פאַרשפּאַרן אין קאַרצער, און אָפּקילן איר ענערגיע.

— „אין קאַרצער, אין קאַרצער, די יידישקע פון פּאַלעסטיין", איז ער געלאָפן און געשריען צו זיך אַליין. — „אין קאַרצער די יהודישע פּאַלשעפּיק, די סאַהיוני". (באָלשעוויק — ציוניסטקע).

ער איז געווען פאַרכלינעט פון כעס און געשאָטן קללות מיט ניבול פּה:

— „טאַ־טאַ־טאַ"... דער מודיר פון תפיסה איז נישט געווען קיין יונגער מאַן. ער איז געווען קרוב זעכציק. זיינע נאָענטע האָבן אים גערופן אבו ראשיד עפענדי, אויפן נאָמען פון זיין בכור, ווי ס׳פּירט זיך ביי אַראַבער. אָפיציעל האָט ער געהייסן: עלי אל עמאני עפענדי, אָפּשטאַמיק פון אַ געוועזענער גוט־געשטעלטער, עפענדישער משפחה. זיין פאָטער האָט באַוויזן צו רויִנירן אַ גרויסן לאַנדווירטשאַפטלעכן באַזיץ, און מיט די שיריים פון זיין פאַר־מעגן פאַרענדיקן זיין לעבן צווישן נקבות און אַזאַרט שפּילער, אין די גרויסע קאַפע־הייזער פון דמשק, איבערלאָזנדיק די קינדער ירושה, נאָר דעם יחוס. ווען נישט דער יחוס מיט ברייטע קרובהשאַפטלעכע פאַרבינדונגען אין די העכערע פענצטער, וואָלט אַבו ראַשיד נישט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ מודיר. ער וואָלט זיך געוואַלגערט, ווי זיין פאָטער, אין די קאַפע־הייזער און געצויגן זיין קלאָגעדיקע חיונה פון מעקלעריי מיט תבואה, אָדער געטריקנטע פרוכט. אפשר וואָלט ער דערגרייכט דעם מעמד פון אַ „באַשקאָטעב" (העכערער באַאַמטער) פון אַן אָפּטיילונג. נישט מער, אין יענע קרייזן, איז יחוס מיט זכות אבות, נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט.

אַזוי האָט אַבו ראַשיד דערגרייכט, וואָס ער האָט דערגרייכט און וואָסערע צוואַנציק יאָר זיך אויסגעלעבט אין דער תפיסה־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אים, מחוץ אַ נישט שלעכטן געהאַלט, אַריינגעבראַכט מתנות, מיט שטילע קאָמיסיאָנען פון די כלערליי סוחרים און קאָנטראַקטאָרן וואָס האָבן שטענדיק

עפּעס געבויט, צוגעבויט, און איבערגעבויט אין דער תפיסה, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אויף 8 מאות אַרעסטאַנטן, און קיין מאָל נישט געהאַט ווייניקער פון טויזנט מיט עטלעכע הונדערט.

די סוחרים וואָס האָבן צוגעשטעלט שפּייז פאַר אַזאַ מחנה, צוצורעכענען די וואַך־לייט און די פּקידים, האָבן געוווסט אָפּצוהיטן דעם פּרינציפּ פון: „לאָז אונדז לעבן, ועסטו אויך לעבן״, זיי האָבן גאָרנישט צוגעלייגט צום עסק.

ערשט די לעצטע יאָרן, ווען אין לאַנד האָט זיך אָפּט געטומלט, און יעדער נייע רעגירונג פלעגט בייטן די אַלטע פּקידים, איז אַבו ראַשיד געווען געגליכן צו אַ דראָטן־גייער, זיך געדאַרפט היטן צו גיין גלייך אויפן דראָט, נישט אַ שיקל טאָן זיך רעכטס, אָדער לינקס, כדי נישט אַראָפּצופאַלן און ברעכן רוקן און לענד. אַבו ראַשיד האָט געוווסט ווי אָפּצוהיטן די „ליניע״ פון יעדער נייער מאַכט, נישט צו לאָזן פאַלן אַ רמז פון קריטיק אויף זיינע, הויכע ברויט געבער. ער האָט זיך נאָר נישט געקענט אויסהיטן פון גייציקע נישט פאַרגינער, פון רכילותניקעס, און אונטערגרעבער פון דער העכסטער תפיסה־לייטונג, וואָס האָבן געשאַרפט די ציין אויף זיין בענקל, וואָס איז געווען גאָר אַן ערנסטער הכנסה קוואַל (מחוץ דעם געהאַלט). יענע נישט פאַרגינער פלעגן אים אונטערשטעלן אַ פוס, ווו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט. זיי פלעגן עס טאָן דורך מלשינות, רכילות און עלילות, אַרויסגעקוקט אַז ער זאָל נכשל ווערן און זאָל עפּענען דעם וועג פאַר אַ יורש. אַבו ראַשיד איז געווען זיכער אַז דאָס „איינקוואַרטירן״ די געפאַנגענע יידישקעס אין זיין מלוכהלע, אין זיין תפיסה, איז אויך נישט מער ווי אַ „שטיקל אַרבעט״ פון זיינע שונאים, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ פאַל, וועט ער שפּייען מיט בלוט. ער וועט נישט קענען דערלויבן יעדער כאַם, יעדער וועכטער, באַהאַנדלען די יידישקעס, ווי די שטענדיקע קליענטור פון דער פרויען־אָפּטיילונג, וואָס זענען בדרך כלל געווען קרימינעלע און זונות. צוזאַמען מיט די געפאַנגענע פרויען, האָבן די זעלנער געבראַכט אַ פאַרקלעפּטן קאָנ־ווערט, ווו ס׳האָבן זיך געפונען אַלע פּרטים פון יעדער פרוי, מיט אָנווייזונגען ווי זיך צו באַגיין מיט זיי. קודם כל נישט הויבן קיין האַנט, אָפּהיטן די באַשטימטע שפּייז־נאָרמע, נישט צווינגען צו אַרבעטן, און נישט שטעקן

צופיל די נאָז אין זייער מחיצה. דאָרטן האָט זיך אויך געֿרעדט וועגן עפּעס אַ „זשענעוועער אַפּמאַך‟, אַ „רויטן קרייץ‟, מיט פרעמדע קאָנסולן, וואָס האַלטן זיכער אַן אויג אויף דעם מין געפאַנגענע. אין די אָנווייזונגען איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, נישט צו לאָזן די וועכטער זיך אַרומדרייען אינעם שטח פון זייער צעל. צו דעם, זאָל באַשטימט ווערן אַן עלטערע נקבה פון תפיסה פּערסאָנעל, וואָס זי, נאָר זי, דאַרף זיך מטפּל זיין מיט זיי, מחוץ די אַפּעלן און השגחה אויף דער דיסציפּלין, וואָרעם אויף ענינים פון דיסציפּלין, זאָל אַ נקבה נישט זיין פּאַסיק, און נישט פעיִק. גראַדע דער פּונקט איז געוועזן אַזוי פאָרמולירט, אַז עס איז געבליבן אַ מעגלעכקייט פאַר די מענער־שומרים, זיך אָפּט צו באַווייזן ביי דער פרויען צעל, אַפּילו אַריינקוקן אין דער שליסל לאָך, אָדער אין דעם „אויגל‟ פון טיר, וואָס די נקבה־וועכטערין פלעגט שטענדיק פאַרקוקן. ס׳לוינט איר נישט אײַנרייסן מיט אירע קאָלעגן, די געפאַנגענע וועלן סוף כל סוף אַוועקגיין, און זי וועט דאָ ווייטער בלייבן.

די צוגאָב אָנווייזונגען צום שטענדיקן תפיסה־קאָדעקס, זענען נישט געווען צום האַרצן דעם מודיר, אַבו ראַשיד. ער האָט נישט געקענט תופס זיין, וואָס פאַר אַ שייכות קענען האָבן פרעמדע קאָנסולן, דער „רויטער קרייץ‟ מיט „זשענעוועער אַפּמאַכן‟, צו אים און צו זיין מלוכה, די תפיסה?

דאָ איז ער דער כל יכול. דאָ איז ער דער מודיר, און קיינער, חוץ די, וואָס שטייען איבער אים, וועלן אים נישט לערנען, נישט זאָגן קיין דעות, ווי צו באַהאַנדלען די יעניקע, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות.

„יאָ‟, — האָט ער מיט ביטערניש געטראַכט, „מען האָט אים, בכונה תחילה, געשטעלט פאַר אַ שווערן נסיון צו דיסקרעדיטירן, צו שטרויכלען, מבזה זיין, כדי צום סוף ירשנען‟: — „מאַלעש‟, האָט ער זיך אַליין באַ־רוּיקט, — „ביי מיר וועלן זיי גאָרנישט דערלעבן‟!



בעת עס איז געפאַלן דער באַפעל, צו פאַרשפּאַרן אין קאַרצער די „משו־געגע‟, האָבן די פרויען אַרומגערינגלט רבקהן, איר צו פאַרשטעלן: — דאָס מאָל, וועלן זיי נישט לאָזן איר אַוועקפירן, „ניין‟! זי מוז בלייבן מיט זיי!

אָזוינס איז שוין געווען איבער אַלע השגות פונעם מודיר: — „אָזוינס איז אַ בונט, אַן אָפענע מרידה״!

האָט אַבו ראַשיד זיך גענומען קאָכן, טופּען מיט די פיס, פאַרגעסנדיק אַלע אָנווייזונגען. ער אַליין האָט דער ערשטער זיך געוואָרפן אויף די פרויען מיט פיס און פויסטן. נאָך אים האָט זיך געלאָזט אַ כאַפּטע, צונויפגעלאָפענע וועכטער, צו בייטשן מיט קורבאַטשן (קאַנטשיקעס) די אַרעסטירטע, ווי ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. די פרויען האָבן זיך געווערט און געשריען. יענע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן פון זייערע פענצטערלעך געזען די מערכה, האָבן באַלד געענטפערט מיט אַ ווילדער פייפעריי און טומל: — ראשית זענען זיי נתפעל געוואָרן פון אַזאַ מוט, פון אַזאַ געוואַגטקייט פון נשים, זיך קעגנ־צושטעלן מיט כח, די כל יכולדיקע תפיסה־מאַכט, והשנית, האָט זיי באַוויזן אַן אינערלעכע, אינסטינקטיווע „אחים לצרה״ סאָלידאַריטעט, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון אָנגעזאַמלטער, געדעמפּטער פאַרביטערונג, מיט אַ טיפער שנאה צו די נוגשים פון דער תפיסה, וואָס פייניקן, שלאָגן, און דער־נידערן זיי ביז דער ערד, אָן מורא פאַר דין און דיין. דער אַרעסטאַנט איז דאָרטן געגליכן צו עפר ואפר. ער געפינט זיך מחוץ פון יעדער געזעץ, וואָרעם, ווער ווייס עס דאָרטן וואַגן זיך צו באַקלאָגן אויף עמיצן, דאָרטן, אין די מויערן, וואָס טיילט זיי אָפּ פונעם פרייען דרויסן, פון יעדער אויסער־לעכער אויג?

די אַרעסטירטע זענען הפקר, שטענדיק הונגעריק, שטענדיק אויסגע־שטעלט פאַר כלערליי בייטיקע און אומנייטיקע אַרבעטן, שטענדיק אונטערן פייף פון קאַרבאַטש. זיי האָבן געוווּסט, אַז מען גנבעט פון זייער קלאָגעדיקער שפּייז און טראַנטעדיקן לבוש, אַפילו פון די קליינע מתנות, וואָס זיי קריגן פון זייערע קרובים אַ פּאָר מאָל אַ יאָר, בעת די ימים טובים, פון סוף „ראַ־מאַדאַן״ און הייליקן „קרבן״. די וועכטער נעמען פון אַלץ און אַלעמען „מעשרות״ און „תרומות״, וואָס זיי פאַרקויפן שפּעטער די מיוחסדיקע אַרעס־טאַנטן פון רייכערן שטאַנד, ביי וועמען מען האָט געקענט איינמאַנען ס'גע־צאָלט, דורך זייערע קרובים פון דרויסן.

ווי פון אַללאַ אַליין, האָט זיך איצט געמאַכט אַ שעת־רצון, אָפּצולאָדן די גאַנצע ביטערניש פון אַלע יענע, וואָס האָבן פון זייערע צעל־פענצטערלעך

געקענט זען, וואָס עס קומט פאַר אין דרויסן, אינעם תפיסה הויף.

אינעם מוראַדיקן טומל און פּיפּעריי אַרום און אַרום, זענען פאַרלוירן געגאַנגען די געשרייען פון רבקהן מיט אירע באַשיצערינס, ביז דער ברוטאַלער כח האָט באַהערשט דעם מצב. די וועכטער האָבן אַרויסגעריסן רבקהן פון דעם לעבעדיקן רינג אַרויס. פיר מאַן האָבן איר אַוועקגעטראָגן אויף די הענט אין קאַרצער אַריין.

נאָך אַלעמען איז שוין אַלץ געווען איבעריק, ווארעם רבקה איז געבליבן אָן אַ טראָפּן כח, האַלב פאַרחלשט, צעשלאָגן, אָן לשון. זי איז געלעגן אויף דער ערד, אינעם צעריסענעם חלוק, וואָס האָט קוים פאַרדעקט איר לייב.

די איבעריקע פרויען האָט מען איינציקווייז אַריינגעוואָרפן אין זייער צעל, אויף ברויט מיט וואַסער, אַזוי לאַנג ווי רבקה וועט בלייבן אין קאַרצער.



ערשט נאָכן אויסליידיקן אַ קרוג וואַסער, מיט אַ האַלבן טוץ טעפּעלעך שאַרפע, ביטערע קאַווע, האָט זיך אַבו ראַשיד באַזינט, צו נעמען באַגרייפן, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, און אַז ער האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס, ביז צו פאַרלירן זיין גלייכגעוויכט און כבוד. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז קיין גוטס קען דערפון נישט אַרויס, שוין פון מבזה זיין זיך אַליין. ווי איינער פון די בידעריקסטע, פון זיינע וועכטער, האָט ער, דער מודיר בכבודו, זיך געוואָרפן שלאָגן. וועמען? — פרויען! ער האָט געווילדעוועט, געשאָטן ניבול פה, געקאַפּעט מיט די פיס, וועמען? — פרויען! ער האָט געריסן הויפנס האָר, פון וועמען? — פון פרויען! ווער האָט אַזוינס געטאָן? — ער, דער מיוחסדיקער עפענדי...

ווי גרויס עס איז נישט געווען זיין ווילדקייט און בהלה, האָט ער באַמערקט, ווי פון די געפּייניקטע פרויען האָבן אַרויסגעלויכטן, שיינע, ליכטיקע פנימער, מיט גלי׳יקע, פייערדיקע אויגן... פון אונטער די צעריסענע כאַלאַטן, האָט געבלענדעט צאַרטע ווייסקייט פון יונגן פרויען לייב...

— „איוואַ, יאָ, יאָ", האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין, איבערחזרנדיק די רייד פון זיין פאַרשטאָרבענעם, אַריסטאָקראַטישן פאָטער: — „כעס איז אַ שלעכטער יועץ, יאָ איבני (מיין זון) לאָז דיר קיין מאָל נישט באַהערשן

פון כעס, יאַ עיני (מיין אויג)״! ווי וועלן איצט קוקן אויף אים די וועכטער, די שמוציקע כאַפּטע פאַרברעכער, קרימינאַליסטן, און פעלאַכן, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות? ווי? וואָס וועט זיין, אַז מען וועט אַלץ דערטראָגן דאָרטן, צו די הויכע פענצטער, ווו שונאים קוקן אויס זיין בראָך?

אין זיין בידערגעשלאָגנקייט, האָט ער גענומען קלינגען, פאָדערן עמעצן פון זיינע פקידים. זיין סעקרעטאַר האָט זיך פּחדנותדיק אַריינגעשלייכט, האָט זיך פאַרנויגט און תיכף אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, ווי אַ פאַרזינדיקטער רעקרוט פאַר אַ פעלדפעבל, נישט קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן.

— „ברענג מיר די לעצטע מאַאַמעלי (אַקטן־טאַש), מיט די אָנווייזונגען, וועגן די פאַרשאָלטענע יידישקעס, יאַ אַבו חסיין״.

— „טאַכט אַמראַק — צו דיין באַפעל, יאַ מ׳אַלמי״ (מיין לערער), האָט דער סעקרעטאַר שטיל געענטפערט, און זיך אָפּגעטראָגן אַ דערלייזטער פון מודירס קאַבינעט.

צום צענטן מאָל, האָט אַבו ראַשיד גענומען בלעטערן און לייענען די „באַזונדערע אָנווייזונגען״ וועגן די געפאַנגענע יידישקעס. ער האָט געניש־טערט און געלייענט פאַראַגראַף נאָך פאַראַגראַף, אָפּט נישט צו תופס זיין דאָס געלייענטע, ווייל זיין קאָפּ און געמיט זענען געווען ווייט פון דער שריפט. ער האָט זיך געוואָרגן פון פּחד און צאָרן איבער זיך אַליין, ווי אַזוי האָט ער, דער געניטער תפיסה פאַרוואַלטער, געקענט פאַרלירן דעם קאָפּ מיטן שכל, מיט יעדער חשבון? ווי קריכט מען אַרויס פון דער צרה?



דוכט זיך, אַז אַלע קאַרצערס אין אַלע תפיסות פון דער וועלט, האָבן דעם זעלבן פּנים: ס׳איז אַזאַ קבר פון 4 פּייכטע, קלעפּיקע ווענט מיט אַ שמוציקן דיל פון שטיינער, אָדער פון צעמענט גוס. טאָג און נאַכט פינצטער. אַ קיבעל, וואָס סמט די טוכלע לופט. אַן אייזערנע טיר. די טיר סקריפּעט ביים אויפמאַכן און שליסן. אין טיר אַן אויגל. איבערן טיר — אַן עפענונג מיט געקעסטלטע גראַטעס, דער פאַרשפּאַרטער זאָל נישט דערשטיקט ווערן. דער קאַרצער ווימלט מיט רמשים. מעבר־לים, אין די ציוויליזירטע לענדער, זענען עס פרייסלעך מיט מייז, מיט אומפּלייט. אין אַזאַ תפיסה, ווי אין דמשק,

פאַרנעמען דעם אָרט פון די פּרייסלעך, עקלדיקע, ברוינע זשוקעס. דער וווּנדער איז נאָר, ווי אַזוי פאַרקלייבן זיך מײַז, אין אַזאַ הערמעטיש געשלאָסענע לאָך? אַ חסד האָט מען געטאָן רבקהן: — מען האָט אין קאַרצער אַרײַנגעוואָרפן אַ בינטל האַלב פאַרפוילטן שטרוי, און בעת זי איז געלעגן אָנמעכטיק, האָט זיך דער וועכטער מטריח געווען, אויף אייגענער אחריות, אַריין אין קאַרצער און אונטערגעלייגט רבקהן דעם שטרוי אונטערן קאָפּ.

דער וועכטער איז נישט געווען קיין יונגער מאַן. זעלטן, זעלטן ווען מען פאַרשפּאַרט אין קאַרצער אַ פרוי. אין דעם פאַל, איז די פרוי נישט געווען קיין יונגע און נישט פון די קרימינעלע. זי איז געווען אַ קריגס־געפאַנגענע. דעם וועכטערס שכל האָט בכלל שווער פאַרנומען, ווי ס׳קען גאָר אַזוינס געמאָלט זיין — אַ קריגס געפאַנגענע פרוי, אַ יידישע? אַזוינס זעט ער ס׳ערשטע מאָל פאַר זיינע קנאַפּע 35 יאָר תפיסה־דינסט.

נאָך אַלעמען איז עס נישט זיין עסק, נישט זיין דאגה. אויף דעם איז דאָ אַ מודיר, זאָל ער זאָרגן. וואָס איז ער, דער וועכטער, וואָס איז ער דאָ?

אַ פאָר שעה שפּעטער האָט רבקה דערוואַכט. זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן, נאָר גאָרנישט געזען. די לופט איז געווען געדיכט. פינצטערניש, אָנגעצונדן מיט די הענט. פּאַמעלעך האָט זיך איר געגומען צוריקקערן ס׳באַוווסטזיין. יאָ, זי דערמאָנט זיך עפּעס, אָבער זי זעט גאָרנישט, זי פּרובירט רעדן. זי וויל וויסן צי זי האָט נישט פאַרלוירן איר שטים. רעדט זי און שרייט. יאָ, זי הערט זיך אַליין. נאָכער באַטאַפּט זי זיך מיט די הענט, ס׳פּנים, די אַקסלען, די ברוסטן, די שענקלען פון אויבן ביז די קני, און פון די קני ביז די שפּיץ פינגער. יאָ, ס׳איז זי, רבקה. דאָס זענען אירע גלידער, וואָס טוען וויי. זי זעצט זיך אַוועק. דער קאָפּ דרייט זיך, דרייט זיך, ביז ער פאַלט צוריק, הינטערוויילעכץ. זי דערפילט שטרוי. ווי קומט דאָ שטרוי? זי כאַפּט אַ הויפן שטרוי, איינצוזאַפּן דעם דופט. אָבער דער שטרוי שטינקט. זי גיט זיך אַ טרייסל פון איבל און וואַרפט עס אַוועק.

דער קאָפּ דרייט זיך ווי נאָך שעהן לאַנג טאַנצן אין בית עם פון ראש פינה, אין די אייזערנע אָרעמס פון שומרים, פון בני איכרים, אָדער פון סעזאָן־אַרבעטער פון וּווייטן דרום. זי קען זיי נישט אָפּזאָגן אַ טאַנץ, כאָטש זי ווייסט, אַז איר בחור, חיים, איז נישט איבעריקס צופרידן פון אַזאַ באַ־

נעמונג: צו טאַנצן מיט אַנדערע! חיים לאָזט איר נישט אַרויס פון אויג.

יאָ, אין איר חתונה אָוונט, אַ מאָל, אַ מאָל, גאָר אַ מאָל, האָט מען געטאַנצט אויפן ליידיקן גורן. דער באָדן פונעם גורן איז געווען באַדעקט מיט פלעוועס און שעצקע. ס׳איז געווען גליטשיק, האָבן חברה זיך נישט געפוילט, געבראַכט לאַפּעטעס מיט גראַבליעס און אָפּגעראַמט אַ גרעסערן קוואַדראַט קרקע. זי געדענקט, ווי זי האָט יעמאָלט געטאַנצט נאָר מיט חיימען, געטאַנצט ביז שכרות, ביז די לעצטע כוחות, ביז ער האָט איר גענומען אויף די הענט, ווי אַ קינד, אַוועקצוטראָגן אין דער היים, אין דער חושה, באַגלייט פון בגלופנדיקע חברה, וואָס האָבן געזונגען, צופּאַטשנדיק מיט די הענט, און געשאָטן מיט צווײדייטיקע אויסרופן... די לבנה האָט זיי באַגלייט מיט אַ שמייכל. די שטערן האָבן געפינקלט און זיך איבערגעווונקען. שאַקאַלן האָבן יענעם שפּעטן אָוונט נישט געיאָמערט. דער האַרמידער האָט זיי איבערגע־שראָקן, האָבן זיי נישט געוואַגט זיך צו דערנעענטערן צום גורן, זענען זיי געבליבן ווייט אין די פעלדער, זיך איבערצופרעגן מיט סאָוועס, וואָס האָבן געקייקלט די אויגן, און געחוזקט פון די פחדנים.

פאַר שבועות תרצ״ח, האָבן די קאָלאָניסטן אויסגעקוקט אויף טוי. דער טוי איז געווען נייטיק, זייער נייטיק, אַראָפּצונעמען די צייטיקע אַרבעס פון פעלד. דער טוי מאַכט פייכט די שויטן, שיטן זיך נישט אויס די אַרבעס. זי געדענקט יענעם באַגינען, ווען זי האָט געהערט חיימען צוזינגען אין הויף. ביינאַכט איז אויסגעפאַלן אַ שווערער, מזל־ברכהדיקער טוי. אַלץ איז געווען נאַס ווי נאָך אַ רעגן. די לופט האָט געשמעקט מיט פרישקייט, מיט געשניטענע פעלדער. יענע נאַכט איז חיים נישט געשלאָפן, ער האָט גע־שומרעוועט, געזעסן ביז טאָג אין זאָטל פון פערד און אַרומגעקרייזט די קאָלאָניע מיט אַלע נאָענטע פעלדער און גערטנער. ערשט פאַר טאָג, האָט זיך חיים צוריקגעקערט אין דער היים, אָפּגעזאָטלט דעם פערד, אים אָנגעטרונ־קען, אַריינגעפירט אין שטאַל, אַרומגעווישט מיט אַ הויפן היי און צוגעפירט צו אַ פולע קאָריטע אָבראָק, וואָס זי, רבקה, האָט פאַרגרייט, איידער זי איז געגאַנגען שלאָפן.

יענעם באַגינען האָט חיים געוואָלט מקדים זיין די קאָלאָניסטן, אַרויסצו־גיין דער ערשטער צום אַרבעס־שניט. אָבער, וואָס איז די איילעניש? הע, ער

וועט פריער ברענגען וואַסער פון ירדן, און דערנאָך אַריינכאַפּן אַ דרימל. ער וועט באַווייזן. עוד היום גדול. האָט ער איינגעשפּאַנט זיינע צוויי מויל־אייזלען אין וואָגן, אַרויפגעקייקלט די פעסער, און געוואַרט אויפן ייִנגערן זון, כרמי, וואָס האָט אים דאָס מאָל געדאַרפט באַגלייטן און קומען צו הילף. אָבער כרמי איז נאָך אַ קינד, האָט זיך אים, יענעם באַגינען נישט געגלוסט אויפשטיין אַזוי פרי. דערפאַר איז שוין געווען וואָך דער בכור מנחם.

בעת מנחם האָט דערהערט דעם פאָטערס שטים, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, זיך שנעל אָנגעטאָן, אין דער שטיל, אַרויס אין דרויסן, מיטצופאָרן מיטן פאָטער צום טייך, אים העלפן שעפּן וואַסער מיט עמערס, אָנצופילן די ליידיקע פעסער. ס׳איז געווען אַ מחיהדיקער באַגינען. די הימלען זענען נאָך געווען בלאַס. אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט דאָס ערשטע צוויטשערן פון פויגל. דער פאָטער מיטן זון האָבן, צוזינגענדיק, אָנגעפילט די פעסער, זיי באַדעקט מיט נאַסע זעק, דאָס וואַסער זאָל נישט אויסלויפן, ביים פאָרן באַרג אַרויף אויפן נישט ברוקירטן וועג.

פּלוצים איז געפאַלן אַ שאָס, אַ צווייטער, אַ דריטער, ביז אַ קנאַלעריי האָט צעריסן די באַגינענדיקע שטילקייט. אַ כנופיה אַראַבישע באַנדיטן, האָט זיך געהאַט אויסגעבאַהאַלטן הינטער קשאַקעס און באַזאַלט־פעלזן, נישט ווייט פון וועג, און האָגלט מיט פייער אויף חיימען מיטן זון, וואָס זענען געזעסן אויפן וואָגן און שטיל געזונגען.

פּנים אל פּנים, וואָלט חיים, דער גבר, מיט זיינע אייזערנע הענט, גע־קענט זיך אָן עצה געבן מיט צען באַנדיטן, אָבער ער האָט קיינעם נישט געזען, און נישט געהאַט מיט זיך קיין פּיצל געווער. ער האָט נאָר געהאַט אַ בייטש אין דער האַנט. ס׳איז אים אויפן זין נישט געקומען די מעגלעכקייט פון אַן אָנפאַל, אָן שום סיבה. ס׳האָט זיך אים אויפן שכל נישט געלייגט, אַז אין אַזאַ שמעקעוודיקן, שטילן באַגינען, זאָל דער טויט לויערן, אָט דאָ, אויפן פרידלעכן וועג, אַזוי נאָענט פון דער היים.

די קוילן האָבן צוערשט געטראָפןביידע מויל־אייזלען און זיי אָוועק־געלייגט. די קוילן האָבן גלייכצייטיק געטראָפן אין די פעסער און זיי דורכ־געלעכערט. די קוילן האָבן צעריסן חיימס לינקע האַנט, און זיין בלוט האָט געשפּריצט צוזאַמען מיטן וואַסער פון די פעסער.

מיט דער רעכטער האַנט, האָט חיים באַוויזן אַראָפּשטויסן דעם זון פונעם וואָגן און אויסצושרייען: — „בויג זיך איין מנחם, בויג זיך איין. וואַרף זיך אונטערן וואָגן, נאָכער אַנטלויף, בעת מען וועט אויפהערן שיסן"...

מיט דער כונה צו פאַרשטעלן דעם זון פון די רוצחים, האָט ער אין פאַרצווייפלונג צונויפגענומען אַלע קרעפטן, און זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג ווו די רוצחים זענען געלעגן אין באַהעלטעניש. באַלד האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף איינעם פון זיי, און מיט זיין געביילטער פויסט, אים אַריינגעהאַמערט אין פּרצוף, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק רוי־פלייש. מיט אַ פוס האָט ער אַ מעכטיקן זעץ געטאָן דעם רוצח אין אונטערשטן טייל בויך, און מיט דער איין האַנט אַרויסגעריסן פון אים די ביקס, וואָס ער האָט געכאַפּט פאַר דער רער, און איר צעבראָכן אין צווייען איבער זיין שאַרבן און צוקנדיקע אַקסלען. אָבער, ס'איז געווען אַ פאַרלוי־רענער געפעכט; — אַ זאַלפּ האָט דורכגעלעכערט חיימס ברוסט און אים פאַרענדיקט — — —

אָט דאָ אין קאַרצער, ליגנדיק אויפן שטיינערנעם דיל, מיטן פּנים אין טוכלען שטרוי, האָט רבקה איבערגעפּיבערט יענעם באַגינען. זי האָט דאַן געשוואַנגערט מיטן דריטן קינד. זי שרייט איצט ווי דעמאָלט, בעת זי איז געלאָפן צוזאַמען מיט די מענטשן פון דער קאָלאָניע, וואָס זענען אַראָפּ־געשפּרונגען פון זייערע געלעגערס, האַלב אָנגעטאָן, זיך צו לאָזן צו הילף, אין דער ריכטונג פון דער שיסעריי.

זיי זענען געקומען נאָך אַלעמען. די באַנדיטן זענען שוין געווען פון יענער זייט ירדן. חיים מיטן זון זענען געלעגן טויט. דער יינגל איז געלעגן ביים וואָגן מיט אַ דורכגעלעכערטן קאָפּ. פון די פעסער האָבן נאָך געטריפט טראָפּנס וואַסער און געפאַלן מנחמען אויפן פּנים, אויף די פאַרשטאַרטע, האַלב אָפענע אויגן. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געוויינט.

די מויל־אייזלען זענען געלעגן פאַרפּלאָנטערטע אין זייערע געשפּאַנען, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ און מיט אויס־געשטרעקטע העלדזער. ביים ראַנד פון וועג, איז געלעגן חיים, אויסגעלאָשן. זיין צעפליקטע האַנט איז געלעגן, מיט די פינגער, ווי איינגענאָגלט אין דער

האַרטער ערד. אין דער צווייטער האַנט איז געווען פאַרקלעמט אַ רער פון אַ צעבראָכענער ביקס.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך איבער די בערג. די פויגל האָבן גע־שוויגן. אַלע האָבן געשוויגן. רבקה האָט זיך פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט אַ פויסט, איינצוקלעמען די ציין אין אייגענעם פלייש. ס׳האָט זיך נאָר געהערט דאָס שטילע ריזלען פון ירדן, וואָס האָט ווייטער געשטראָמט, ווי דאָ וואָלט גאָרנישט געשען.

★

בעת רבקה איז געלעגן אין קאַרצער, פאַרזונקען אין אירע מחשבות און זכרונות, זענען די געפאַנגענע פרויען געזעסן אין זייער צעל, אין אַ קרייז, צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער. ביי דער טיר זענען געשטאַנען זייערע נישט באַרירטע מאָלצייטן. ביי די שיסעלעך האָבן זיך געוואַלגערט פאַר־טריקנטע פיטעס. אפילו צום קרוג וואַסער, האָט זיך קיינע פון זיי נישט צוגערירט, כאָטש די חמימה איז געווען גרויס.

18 זענען זיי געווען, 18 מיידלעך, 18—19 יאָריקע, וואָס זענען געקומען אין יענער קאָלאָניע אויף צייטווייליקער סעזאָן אַרבעט. די סירישע זעלנער זענען זיי פאַרלאָפן דעם וועג, בעת זיי זענען געפאָרן פון משמר הירדן קיין ראש פינה, אין אַן אַלטן טענדער, געפירט פון אַ בחור, פון אַ נאָענטן קיבוץ, וואָס איז דאָרטן געקומען אַ פּאָר טעג פריער פאַרן אָנפאַל און נישט באַוויזן זיך צוריקקערן אַהיים. דער בחור האָט זיך באַלד געשטעלט אין דינסט פון די באַשיצער. שפּעטער האָט ער זיך מתנדב געווען אַרויספירן די מיידלעך, וויסנדיק די סכנה פון אַזאַ נסיעה. דאָס געפיל, אַז זיין אָרט איז איצט אויף דער וואַך אין זיין קיבוץ, צוזאַמען מיט זיינע חברים, האָט אים נישט צו רו געלאָזט. ער איז אַרויסגעפאָרן אַ פרייטיק נאָך מיטאָג מיט דער כונה, שבת פאַרנאַכט זיך צוריקקערן אַהיים. ער איז געפאָרן מבקר חולה זיין אַ קרוב, און דאָ איז געשען, וואָס עס איז געשען. נישט ער, נישט זיינע חברים האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער שונא שטייט שוין ביים טויער. זיי האָבן נישט געטראַכט, אַז דאָס סורישע מיליטער איז שוין אַריבער די גרענעץ — — —

דער טענדער איז געווען אַן אַלטער, אַ שטיק שברי כלי. די סורישער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט זייערע באַוואָפנטע דזשיפּן און דורכגעשאָסן

די גומעס פון די רעדער. מיט געלאָדענע ביקסן, אָנגעצויגענע מיט באַגנעטן, האָבן זיי זיך געלאָזט צום טענדער מיט געשרייען: — „גיט זיך אונטער, שטיין בלייבן"! ווי די פרידלעכע מיידלעך מיטן איינציקן נישט באַוואָפנטן בחור, וואָלטן זיך געקליבן מיט זיי מלחמה האַלטן.

די מיידלעך זענען געזעסן אונטערן ברעזענט, צוגעטוליעטע איינע צו דער צווייטער, טויט דערשראָקענע. דער בחור — — — מיט אַ קויל אין קאָפּ, איבערן פאַרבלוטיקטן רעדל אין דער קאַבינקע.

ס'איז געווען נאָענט צום ישוב, ווו דאָס ביסל יידישע שוץ־קרעפטן האָבן נישט אויפגעהערט צו שיסן. די סוריער זענען גאַרנישט געווען זיכער אין זייער „נצחון", זיי האָבן געוואַרט אויף אַ קעגן־אָנגריף. איידער וואָס ווען, האָבן זיי זייער מלחמה־דורשט אויסגעלאָזט צו די מיידלעך און זיי געשלאָגן מכות־רצח.

אַ באַוואָפנטער יידישער רעסאָרט, וואָס האָט זיך אונטער אַ שווערן פייער אַרויסגעריסן צו הילף דעם טענדער, האָט פאַרשפעטיקט אויף אַ האַלבער שעה, דעריבער זיצן זיי איצט, דאָ אין תפיסה־צעל, דערנידערטע און פאַריאושטע, נישט וויסנדיק וואָס עס גייט אָן אין דער וויטער היים.

ס'האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו פייניקן חרטה־געפילן, הלמאי זיי האָבן נישט געפאָלגט די מענטשן פון דער קאָלאָניע און זיך געלאָזט אין וועג, אין אַזאַ געפערלעכער צייט. זיי האָבן זיך פאַרעקשנט, און פון גאַרנישט געוואָלט וויסן, טענהנדיק: „עט, די גאַנצע נסיעה דאַרף דויערן אַ צוואַנציק מינוט. אין דער היים, וועט מען נישט וויסן, וואָס איבערצוקלערן"...

די קאָלאָניסטן האָבן נישט געקענט מוותר זיין אויף איין מענטשן צו באַגלייטן די מיידלעך, וואָרעם יעדער דערוואַקסענער פונעם קליינעם, וויטן ישוב, איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אויף זיין באַשטימטן אָרט. נאָר, אַז דער קיבוצניק, וואָס האָט זיך אויך געריסן צו זיין היים, האָט זיך מתנדב געווען צו פאָרן, האָט דער קאָמאַנדיר צוגעשטימט, שיקנדיק אַ מעלדונג דער באַוועגלעכער, דרויסנדיקער וואַך, צו האַלטן אַן אויג אויפן טענדער. דער קאָמאַנדיר האָט אויך באַפוילן, סיגנאַליזירן צו די שוץ קרעפטן פון ראש־פינה, מען זאָל, חלילה, על־ידי טעות, נישט באַשיסן דעם טענדער. אָבער קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז יענע נאַכט האָט זיך אַריינגעגנבעט

אַ סורישער רעקאָגאָסאַנס־פּאַטרול אינעם יידישן הינטערלאַנד, מיט דער כונה צו שעדיקן, שפּיאָנירן און מאָרדן, און אַט דער אַ פּאַטרול איז עס פאַרלאָפן דעם וועג, דעם טענדער מיט די מיידלעך — — — — — — — —

אין טראַנס פון זכרונות און חלומות, ערגעץ ווייט פון דער געפּענגעניש, האָט רבקה נישט געפילט, ווי מייז האָבן פאַרזיכטיק געלעקט דאָס אויסגע־גאָסענע וואַסער פונעם קרוג, נישט ווייט פון דער אייזערנער טיר, וווּ זי איז געלעגן אויף דער ערד, אין קאַרצער.

*

אַבו ראַשיד, דער דירעקטאָר פון תפיסה, איז געזעסן ביים שרייב־טיש איבער אַ גרויסן בויגן ליניִרטן פּאַפּיר און סטיליזירט זיין באַריכט צו דער העכערער מאַכט, וועגן די נעכטיקע געשעענישן אין זיין תפיסה־מלוכה. מיט פיבער האָט ער אייליק באַשריבן דעם „נעכטיקן עקסידענט" (לויט זיין „טערמינאָלאָגיע") מיט אַלע פּרטים. נאָכן איבערלייענען דאָס געשריבענע, האָט ער עס צעריסן, און געשריבן פון ס'ניי, מיט ווייניקער פּרטים און מער שאַרפקייט. דער ניי געשריבענער בויגן איז אים אויך נישט געפעלן געוואָרן, האָט ער אים צונויפגעדריקט מיט כעס, און אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד. עס זענען אַוועק אַ פּאָר שעה. אַרום זיין שטול, אויף דער ערד, איז שוין געלעגן אַ קופּע צעריסענע, צונויפגעדריקטע פּאַפּירן, דער אַש־בעכער איז פול געוואָרן, און דער באַריכט איז אַלץ נישט געווען פאַרטיק.

פון יענער זייט טיר, האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. זיינע באַאַמטע האָבן אים גוט געקענט און געוווּסט, אַז בעת ער איז אין אַ קלאָגעדיקן מצב־רוח, מוז אַרום און אַרום זיין טויט־שטיל, קיינער טאָר זיך נישט ווייזן פאַר זיינע אויגן, מחוץ דעם אַלטן טיר־וועכטער, זיין באַדינער, וואָס האָט כסדר אָנגעפילט טעפּעלעך, פרישע, שטאַרקע קאַווע, און געזאָרגט, אַז עס זאָלן נישט פעלן קיין ציגאַרעטן מיט שוועבעלעך. דער באַדינער האָט געהאַט זיין פּריווילעגיע, אַריין און אַרויסגיין, אין מודירס קאַבינעט, שטיל ווי אַ שאָטן, שטום אויספילן זיין ווילן, גאַרנישט צו פרעגן, גאַרנישט צו זאָגן.

דער לעצטער נוסח פונעם אָנגעשריבענעם באַריכט איז אים געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך אַזוי געלייענט:

„צייט דער ערשטער רגע, ווי די יידישקע איז אַריבער די שוועל פון תפיסה, האָבן אַלע געהאַט פון איר צרות צרורות. זי איז חוצפה־דיק און אַ פאַרדאַרבענער טיפּ, אַ ווילדע עקשנטע, אַ ווידערשפּעניקע, וואָס וויל נישט אָנערקענען קיין שום דיסציפּלין. בעת מען רעדט צו איר, קוקט זי אָן אַ זייט, ווי דו וואָלסט גאָרנישט עקזיסטירט. זי איז צו פאַרריסן דיר אויסצוהערן. רעאַגירט מען מיט שאַרפקייט, וואַרפט זי זיך אויף דער ערד, נעמט יאָמערן, און באַפאַלט די וועכטער מיט פויסטן און נעגל. אַפילו די פיס רוען נישט ביי איר. זי רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, זי רייסט די קליידער, צעקראַצט זיך אַליין דאָס לייב. דאָס מיאוסע פון אָט דעם טיפּ איז דאָס שפּייען: — זי שפּייט דיר אין פּנים. ביים וואַרפן זיך אָן דער ערד, האָט זי זיך צעבראָכן אַ פּאָר ציינער. זי שילט, זי זידלט, זי טראַכט אויס אַז די וועכטער האָבן איר געשלאָגן און אויסגעהאַקט די ציין.

דאָס שעדלעכע איז, וואָס זי קען פּליסיק אַראַביש און יעדערער פון פּערסאָנאַל הערט, ווי זי שילט און לעסטערט אונדז, מיט דער רעגירונג און דראָעט מיט נקמה, מצד די יהוד פון פּאַלעסטין.

נעכטן פרי איז איר איינגעפאַלן צו מאַכן מיליטערישע איבונגען מיט די איבעריקע יידישקעס אינעם תפיסה־הויף. נאָך יעדער איבונג, האָבן זיי געזונגען ציוניסטישע לידער און בקולי קולות געררופן אַלע אַרעסטאַנטן מורד צו זיין קעגן דער תפיסה־־מאַכט. נעמט אין באַטראַכט, אַז אַלע תפיסה פענצטער, פון אַלע צעלן, זענען אָפענע, נישט פאַרגלאָזטע.

איר וועכטערין איז אַ פּאָר מאָל געקומען צו מיר מיט אַ געוויין, אַז די דערמאָנטע יידישקע, קען איר ממיתן. זי קען נישט הערן אירע רייד, זי קען נישט אויסהאַלטן איר חוצפה, זי הערט נישט אויף צו פאָדערן זייף, וועש, שיך און ליילעכער פאַר די אַנדערע יידישקעס. זי פאָדערט אַ באַזונדערן אָרט און מער וואַסער זיך צו וואַשן: — „מיר זענען נישט קיין קרימינעלע”, — שרייט זי — „מיר האָבן אייך גאָרנישט געטאָן, מיר ווילן נישט אייערע טוכלע עסנס. הינט עסן ביי אונדז בעסערס, ווי דאָס וואָס איר גיט אונדז”.

בעת די וועכטערין האָט איר גענומען ענערגיש באַרויִקן, האָט זי איר אָנגעשפּיגן אין פּנים, לעיני כול — — —און דאָס אַלץ, אין די ערשטע טעג פון איר אויפהאַלט אין אונדזער געפענגעניש.

נאָך דער דערמאָנטער שאַמאַטאַ (סומאַטאָכע), וואָס זי האָט גע־מאַכט אין תפיסה־הויף, האָט זיך איר גיפט געגומען פאַרשפּרייטן איבער אַלע צעלן. בלית ברירה, האָב איך באַפוילן, איר צו פאַר־שפּאַרן אין קאַרצער, וועגן וואָס איך גיב אייך צו וויסן.

וואַרטנדיק אויף ווייטערדיקע אָנווייזונגען, צייכן איך געהאָרכזאַם מיט כבוד:

עלי־אל־עמאַני עפענדי (אַבו ראַשיד)
לייטער פון דמשקער צענטראַלער תפיסה".

דער פּאַפּיר איז איבערגעשריבן געוואָרן אויף ריין (מיט עטלעכע קאָ־פּיעס). אַבו ראַשיד האָט עס געחתמעט, אייגנהענטיק פאַרקלעפּט אין אַ קאָנ־ווערט, געשטעמפּלט דעם זוים מיט טריוואַקס און דערלאַנגט דעם טיר־וועכטער, ער זאָל עס איבערגעבן דעם באַשקאַטעב (ביוראָ לייטער), אַוועק־צושיקן ווו מען דאַרף.

נאָך דער פּראָצעדור, האָט אַבו ראַשיד פריי אָפּגעאָטעמט. עס איז אים ווי אַ באַרג אַראָפּ פון קאָפּ. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, אויסגע־גלייכט, פאַרקעמט די צעפּודלטע האָר, און מיט אַ דין בערשטעלע, וואָס ער האָט איינגעטונקט אין עפּעס אַ שוואַרצן שמירעכטס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין שופלאָד, — גוט געמאַכט די וואָנצעס, אָנגעטאָן דעם שטייפן פעס, אַ זופּ געטאָן ס'רעשט קאַלטע, ביטערע קאַווע פונעם טעפּעלע, און איז אַוועק אין זיין שטאַם־קאַפע, נישט פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר, נישט צו זאָגן אַ „גוטן טאָג" צו קיינעם פון די צעשראָקענע באַאַמטע, וואָס זענען אים אַקעגן געקומען אין קאָרעדאָר.

וואָכן לאַנג האָט אַבו ראַשיד געוואַרט אויף אַן ענטפער און נישט באַ־קומען, — ווי זיין שריפט וואָלט אַריינגעפאַלן, ווי אַ שטיין אין וואַסער.

✶

רבקה איז שוין לאַנג צוריק געווען מיט אירע „בנות" אין צעל, נאָכן אָפּפינצטערן, אין עינויים, 5 מעת לעת אין קאַרצער. זי האָט זיך צוריקגע־

קערט אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד, אָבער מוטיק ווי געווען, מיט אַ ניי פּייערל אין די אויגן. מען האָט איר געגעבן אַ נייעם כאַלאַט מיט אַ פּאָר לאַטשן, נישט צו זאָגן אַ וואָרט. אומגעקערט: די וועכטערין מיט די איבעריקע שמירה־מענטשן, האָבן זיך גענומען באַציִען צו איר מיט באַהאַלטענעם כבוד. איר נאָמען האָט גענומען אַרומגיין אין די צעלן ווי אַ לעגענדע. מען האָט איר געוואָלט שיקן אין תפיסה־שפּיטאָל, האָט זי קאַטעגאָריש געענטפערט: „ניין". דאָס מאָל האָט מען איר צו רו געלאָזט.

גרויס איז געווען די שמחה אין איר צעל, נאָך איר צוריקקער. זי האָט זיך אַרומגענומען און געקושט מיט יעדעס מיידל באַזונדער, און געהאַט פאַר אַלעמען אַ גוט וואָרט.

וואָכן האָבן געביטן חדשים. דער פּאַפּיר פון מודיר איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, פון טיש צו טיש. קיין תשובה איז נישט געקומען. אַבו ראַשידן האָט עס געקרענקט. ער איז געבליבן צו נאַר אין די אויגן פון זיין פּערסאָנאַל. זיין שריפט איז נישט געווען קיין סוד. מען האָט געוווּסט, אַז זיינע „גוטע פריינד", אין די הויכע פענצטער, האָבן אים איגנאָרירט און געמאַכט צו שפּאָט. לויט זיינע השגות, האָבן זיי אים געוואָלט געבן דעם „לעצטן קלאַפּ", און געוואָרט אויף ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען מיט די יידישקעס אין תפיסה.

אַבו ראַשידס קאַפּע־קאָלעגן, און עלטערע משפחה־מענטשן, האָבן אים געראָטן צו רעאַגירן מיט דער זעלבער מטבע: איגנאָרירן דאָס פאַרשווייגן די שריפט, און זיך באַמיען אויסמיידן ווייטערדיקע צוזאַמענשטויסן מיט די פאַרשאָלטענע יידישקעס פון פּאַלעסטין, ווער רעדט נאָך, נאָך דעם ווי ס'איז געשלאָסן געוואָרן וואָפן־שטילשטאַנד צווישן דער מאַכט פון תל־אביב, מיט די נאָבעלע אַראַבישע מדינות, וואָס גרענעצן זיך מיט דעם פאַרכאַפּטן, באַ־רויבטן פּאַלעסטין.

„מאַלעש" — האָבן זיי געטענהט — „ס'מאַכט נישט אויס, ס'וועט קומען דער גרויסער טאָג, און זיס וועט זיין דיין נקמה אָן די קליינלעכע, נידעריקע שונאים פון די נאָבעלע אַראַבער".



פון די וועכטער און פון צופעליקע באַגעגענישן מיט ניי געבראַכטע אַרעסטאַנטן, האָבן די געפאַנגענע פרויען כסדר געהערט ידיעות פון ישראל, איינע גרויליקער פון דער צווייטער: „די שטעט ליגן אין חורבות, די גרעניץ־שטחים זענען באַזעצט פון אַראַבישע אַרמייען, אין ירושלים האַלטן זיך די יידן נאָר אין עטלעכע געסלעך, באַוואַכטע און באַשיצטע פון אַמעריקאַנער מאַטראָסן... צענדליקער טויזנטער יידישע מענער, פרויען און יוגנטלעכע געפינען זיך אין אַראַבישער געפאַנגענשאַפט, און די, וואָס זענען נישט געפאַנגען, וואַרטן אויף פרעמדע שיפן, וואָס דאַרפן קומען קיין חיפה, וואָס געפינט זיך אין בריטישע הענט, זיי אַרויסצופירן פון פאַלעסטינע"...

נאַטירלעך פלעגט מען אַלץ דערציילן אין אַראַבישן לשון, וואָס נאָר רבקה האָט גוט פאַרשטאַנען. די ידיעות פלעגן איר דערשיטערן, כאָטש זי האָט עס נישט געגלויבט. זי פלעגט זיי ענטפערן: — „קאַזאַבין — ליגנערס".

די פרויען פלעגט רבקה איבערגעבן נאָר אַ טייל פון דאָס געהערטע, וואָס איז געווען גענוג זיי צו באַאומרויִקן.

ביסלעכווייז האָט זיך אין תפיסה צעטראָגן די ידיעה, וועגן וואָפנשטילשטאַנד, וואָס איז דורך די פשוטע, אַראַבישע מענטשן, פאַרשטאַנען געוואָרן ווי „שלום". באַלד נאָכדעם, האָט זיך די באַציאונג צו די געפאַנגענע געענדערט צום גוטן. די וועכטער זענען געוואָרן פריינדלעכער, מען פלעגט זיי טרייסטן און זאָגן: „אָט באַלד וועט מען אייך באַפרייען, און אַוועקשיקן קיין — — — אַמעריקע, וואָרעם פון אייערע היימען, אין פאַלעסטינע, איז ווייניק געבליבן. וואָס וועט איר טאָן אויף די חורבות פון אַזאַ לאַנד"?

רבקה האָט תמיד געהאַט די איינציקע תשובה: „קאַזאַב — שקר".

נאָענט צו ימים נוראים תש"ח, איז פייגעלע, איינע פון די מיידלעך, קראַנק געוואָרן. נאָכן אָפליגן עטלעכע מעת לעת אין הויכן פיבער, האָט מען איר אַוועקגענומען אין תפיסה שפּיטאָל, ווו ס'האָט איר באַהאַנדלט אַ פרוי, אַ דאָקטאָר פון דרויסן. ווייזט אויס, פון די מיסיאָנערן. די דאָקטאָרשע האָט געפונען ביי פייגעלען אַ לונגען־אָנצינדונג, וואָס זי האָט געהיילט מיט סולפאַ, וואָס זי פלעגט מיטברענגען מיט זיך.

די דאָקטאָרשע האָט גערעדט פראַנצויזיש, וואָס פייגעלע האָט פאַרשטאַנען, ווייל זי האָט געלערנט אין איינע פון באַראָן ראָטשילדס שולעס, ווו

פראַנצויזיש לשון האָט דאָמינירט נישט ווייניקער ווי העברעיש. די דאָק־טאָרשע האָט איר בלחש דערציילט, ווי ס׳האַלט מיט „פּאַלעסטינע״: — די אַראַבער האָבן אומעטום געליטן מפּלות. הונדערטער טויזנטער אַראַבער, זענען פון א״י אַנטלאָפן אין די שכנותדיקע לענדער, ווו זיי האַלטן זיך אויף אין לאַגערן, ווי פּליטים. „ס׳איז זיי דאָרטן ערגער, ווי אייך דאָ אין תפיסה״.

„די נייע ירושלים, פון יענער זייט מויער, איז געבליבן אין יידישע הענט, בעת די אַלטע שטאָט, אין די מויערן, איז געפאַלן, און איז באַזעצט פונעם עמיר אַבדאַללאַס, בריטיש־אַראַבישן לעגיאָן. די יידן פון אַלט־ירושלים, האָט מען גענומען אין געפאַנגענשאַפט, און זיי אַוועקגעפירט מעבר לירדן. די יידן האָבן פאַרנומען אַזעלכע אַראַבישע שטעט, ווי לוד, רמלה און עכו. בעת די שלאַכטן, זענען צעשטערט געוואָרן אַ סך אַראַבישע דערפער. די יידישע שטעט זענען געבליבן גאַנץ, מחוץ יענע אַראַבישע קוואַרטאַלן, וואָס האָבן געקעמפט מיט די יידן. אַלע יידישע דאָרפישע ישוּ־בים, ליגן אין די יידישע הענט. די אַראַבער זענען געבליבן זיצן נאָר אין שכם, חברון, תל כרם און בית לחם. די יידן הערשן אומעטום. די ענגלענדער האָבן שוין פאַרלאָזן פּאַלעסטינע. אין לאַנד קומען כסדר אָן שיפן, מיט טויזנטער יידן פון אַלע טיילן וועלט״.

די דאָקטאָרשע ווייסט פון די צייטונגען, אַז אין דער „גאַליליי״, איז חרוב געוואָרן נאָר איין איינציקע קליינע, יידישע קאָלאָניע, וואָס ליגט אויף דער גרענעץ, זי געדענקט נישט איר נאָמען.

די אַלע ידיעות האָט פייגעלע געבראַכט מיט זיך פונעם שפּיטאָל אין צעל. רבקה האָט אָפּגעפרעגט. זי גלויבט נישט, אַז אַזאַ קאָלאָניע איז צע־שטערט געוואָרן. מאַלע וואָס די דאָקטאָרשע דערציילט. זי האָט עס זיכער געלייענט אין זייערס אַ צייטונג. ס׳מוז זיין, איינער פון די אַראַבישע שקרים, וואָס דאַרפן דעקן זייער מפּלה... זי גלויבט אויך נישט, אַז אַלט ירושלים איז פאַרנומען פון אַראַבער. די הגנה וועט אַזוינס נישט דערלאָזן. זי קען גוט די מענטשן פון דער הגנה. זייז וועלן נישט אָפּגעבן דעם שונא נישט איין שטיין פון ירושלים, עיר הקודש. אַ קרענק וועט זיי די הגנה געבן...

דאָס אַלץ, האָט רבקה געזאָגט גיך, אין איין אָטעם, צו פאַררײדן איר טיפן אומרו און שניידיקן ווייטאָק, וועגן גורל פון „יענער חרוב געוואָרענער

קאָלאָניע אין דער גאַליליי״, וואָס האָט זיך איר יאָ געלייגט אויפן שכל, און ס׳האַרץ האָט נישט געוואָלט אויפנעמען.

*

אַ חודש שפּעטער, האָט זיך פּלוצים באַוויזן, מבוהלדיק, אַבו ראַשיד, בכבודו ובעצמו, אינעם תפיסה קאָרעדאָר, וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסע איבערראַשונג: היתכן? — אַבו ראַשיד אין קאָרעדאָר, ביי דער צעל פון די יידישקעס!? זייט „יעמאָלט״ האָט ער אויסגעמיטן צו באַטרעטן יענעם ווינקל. אַבו ראַשיד האָט זיך געסודעט מיט די וועכטער, און איז אַוועק אַזוי מבוהלדיק ווי ער איז געקומען.

דער ציל פון זיין באַזוך, האָט לאַנג נישט געקענט בלייבן קיין סוד, ווייל די וועכטערין האָט באַפוילן די פרויען גוט אויפראַמען די צעל, אויס־שייערן דעם דיל, אָפּווישן דעם שטויב פון די ווענט. „מאָרגן וועלן דאָ באַזוכן גרויסע לייט״. „יאָ״, האָט די וועכטערין צוגעגעבן, „פאַרן שלאָף, וועט איר קריגן קליידער, העמדער מיט — — — שיך״.

פאַרנאַכט, האָט מען אַלץ געבראַכט, וואָס די וועכטערין האָט צוגעזאָגט, מיט אַ צוגאָב פון עטלעכע שטיקלעך זייף. אמתע זייף.

די דאָזיקע נאַכט איז קיינע פון זיי נישט געשלאָפן. ווי געוויינטלעך, זענען זיי געזעסן צוזאַמען אויף אַ מאַטע, אין אַ קרייז, און רבקה האָט זיי דערציילט פון איר היים.

— — — „יאָ, בנות, באַלד נאָך מיין אומגליק איז מיר פינצטער גע־וואָרן די וועלט. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז עס איז אויך מיין סוף. ווי זאָל איך עס אויסהאַלטן? אָבער כ׳בין יעמאָלט געווען שוואַנגער, אין אַכטן חודש, ס׳נפשל אין מיר האָט כסדר דערמאָנט, אַז איך לעב. גוטע שכנים, מיט זייערע זין און טעכטער, פלעגן העלפן אַלץ אָפּטאָן אין מיין ווירטשאַפט. איך פלעג נישט קענען לאַנג בלייבן אין מיין מרה־שחורה. ווי געזאָגט, פלעגט זיך ס׳נפשל וואַרפן אין מיר, ווי צו דערמאָנען, אַז איך טאָר זיך נישט אָפּלאָזן, כ׳מוז זיך נעמען אַליין אין די הענט, און זיך באַהערשן. פלעג איך זיך אויפהויבן, אויסגלייכן, און אַרויס אין הויף ווו ס׳איז געווען ליכטיק, זוניק און פול מיט לעבן.

כרמי, מיין זון, וואָס האָט יענעם באַגינען פאַרשלאָפן דעם טויט, באַלע־באַטעוועט אין הויף, ווי אַ דערוואַקסענער. זיין גאַנג, זיינע באַוועגונגען און יוגנטלעכער ישוב־הדעת, פלעגט מיר דערמאָנען זיין פאָטער, מיין חיימען. ער האָט זיינע אויגן, זיין אויסדרוק, זיין צעפודלטן קאָפּ...

דער הויף האָט געלעבט. אין הויף זענען געווען עופות, שעפּסן, קי, קעלבער, אַ זשרעבעקל, און אונדזער דריטער מויל־אייזל, וואָס איז געבליבן לעבן. די לופט פון הויף האָט געווימלט מיט לעבן: — טויבן, פויגל, בינען, פלאַטערלעך, פליגן, אַלץ האָט זיך באַוועגט, געזשומעט און זיך איבערגע־פרעגט אין זייער סודותדיקן לשון. דער ריח פון האָניק, דער ריח פון גע־שניטענע פעלדער, מיטן ריח פונעם נאָענטן ירדן, מיט זיינע ערבות, פלעגט פאַרכאַפּן דעם אָטעם. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל פון שטוב, אַראָפּגעלאָזן די אויגן און ווידער באַגעגנט אַ שטיק לעבן: — שורות מו־ראַשקעס האָבן זיך באַוועגט הין און צוריק, אָנגעטראָגן אין די פּיסקלעך פּלעווער מיט קערנער. פויגל פלעגן זיי באַפאַלן, צערייסן זייער גאַנג און אַוועקפליען — אין אַ ווײַלע אַרום ווערט די צעריסענע שורה צוריק גאַנץ, און באַוועגט זיך ווידער, ווי דער טויט וואָלט דאָ גאָרנישט געהערשט אַ פּאָר מינוט פריער. די מוראַשקעס שלעפּן ווידער קערעלעך, פּלעווער, פּיצ־לעך שטרוי, איין שורה באַוועגט זיך אַהער, אַ צווייטע שורה אַהין... יאַש־טשערקעס כאַפּן פליגעלעך און אַנטלויפן. זשוקעס קייקלען שטיקלעך אָפּפאַל. אַ קאַמעלעאָן טוליעט זיך צו אַ שטאַם פון אַ האַלב צייטיקער זון־בלום. די קרוין פון דער זון־בלום איז אויך אַן עולם ומלואו: פול, איבערפולט מיט קליינטשיקע פליגעלעך און אַנטוישטע בינען, וואָס זענען געקומען נאָגן זאַפט, און געפונען געלבלעך־טרוקענעם זאָמען־שטויב. אָט שפּאַנט אַ מוטער־הון, באַגלייט מיט אַ מחנה עופעלעך, ווי לעבעדיקע קנייכלעך ראָזע וואַטע. די הון שטעלט זיך אָפּ, גראַבלט מיט די נעגל אין דער ערד, ביז זי דער־טאַפּט אַן אוצר: אַ פולע נעסט מיט מילבן־אייעלעך, ווי ווייסער רייז, נעמט זיך די הון גוידערן און רופן. לויפן זיך צונויף די עופעלעך, שטופּן זיך, שפּרינגען איינע איבער דער צווייטער, פּיקן, רייסן זיך, בעת די קליגערע פון זיי, פאַרצערן אָן רחמנות די מילבן־אייעלעך. די הון ברומט פון נחת, אַליין זיך נישט צו פאַרגינען געניסן פון דער שפע. אַז זי נעמט שוין יאָ אָן

אַ פולן שנעבעלע מיט אייעלעך, צעקייט זי זיי, שפייט אויס, און רופט צונויף די עופעלעך, צו געניסן פון פּאַרטיקן״.

„די קעלבער מוקען, זיי ווילן זויגן, זיי דורשטן נאָך דער מוטערלעכער גוטס, וואָס שפּאַרט אַרויס פון זייערע אייטערס, וואָס די גייציקע מענטשן נעמען אַוועק פון זיי. ענטפערן די פּאַראומערטע קי: — מו — מו, וואָס קענען מיר העלפן? די קי ווילן אויך געניסן, פון דער הנאה, פון די סאַמעט־ווייכע ליפּן און צינגלעך, וואָס קושן און גלעטן די וואָרצלען פון זייערע אייטערס. זיי האָבן געוואַרט אויף דעם, לאַנגע, לאַנגע חדשים, און אָט באַלד, נאָכן זיך קעלבן, רייסן און צופּן ווידער זייערע וואָרצלען, האַרטע, אויס־געפּראַצעוועטע מענטשן־הענט. זיי רויבן אַוועק די פעטע, ווייסע, שוימיקע שפע. ס׳ווילט זיך זיי אויסבריקען מיט די הינטערשטע פיס, און מיט די ווידלען שמייסן די מענטשלעכע פּנימער: — זאָל עס בעסער איינזאַפּן די ערד, איידער דער שלעכטער בן אדם״...

— „אַזוי בייט איין שעה די צווייטע. ס׳נפשל אין מיר רוט נישט, עס וואַרפט זיך, צו דערמאָנען, אַז באַלד דאַרף כרמי זיך צוריקקערן פון פעלד. היינט אַקערט ער מעשה דערוואַקסענער, ער אַקערט מיטן איינציקן מויל־אייזל. ער שניידט פּאַמעלעך מיטן אַקער־אייזן, די טונקל ברוינע גלילער ערד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט זיין טאַטנס שוויס. די ערד שניידט זיך ווי פרישער קעז. עס שלאָגט פון איר אַ בראשיתדיקער ריח־ניחוח, וואָס פּילט אָן מיט סם־החיים יעדער פּאָר פון זיין יונגן גוף. ס׳גייען אים נאָך פויגל און פאַרצערן די גאַנץ געבליבענע, און האַלב צעשניטענע, פעטע, רעגן־ווערעם, וואָס דער אַקער־אייזן רייסט אַרויס פון דער טיפעניש״.

רבקה דערציילט, אַז אַ מאָל, גאָר אַ מאָל, פלעגט זי נאָכגיין חיימען, כדי אָנצוקלייבן פולע בלעכלעך רעגן־ווערעם, זיי צודעקן מיט פייכטע ערד און אָפּהיטן ביז שבת, ווען חיים פלעגט נעמען זיינע ווענטקעס מיט די ווערעם, זיך צו לאָזן מיטן שטראָם פון ירדן, פאַנגען פיש. ער פלעגט אַזוי אַוועקגיין ווייט, וויט, ביז דער חולה.

„יאָ, בנות, ס׳צאַפּלדיק נפשל האָט מיר באַוויגן זיך אויפּהויבן, גיין גרייטן מיטאָג פאַרן זון. כ׳בין אַריין אין מחסן, און ווי צום ערשטן מאָל דערזען דאָס גוטס אויף די פּאָליצעס: פולע טעפּ, פולע ליימענע קריג, וואָס

איך מיט חיימען האָבן פאַרגרייט אויף ווינטער; האָניק, שאָפּען־קעז, לבניה־קניידלעך אין זאַלץ־וואַסער, אָדער אין שמן, גרינע און שוואַרצע איילבערטן, סמעטענע, פייגן, איינגעלייגטע, געפעפערטע גרינצייג, אפילו מאַרינירטע ווייַנטרויבן בלעטער, צו וויקלען רייז, וואָס חיים האָט זייער ליב געהאַט, צו טונקען אין פאַפּריקע מיט צימרינג. ער מיט די בנים, פלעגן פאַרצערן אַזאַ פולע שיסל, און פאַרטרינקען מיט קאַלט וואַסער״...

„פון שכנותדיקן הויף, האָט דער ווינט געבראַכט אַ מחיהדיקן דופט פון פרישן ברויט, גלייך פונעם אויוון אַרויס. כ׳בין אַרויס אין דרויסן און דער־זען, ווי כרמי קומט צו רייטן אויפן מויל־אייזל אַהיים, אויף מיטאָג. כרמי, מיין יינגל, מיין זון! — זע, ווי דו ביסט מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן, זע נאָר, אַ גבר, אַ גאַנצער מאַנצביל״!

„דער מויל־אייזל איילט זיך אין שטאַל, ער איז אומגעדולטיק און הונ־געריק. כרמי קיצלט אים אין בויך מיט זיינע באָרוועסע פיס. זיין טשופּרינע פלאַטערט אין ווינט ווי ביים טאַטן״.

נאָך שלושים איז געבוירן געוואָרן דער דריטער זון. האָט זי אים גע־געבן אַ נאָמען נאָכן פאָטער און זון: חיים־מנחם, צו לעבן און טרייסטן.

„אַזוי האָב איך געלעבט״, — האָט זי איבערגעריסן די רייד, — „די קינדער זענען געוואָרן מיין טרייסט, מיין אָנהאַלט אין לעבן״.

בעת די פרויען זענען איינציקווייז איינגעשלאָפן, איז שוין געווען נאָענט צו זון אויפגאַנג.

רבקה אַליין איז ווייטער געבליבן וואַך, פאַרטאָן מיט זיך. זי איז געזעסן, ביז די פענצטערלעך פון צעל זענען פול געוואָרן מיט העלער גרויקייט, און דער מאָרגן שטערן, וואָס זי פלעגט אָפט זען דורך אַ פענצטערל, איז פאַר־שווונדן, נישט צו זען זיין פינקלען.

ווי אין אַלע באַגינענס, האָבן זיך פון וויטן געהערט שטימען פון מואַ־זינען, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די באַלקאָנדלעך פון די אָנצאָליקע, הויכע און נידעריקערע, פאַרשפּיצטע מינאַרעטן פון דמשק. בעת די מואַ־זינען האָבן געוועקט די גלויביקע מוסלמענער צו שחרית, האָבן די תפיסה־וועכטער שניידיק־שאַרף געפייפט אין די קאָרעדאָרן, צו וועקן די פאַר־שפּאַרטע, צו אַ נייעם טאָג פּיין, דערנידערונג און קאַטאָרגע.

צוזאַמען מיט אַנדערע, אייזערנע טירן, האָט זיך מיט אַ סקריפּ אויך אויפגעמאַכט די טיר פון דער פרויען־צעל. ס׳האָט זיך דערהערט דער באַ־קאַנטער רוף:

— „יאַללאַ, יאַללאַ, ווייבער, רירט זיך״!

יענעם באַגינען, האָבן די פרויען נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן. מען האָט זיי געבראַכט אַ פולן בעקן וואַסער און געהייסן זיך אַרומוואַשן, אָן רוגזה און זידלעריי. נאָכער האָט מען זיי, ווי אַלע טאָג, אַרויסגעלאָזט פונעם צעל, צו גיין ווו אַלע מענטשן גייען. דאָס מאָל, נישט צו דערמאָנען דעם סוף פסוק: „נאָר אויף פינף מינוט״. נאָכן צוריקקער, האָבן זיי געפונען פרישע פיטעס, שטיקלעך שאָפן־קעז, איילבערטן, אַ קרענצל טרוקענע פייגן, מיט דעם זיסלעך שוואַרצן וואַסער, די קאַווע.

נאָך אַזאַ מלכותדיקן פרישטיק, האָבן זיי זיך צורעכט געמאַכט אין די נייע קליידער און אָנגעטאָן אמתע שיך. די טיר האָט זיך אויפגעפראַלט. זיי זענען אַרויס אין הויף, ווי יעדער טאָג. נאָר ווונדער איבער ווונדער: די וועכטערין האָט זיי נישט באַפוילן, ווי שטענדיק, עמעצן איבערלאָזן אויפ־צוראַמען די צעל. זי האָט זיי געזאָגט, אַז אַלע קענען גיין. מען וועט שוין אויפראַמען די צעל אָן זיי.

„משיחס צייטן״, — האָט רבקה געזאָגט.

אַרום 11, פאַר מיטאָג, איז געקומען זייער וועכטערין, מיט נאָך עטלעכע שומרים, אַלע אָנגעטאָן אין ריינע אוניפאָרמען און מיט געפוצטע שיך. די וועכטערין האָט באַפוילן די פרויען זיך אויסשטעלן, צו צוויי אין אַ שורה, און זיך לאָזן גיין אין ביוראָ, ווו ס׳וואַרטן אויף זיי געסט פון דער פרעמד.

„געסט פון דער פרעמד? אפשר אייגענע? אפשר איז טאַקע אמת, אַז די מלחמה איז אויס? אפשר וועט מען זיי בקרוב באַפרייען? די נייע קליי־דער, די שיך, דער בעקן וואַסער אין צעל, די געמאַכטע העפלעכקייט, זאָלן דאָס זיין סימנים״? — אַזוי האָבן די פרויען געטראַכט, דערמונטערטע, הנאה האָבנדיק פון די שיך, כאָטש זיי זענען געווען צו גרויס, און נישט קיין באַ־קוועמע. זיי האָבן געקלאַפּט מיט די קנאַפּל און די האַרטע זוילן, אָנעם שטיינערנעם דיל, זיך נאָך אַ מאָל צו איבערצייגן, אַז זיי טראָגן באמת שיך, און נישט די מיאוסע תפיסה־לאַטשן.

רבקה האָט זיך אַליין באַוווּנדערט, זי האָט גאָרנישט געטראַכט. זי האָט געפיבערט. ס׳האַרץ האָט איר שטאַרק געקלאַפּט. זי וואָלט זיך באַלד צוריק־געקערט אין צעל, ס׳גלויבט זיך איר נישט, אַז „געסט וואַרטן אויף זיי״, אפשר אַ נייער טריק, פון מודיר. זי וויל נישט אָנקוקן זיין פרצוף, זי וויל נישט!

נישט צו באַמערקן, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום, זיצנדיק אויף אַ באַנק, צוזאַמען מיט די מיידלעך, אינעם ליידיקן, גרויסן קאַבינעט פון תפיסה־שעף, וואָס איז איר געווען גוט באַקאַנט פון פריער. אָט איז זיין שרייב־טיש. אָט ס׳איינציק בילד פונעם שררה אויף דער וואַנט. אָט זענען די פענצטער. אַפילו דער געהאָרכזאַמער, עלטערער טיר־וועכטער, מיטן טאַץ טעפּעלעך קאַווע אין דער האַנט, איז איר אויך קענטיק.

יאָ, זי דערמאָנט זיך זיין פנים, זי האָט אים שוין געזען, בעת מען האָט איר דאָ געבראַכט צום ערשטן מאָל: — דאָס זעלבע פאַרשטיינערטע געזיכט, מיט די גרוי־געלבלעכע וואָנצעלעך, ווי זיי וואָלטן געווען באַשאָטן מיט שמעק־טאַבאַק. די זעלבע רויטע פעס, וואָס איז דאָס מאָל געווען אָפּגעפרישט און אויסגעפרעסט. די פעס איז היינט שטייפלעך, נישט איינגעפאַלן ווי פריער. יאָ, זי זעט אויפן פעס, צוגעהעפט אַ נייעם טראָלד, פאַרוואָרפן אָן אַ זייט. דאָס איז דער זעלבער שמש, נישט קיין אַנדערער. זי זעט, ווי ער גנבעט אויף איר בליקן מיט זיינע קאָלירלאָזע אויגן, אונטער געדיכטע, גרוילעכע ברעמען. אפשר נישטערן גאָר זיינע אויגן אין די פנימער פון די יונגע מיידלעך? ניין, ער וואַרפט זיינע בליקן נאָר אויף איר. ער איז נייגע־ריק, זייער נייגעריק, איר צו זען פון דער נאָענט. — „אַזאַ געוואַגטקייט״, — טראַכט ער איצט.

דער מודיר קוקט נישט אויף קיינעם, ער קוקט נאָר אויפן בילד פון שררה, אויף דער אַקעגנדיקער וואַנט.

ביים שרייב טיש, זענען בהרחבה געזעסן, צוויי אדונים, מיט אַ מיטל־יאָריקער פרוי, באַשיידן געקליידט. זיי זעען אויס, ווי מיסיאָנערן, וואָס רבקה פלעגט אַ מאָל טרעפן אין די געסלעך פון צפת. די אדונים, מיט דער פרוי, זיצן, בעת ער, דער מודיר, בכבודו, שטייט פאָרכטיק, מיט נאָך איינעם, אַ ציוויל־געקליידעטן מאַן, גלאַט ראַזירט, אין פריש געפּרעסטע קליידער.

דער מאַן טראָגט אַ קורץ געשאָרענע וואָנצעלע, אונטער אַ לייכט געקאַרבטע נאָז, וואָס זעט אויס יידישלעך. ער האַלט שטייף דעם קאָפּ, וואָס איז איינגע־שפּאַנט אין אַ ווייסן, שטייפן קראַגן. דער מאַן האָט געהאַט אַ רוזיק, העפלעך געזיכט, מיט גרויע אויגן. נאָר דער צונטער רויטער פעס, מיטן זיידענעם טראָלד, האָט אים געגעבן דאָס ספּעציפיש־אַראַבישע אויסזען, אַ מראה פון אַ ציווילן שררה־מענטש.

זיי האָבן זיך נישט געניאַרט. דער מענטש איז געווען אַ מיניסטעריאַל באַאַמטער, וואָס האָט באַגלייט די באַזוכער ווי אַן איבערזעצער פון פראַנ־צויזיש אין אַראַביש און אומגעקערט.

„אַן אמתע הצגה — אַ פאָרשטעלונג", — האָט רבקה געזאָגט, ווי צו זיך אַליין. ביידע מענער מיט דער פרוי, האָבן גערעדט און געפרעגט איינ־ציגווייז, אָנקוקנדיק די פרויען דורכדרינגלעך, גוטמוטיק. זיי האָבן גערעדט צו זיי, וועגן זיי, און געענטפערט האָבן, דער מודיר, אָדער דער איבערזעצער. זיי האָבן זיך איבערגעפרעגט, ווי די פרויען וואָלטן דאָ נישט געווען.

לכתחילה האָבן זיך די פרויען געחידושט. ס'איז זיי געווען ניי דאָס לשון און די רוזקייט. עס זענען זיי געווען ניי די מענטשן, וואָס האָבן דאָ גע־בראַכט דעם דרויסן, די פרייהייט פון יענער זייט מויערן. חוץ פאַר רבקהן, איז פאַר די איבעריקע, ניי געווען דער גערוימער, ליכטיקער קאַבינעט, נאָכן אָפּזיצן אַ לאַנגע צייט פאַרשפּאַרט אין אַ תפיסה־צעל. זיי האָבן געזען אַן אמתן צימער, מיט פענצטער, מיט אַ סך ליכט. זיי האָבן געזען אַ שרייב טיש מיט שטולן, פון די פענצטער האָבן זיך געזען קעפּ פון בוימער, שטיקער בלויען הימל, מיט פאַרבייפליענדיקע פויגל.

אַזוי ווי מען האָט זיי דאָ געבראַכט, אַזוי האָט מען זיי מיט אַ אַ האַלבער שעה שפּעטער צוריקגעפירט מיטן זעלבן סדר, צו צוויי אין אַ שורה, באַגלייט מיט די זעלבע וועכטער, וואָס האָבן זיי אָפּגעוואַרט הינטער דער טיר, — נאָר צו זייער איבערראַשונג, האָבן זיי געפונען אין צעל אַן אוצר, ווי ס'וואָלט זיין אַ חלום! פאַר יעדער איינער, איז געלעגן, אַ פּירקאַנטיק פּעקל, גע־שטעמפּלט מיטן פעטן, גלייכזייטיקן, „רויטן קרייץ".

„דאָס איז פאַר אייך", — האָט זיי, פייערלעך געזאָגט די וועכטערין, „ס'איז פאַר אייך", האָט זי איבערגעחזרט מיט נייגיר און קנאה. ס'האָט זיך

זיי נישט געגלויבט, אַז עס איז וואָר, ביז זיי האָבן אויף יעדער פּעקל געפונען זייערע נעמען.

אין אָנבליק פון די נעמען, האָט זיי געקלעמט ביז טרערן. — דאָס זענען מתנות פון דאָרטן, פון דרויסן. מען האָט זיי נישט פאַרגעסן. מען געדענקט זיי. מען זאָרגט פאַר זיי. ס'איז אַ פרייידיקע בשורה פון יענער זייט גרענעץ, אַ בשורה ,פון דער טייערער, ווייט־נאָענטער היים.

זיי האָבן באַלד נישט אויפגעמאַכט די פּעקלעך. זיי האָבן זיך פריער אָנגעשפּיגלט און געזעטיקט די אויגן מיט זייער אויסערלעכן אויסזען, בעיקר מיט די בפירוש געשריבענע נעמען.

כאָטש דער אינהאַלט פון די פּעקלעך איז פאַר זיי געווען אַן אוצר, איז די שטימונג געפאַלן ביים אויספּאַקן. אַלץ איז געווען סטאַנדאַרט. נישט קיין אייגענע הענט האָבן עס איינגעפּאַקט. אַלץ איז געווען געשטעמפּלט: אַ פונט צוקער, ביסקוויטן, אַ פּעקעלע קאַקאַאָ, 2 גרויסע מענערשע נאָז־טיכלעך, 2 שטיקלעך זייף, 2 טאָוועלעך שאָקאָלאַד, אַ טיובע צאָן־פּאַסטע מיט אַ צאָן בערשטל, אַ פּאָר נאָדלען מיט פאָדעם, אַ קעסטעלע טאַלק, אַ קאַם, מיט נאָך קלייניקייטן, ווי אַ צענדליק טאַבלעטן אַספּירין, אַ פּעקל וואַטע, אַלץ איז געווען געוווֹיגן און געמאָסטן. פון אַלץ האָט געווייט מיט פרעמדקייט און קאַלטקייט.

נאָכן באַטאַפּן און באַטראַכטן דאָס גוטס, האָט זיי פייגעלע, וואָס האָט אַ ביסל פאַרשטאַנען פראַנצויזיש, דערציילט, אַז פון זייער ריידן, איז געווען צו פאַרשטיין, אַז עס האָט דאָ באַזוכט אַ „דעלעגאַציאָן" פון „רויטן קרייץ". לײדער האָט זי וויניק פאַרשטאַנען פון זייערע שאלות, און פון די תשובות פון מודיר. ס'איז עפּעס אַן אַנדער פראַנצויזיש, ווי יענס, וואָס זי געדענקט פון לערנען אין באַראָן ראָטשילדס שולע, אין צפת. זי האָט אַ סך מאָל געהערט דאָס וואָרט „קרואַ", וואָס מיינט צלם, און „רוזש". צוזאַמען: „רויטער־קרייץ". פייגעלע האָט געהערט איבערחזרן דאָס וואָרט „מאַנזשע", וואָס מיינט שפּייז. זי האָט פאַרשטאַנען אַזעלכע ווערטער, ווי „אַבימו", „סוליע", „טראַוויי", „פּראָמענאַד", וואָס מיינט, שיך, אַרבעט, שפּאַצירן.

פון די געציילטע ווערטער, וואָס פייגעלע האָט אויפגעכאַפּט, האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט, אַז דער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום זייער לעבן אין

תפיסה. זיי האָבן זיך משמעות אינטערעסירט, ווי לאַנג מען לאָזט זיי אויף דער פרייער לופט, וואָס זיי טוען און וואָס זיי עסן.

„אָט דאָס אַלץ", האָט רבקה געטענהט, „האָט מען געדאַרפט פרעגן אונדז, און נישט אַבו ראַשידן, דעם נוגש פון תפיסה".

„יאָ", האָט רבקה געזאָגט מיט ביטערניש, — „ס'האָט אונדז באַזוכט אַ דעלעגאַציע פון רויטן קרייץ, מיט אונדז נישט צו ריידן אַ וואָרט. דער מודיר, דער כלב, ער, ער האָט גערעדט פאַר אונדז. כאָטש איך האָב נישט פאַרשטאַנען זייער לשון, האָב איך געפילט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. כ'בין געזעסן ווי אויף אָנגעגליטע קוילן. ס'האָט זיך מיר געגלוסט אויפ־שפרינגען און אויסשרייען אַלץ, אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן אויף מיין געמיט, דערציילן ווי מען האָט מיר געפייניקט, דערציילן ווי מען האָט איך, יונגע מיידלעך, באַהאַנדלט, ביז מען האָט מיר דאָ געבראַכט. נאָר כ'האָב מיר געביסן די צונג, די ליפּן, און געשוויגן, כל זמן מען האָט זיך נישט געווענדט צו מיר. כ'האָב געוווסט, אַז איך וועל זיך נישט קענען באַהערשן, כ'וועל אויפהויבן מיין שטים און שרייען הויך. מיין שכל האָט מיר אונטערגעזאָגט: — האַלט זיך איין, האַלט זיך פעסט אין די הענט, לאָז נישט דעם מודיר אויסנוצן דיין שוואַכקייט, ער זאָל דיר נישט פאַרשטעלן, ווי אַ היסטערישע, אַ פאַרווילדעטע, ווי עפּעס אַ פּרא אדם — — — צו מיין מזל האָט מען אונדז באַצייטנס צוריקגעשיקט אין צעל. זיי האָבן מיט אונדז פאַראַדירט... צוריקגערעדט, ס'נאָגט מיר שוין אַ וואָרעם, אפשר האָט מיין שוויגן געזאָגט, אַז אַלץ איז גוט און ווויל, אַז מיר האָבן שלום געמאַכט חלילה מיטן מצב" ?

פייגעלע האָט איר שטיל געטרייסט: — „ניין, אונדזער שוויגן און האַלטונג, האָט זיי מער געזאָגט ווי געשרייען. די מענטשן פון רויטן קרייץ, מוזן זיכער עפּעס וויסן וועגן אונדז, ווי זיי ווייסן פון די, וואָס האַלטן אונדז געפאַנגען. מיר דאַרפן זיי נישט האַלטן פאַר צו נאַיווע".

✶

נאָכן באַזוך פון די שליחים פונעם רויטן קרייץ, האָט זיך זייער מצב, אין אַ געוויסער מאָס געביטן צום בעסערן. מען האָט זיי געגעבן מער וואַסער זיך צו וואַשן, און נישט געשטערט פאַרטרייבן די לאַנגע, אומעטיקע טעג,

מיט באַשעפּטיקן זיך, מיט פלעכטן קוישלעך און מאַטעס. מען האָט זיי גע־געבן שטיקלעך לייוונט, וואָס זיי פלעגן דריוולען, אָדער אויסנייען טישטעכ־לעך. מען האָט זיי מער נישט געשטערט צו מאַכן ספּאָרט, און רבקהן האָט מען בכלל צו רו געלאָזט, איר נישט אויסגעטיילט צום שלעכטן פון די איבע־ריקע פרויען. אַזוי האָט איין חודש געביטן דעם צווייטן. ס׳האָבן זיך אָנגע־רוקט די ימים נוראים.

ווייזט אויס, אַז לויטן תפיסה קאָדעקס, האָט מען זיי צו וויסן געגעבן, ווען ס׳פאַלט אויס ראש השנה. רבקה האָט גענומען פאָדערן אַ סידור, מיט ליכט צום בענטשן, אויף יום טוב, וואָס מען האָט דערטראָגן צום מודיר. קיין סידור האָט מען נישט געבראַכט, בעת מען האָט יאָ געבראַכט אַ פּאָר לאַנגע, פאַרשפּיצטע, וואַקסענע ליכט, וואָס קריסטלעך־אַראַבישע קינדער, טראָגן מיט זיך אין קלויסטער, בעת זיי ווערן צייטיק. דאָס זענען געווען, „קאָנפירמאַציע״ ליכט, מיט כלערליי באַגילדעטע צאַצקעס, באַפּוצטע מיט זיידענע שלייפלעך.

צום ערשטן ראש השנה־אָוונט, האָבן די פרויען צוגעגרייט אַ פייערלעכן מאָל־צייט, פון דאָס גוטס, וואָס עס איז פאַרבליבן פון די פּעקלעך. רבקה האָט אַרומגעקראַצט אַלע באַפּוצונגען פון די ליכט, זיך אויסגעשפּיגן, און זיי איבערגעשניטן איבער דער העלפט. פאַרן אָוונט־עסן, האָט זי די שטיקער ליכט צוגעשמאָלצן צו אַ דעק פון אַן איבערגעדרייטן שיסעלע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער ערד. קיין טיש איז אין צעל נישט געווען.

די פרויען האָבן זיך שטיל אויסגעזעצט אַרום די ליכט, וואָס האָבן גע־ברענט, געטריפט און געשמאָלצן, ווי זיי וואָלטן וויינען. קיינע פון זיי האָט נישט געקענט דאַווענען אויף אויסנווייניק, מחוץ רבקהן, וואָס האָט געקענט די ברכות פון ליכט בענטשן. זי האָט אויך געקענט מאַכן „שהחיינו״...

זיי זענען געזעסן אויף דער ערד, נישט ווי ראש השנה, נאָר ווי יידן זיצן תשעה באב צו קינות. יעדערע פון זיי איז געווען פאַרזונקען אין אייגענע מחשבות און זכרונות פון דער ווייטער היים. זיי האָבן זיך נישט צוגערירט צו די צוגעגרייטע מאכלים, ביז רבקה האָט זיך אויסגעגלייכט און זיי גענומען מונטערן: — „נישקשה בנות, מיר וועלן אַלץ איבערקומען, אַלץ וואָס דער גורל האָט אונדז צוגעטראָגן. מיר וועלן אַלץ איבערקומען. בטחון, יידישע

טעכטער! איר זענט יונג. מיר'ן זוכה זיין בקרוב זיך צוריקצוקערן אַהיים, ווו מען זאָרגט פאַר אונדז, מען האָט אונדז נישט פאַרגעסן, ווי איר ווייסט עס זייער גוט".

אַזוי ריידנדיק אין דער שטיל, האָט זיי רבקה דערציילט פון די לעצטע טעג אין איר מושבה, ביז מען האָט איר דאָ געבראַכט:

— — — „לכתחילה האָט מען מיר פּרובירט איינריידן, איך זאָל אַוועק פון דער היים, ס'איז מלחמה, דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר מיר. דאָס איז געווען יעמאָלט, ווען די סוריער האָבן געהאַלטן די מושבה, אונטער אַ שווערן האַגל פייער, ווי אַ צוגרייטונג אַריבערצוגיין די גרענעץ. שטעלט איך פאָר, קינדער מיינע, אַז בסך הכל האָט אונדזער פאַרטיידיקונג, אויף אַן אָרט, געציילט וואָסערע 40 מאַן, אַקעגן טויזנטער סורישע זעלנער. 40 ציוויליסטן קעגן אַ גאַנצער אַרמיי, באַוואָפנט מיט כלערליי כלי משחית. איך האָב פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט פאַרלאָזן מיין היים. — איך וועל דאָ בלייבן מיט אַלעמען, האָב איך קאַטעגאָריש געענטפערט. איך וועל דאָ בלייבן מיט מיינע קינדער, מיט מיינע קברים.

די טאָכטער האָט זיך געפונען, מיט נאָך יוגנטלעכע פון איר עלטער, אין אַזאַ בונקער אונטער אַ הויז.ביידע זין, — מיט די פאַרטיידיקער אויפן פראָנט. אין תוך גענומען, איז דאַן די גאַנצע מושבה געווען פראָנט. אומעטום האָט זיך געשאָטן פייער פון הימל און פון דער ערד.

איך פלעג פאַרנאַנדערטראָגן אַמוניציע צו די שוץ־גראָבנס. איך פלעג צוגרייטן עסן, און דאָס עסן פאַרטיילן צו די שוץ־קרעפטן צוזאַמען מיט די אַמוניציע. בעת מעשה, פלעג איך מונטערן זיך אַליין, ווי איך פלעג מונטערן די מענטשן, וואָס זיינען נישט געווען צו דערקענען. זיי זענען געווען ווי צוגעשמידט צו זייערע ביקסן, באַוואַקסענע, שמוציקע, אַרומגעריסענע, מיט געשוואָלענע, רויטע אויגן און מיט צעפּודלטע קעפּ. מיר זענען אַלע געוואָרן נאָענט איינער צום צווייטן ווי אין משפחה, ווי שוועסטער מיט ברידער, ווי קינדער מיט עלטערן.

איך פלעג תפילה טאָן בלחש: — רבונו של עולם! שטאַרק אונדז, מיר זאָלן חלילה נישט פאַלן, און נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די פּראַים. באַהיט און באַשיץ אונדז, פאָטער אין הימל!

אַ שפּליטער פון אַ שאַראַפּנעל, האָט מיר צעריסן ס׳פליייש אויף דער לינקער האַנט, — אָט זעט, טעכטער, ווי דאָס זעט אויס — — — ס׳האָט זיך שוין לאַנג פאַרהיילט. שפּעטער, בעת כ׳האָב געכאַפּט אַזאַ שטיק אייזן אין אַ פוס, האָט מען מיר געבראַכט צו די ערשטע הילף איבערבינדן די וווּנד. שטעלט אייך פאָר, אַז דאָרטן, אונטער די בוימער, האָב איך געפונען מיין יינגל, מיין חיים־מנחם, וואָס איז געלעגן פאַרוווּנדעט אויף אַ טראָג־בעטל. עס איז געווען פאַרנאַכט, מען האָט געוואַרט אויף דער פינצטערניש, כדי צו קענען אַריבערפירן די פאַרוווּנדעטע קיין טבריה, אין אַ שפּיטאָל. איך בין צוגעפאַלן צו מיין יינגל. ער האָט געשמייכלט מיט האַלב־אָפענע אויגן. ער האָט אַרומגענומען מיין קאָפּ, צוגעדריקט צו אַ באַק און געפּליס־טערט: — זה כלום אמא, ס׳איז גאָרנישט, מען וועט מיר אויסהיילן, כ׳וועל קומען צוריק צו דיר, אמא.

דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויינט. מענטשן האָבן ווידער פּרובירט ווירקן אויף מיר, איך זאָל אַוועק פון דאָרטן. זיי האָבן מיר געבעטן, איך זאָל באַגלייטן מיין זון — — — ניין, ניין! האָב איך געשריען. איך וועל נישט אַוועק. איך וועל נישט אַנטלויפן פון מיין גורל, כיבע איר וועט מיר פאַרטרייבן מיט כח — — — חיים־מנחם, מיינער, ווּ ביסטו איצט?

מען האָט מיר באַנדאַזשירט די האַנט מיטן פוס, און כ׳האָב מיר צוריק־געשלייכט צו מיין פּונקט.

ס׳איז שווער צו שילדערן, וואָס עס האָט זיך דאַן געטאָן אין מיין מושבה — מיין היים, — וואָס איז בסך הכל געווען איין לאַנגע גאַס הייזער, מיט רויטע דעכער, מיט אַ הויף ביי יעדער הויז. דאָס דונערן פון די סורישע האַרמאַטן און טאַנקען, ס׳פייפן און יאָמערן פון די קוילן, האָט זיך אויסגע־מישט מיטן געוויין פון די הונגעריקע, דורשטיקע בהמות. גוואַלט! וואָס פאַר אַ גרויל עס איז געווען...

אויף אַלע פיר בין איך געקומען צו מיין שטוב. איך האָב דאָרטן גע־פונען מיין זון כרמי, פאַרשטעלט הינטער אַ טעראַסע. ער איז געלעגן אויפן בויך, ביי אַ מאַשין־געווער, און געשריען הויך, אין אַראַבישן לשון:

— „קומט, קומט ברידער בני ערב, שרעקט זיך נישט, דערנענטערט זיך, קומט, יאַ אַחואַן" (ברידער).

כ׳האָב זיך געוווּנדערט: צו וועמען שרייט ער דאָ אין אַראַבישן לשון? ווייזט אויס, אַז כרמי האָט מיר באַמערקט און ער האָט אין דער שטיל געזאָגט: „אמא, תסתלקי מכאן, מהר, מהר, באַהאַלט זיך, וואָס שנעלער. זע אמא, פון יענער זייט וואַנט פון בית הכנסת געפינען זיך סורישע זעלנער. אמא, תעזבי מיד את המקום, במהירות, מהר, מהר״...

די סורישע זעלנער האָבן געמיינט, אַז דאָס רופט זיי אַן אַראַבער, אַ זייעריקער, זענען זיי אַריבערגעשפּרונגען די וואַנט, און געבויגענערהייט זיך גענומען דערנענטערן צו אונדזער שטוב. דעמאָלט האָט כרמי אויסגעליי־דיקט דעם גאַנצן מאַגאַזין קוילן. ער האָט אַ שטעפּ געטאָן מיטן „ברען״. אַ טייל זעלנער זענען געפאַלן ווי די סנאָפּעס, זיך כאַפּנדיק, ווער פאַרן קאָפּ, ווער פאַרן בויך. געציילטע האָבן באַוויזן צוריקקריכן צו דער וואַנט, און באַוויזן צו כאַפּן גלײַכן בליי פון אַנדערע בחורים, פון די דערבײַיִקע הויפן.

די פאַרווונדעטע סורישע זעלנער האָבן געוואָיעט, ווי די הונגעריקע וועלף. איך האָב געשריען און זיך געבעטן ביי מיין זון: — כרמי, כרמי בני, לאָמיר זיך אָפּטראָגן פון דאַנען וואָס גיכער, זיי וועלן אונדז, דאָ, פאַרענדיקן. כ׳האָב בעת מעשה נישט געטראַכט, אַז עס איז שוין נישטאָ וווהין צו לויפן.

— „לא, לא אמא, דו גיי אַוועק, גיי וואָס גיכער, בויג זיך איין אמא, לויף, איך מוז דאָ בלייבן, ביז עס וועט קומען תגבורת, פאַרשטאַרקונג. מיר האָבן נאָך קוילן. מיר׳ן זיי ווייזן די רוצחים. מיר׳ן זיי״...

אַ האָגל קוילן האָט אים איבערגעהאַקט, פאַרשניטן, פאַרענדיקט מיין כרמי, מיין כרמי, מיין קינד, מיין זון.

ס׳איז מיר איינגעפאַלן צו לויפן, רופן הילף. מיינע אויגן זענען בלינד געווען פון שוויס און טרערן, וואָס האָבן פאַרשוועכט מיין פּנים. עמעצער האָט מיר פּרובירט כאַפּן פאַר אַ האַנט, כ׳האָב זיך אַרויסגעריסן און אַריינ־געלאָפן אין אַ קאַמאַרקע, וואָס איז געווען נישט ווייט פון טעראַסע. ס׳איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. איך בין געקומען צו זיך און זיך ווידער געלאָזט לויפן. אָבער כ׳האָב דערהערט געשרייען פון סורישע זעלנער, וואָס זענען שוין געווען אין גאַס, נאָענט פון מיין היים. מיט אַ מאָל האָט אויפגעריסן אַ גראַ־נאַט מיט אַ דונער און פייער. נאָכן דונער איז ווידער שטיל געוואָרן, שטיל, ווי אויף אַ בית עולם.

איך ווייס נישט ווי לאַנג כ׳בין געלעגן פּאַרטייעט צו דער ערד, נאָך דעם ווי איך בין אַרויסגעלאָפן פון קאַמארקע. בעת כ׳האָב זיך אויפגעהויבן, איז שוין געווען פינצטער. כ׳בין צוריקגעלאָפן צו דער טעראַסע זוכן כרמין. כ׳האָב אים נישט געפונען. האָב איך זיך צוריקגעוואָרפן צו דער ערד, און אויף אַלע פיר זיך געלאָזט קריכן צום שכנותדיקן הויף.

צווישן ביידע הויפן זענען געוואַקסן הויכע דערנער. כ׳בין זיי דורכגע־קראָכן, נישט צו פילן די דערנער אין מיין לייב. צו מיין ביטערן מזל, האָט גענומען בילן דעם שכנ׳ס הונט, וואָס איז צוגעלאָפן צו מיר. דער הונט האָט אויסגעזען ווי די מענטשן, שמוציק, מיט אַ צעריסן פעל, אָנגעשטעקט מיט דערנער. דער הונט האָט מיר דערקענט. ער האָט זיך געוואָרפן אויף מיר, און גענומען לעקן מיין פנים מיט זיין טרוקענער צונג און וויינען ווי אַ קינד. דער הונט האָט זיך געטוליעט צו מיר, שנעל געדרייט מיטן ווידל, ווי ער וואָלט זוכן שוץ. ערשט איצט האָב איך דערפילט, ווי מיין לייב ברענט ווי אַ פייער. מיין לייב איז פול געווען מיט דערנער, ווי ביים הונט.

אַזוי בין איך געבליבן ליגן אין די דערנער, צוזאַמען מיטן הונט, ביז פאַרטאָג. איך בין געלעגן אין שווערע יסורים. מיין לייב האָט געברענט. אין דער פינצטערניש, האָב איך געצויגן די דערנער פון מיינע הענט און פיס. די ווונדן האָבן געגעצט און ווי געטאָן. בעת די זון איז אויפגעגאַנגען, האָב איך זיך אויפגעהויבן, מיט דער כונה, זיך צו לאָזן גיין צום בית הועד, אָדער קיין ראש פינה. אַרום איז געווען שטיל, אימהדיק שטיל. ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען. צו שפּעט. די מנובלים האָבן מיר געכאַפּט. איך האָב זיך געווערט מיט די לעצטע כוחות. כ׳האָב געריסן זייערע פּרצופים מיט מיינע נעגל. כ׳האָב זיי געביסן. דער הונט האָט מיר געהאָלפן. ביז זיי האָבן אים דערשאָסן.

איך בין געבליבן אַליין, איין איינציקע, עלנטע פרוי, קעגן אַזוי פיל צוויי־פיסיקע חיות, וואָס האָבן מיר מערדערלעך געשלאָגן, און פאַרבונדן מיט אַ שטריק די הענט אויף הינטן. זיי האָבן מיר געשלעפּט פאַר די פיס, ביז זיי האָבן מיר געבראַכט אין פעלד, און אַריינגעוואָרפן אין אַ גראָבן. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין טויט. כ׳בין געלעגן אַ פאַר־חלשטע, נישט ווייסנדיק ווי לאַנג. ס׳איז מיר געווען קאַלט. כ׳האָב געלעכצט

נאָך אַ טרונק וואַסער. איך ווייס נישט, ווו האָב איך גענומען אַזוי פיל כח צו בלייבן לעבן ?.. בעת די זון איז שוין געשטאַנען הויך, אונטער אַ פייער, רויט־צעבלוטיקטן הימל, האָב איך זיך ווי נישט איז אויפגעהויבן און געזען ווי מיין מושבה שטייט אין פלאַמען, ווי פון הינטער די בוימער אַרויס, לאָזן זיך אין גאַנג טאַנקען, באַגלייט פון סורישע זעלנער, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג צו ראש פינה.

איך האָב געפיבערט און שטיל געוויינט, גוואַלט ! — צי וועלן זיי ראש־פינה אויך חרוב מאַכן ? — —־ — דערווייל זענען געקומען פרישע זעלנער, וואָס האָבן מיר געפונען און אַרויסגעשלעפט פונעם גראָבן. דאָס מאָל האָבן זיי מיר נישט געשלאָגן. זיי האָבן נאָר געשאָלטן און געזידלט מיטן שמור־ציקסטן ניבול־פה.

— „וואַרט, וואַרט, דו שמוציקע, אַלטע יידישע זונה, וועסט נאָך זען, ווי מיר פירן געבונדן אַלע יהוד פון פאַלעסטין, די וואָס זענען געבליבן לעבן״.

ס׳איז מיר דעמאָלט גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ווי הינט וואָלטן געבילט. כ׳בין געווען אינגאַנצן דערשיטערט, צעבראָכן. אין מיינע אויערן האָבן גאָר געקלונגען די לעצטע ווערטער פון מיין כרמי, מיין זון, מיין שטאָלץ, כרמי מיין כרמי״ — — —

רבקה האָט געוויינט אין דער שטיל, די מיידלעך מיט איר. זי האָט געשלוכצט, געבראָכן מיט די הענט, ביז זי איז צו זיך געקומען, און מיט אַ געבראָכן קול ווייטער דערציילט : „איך קען זיך נישט דערמאָנען, צי איך האָב איך געזאָגט, אַז מיין דריט קינד, איז געווען אַ מיידעלע, געבוירן אַנדערהאַלבן יאָר, פאַר חיימס טויט. אַ שטיל, גוט קינד. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, ווייס איך, אַז שכנים האָבן איר געהאַלטן צוזאַמען מיט זייערע קינדער אין אַ בונקער. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן איר אָפּהיטן ווי אַן אייגן קינד. אויב זיי לעבן, לעבט זי מיט זיי. איך טו מיר אָן אַ כוח, אויסמיידן צו טראַכטן וועגן איר, כאָטש איך ווייטיק און בענק נאָך איר. פאַר חיים־מנחמען, בין איך נישט שטאַרק באַאומרויִקט. איך ווייס, אַז ער איז בשלום אָנגעקומען קיין טבריה. ער איז נישט געווען שטאַרק פאַרוווּנדעט, כ׳ווייס״ — — —

בעת רבקה האָט איבערגעריסן אירע רייד, איז שוין העל געווען אין דעם פענצטערל. פון וויטן האָבן זיך געהערט, ווי הענער קרייען, און ווי אין יעדער באַגינען, די מואַזינען וועקן די גלוביקע מוסלמענער, אויפשטיין צו שחרית. ס׳איז געווען דער ערשטער טאָג ראש השנה, תש״ט.



נאָך די ימים נוראים איז געקומען סוכות, און נאָך סוכות, האָבן, ווידער, לאַנגע, גרויע, ווינטערדיקע חדשים געביטן איינער דעם צווייטן, ביז ס׳איז געקומען דער גרויסער טאָג, ווען דער באַשקאַטעב פון תפיסה (הויפט באַ־אַמטער), באַגלייט פון עטלעכע וועכטער, איז געשטאַנען אויף זייער שוועל, און פייערלעך צו־וויסן געגעבן, די יהודישע „סידאַט״ (פרויען), אַז זיי זאָלן נאָך היינט אָוונט צונויפנעמען זייערע פערזענלעכע זאַכן, און זיין גרייט, מאָרגן פרי, זיך צו לאָזן צוריק, אַהין, פון וואַנען מען האָט זיי דאָ געבראַכט.

„די נאָבעלע, סורישע רעגירונג, באַפרייט אייך פון געפאַנגענשאַפט, לויטן וואָפן־שטילשטאַנד־אָפּמאַך, וואָס זי האָט געשלאָסן מיט דער מאַכט פון תל־אביב״, — האָט ער פּאָמפּיעז געזאָגט, ווי ער וואָלט געציילט יעדעס וואָרט.

„מאָרגן פרי וועט אייך אָפּוואַרטן ביים טויער פון תפיסה אַן אויטאָ, וואָס וועט אייך ברענגען צו דער גרענעץ פון פּאַלעסטין, ווו מען וועט אייך פריי לאָזן. צוזאַמען מיט די סורישע זעלנער, וואָס וועלן אייך באַגלייטן, וועט מיטפאָרן אַ פרעמדער אָפיציר פון „און״, און אַ פרוי, פון אינטער־נאַציאָנאַלן רויטן קרייץ״. — — — דער באַשקאַטעב האָט נאָך עפּעס געלעזן פון פּאַפּיר: טאַ־טאַ־טאַ־טאַ, נאָר קיינע פון זיי, האָט מער גאָרנישט געהערט. זיי זענען געווען צו פיל עמאָציאָנירט און פאַרכלינעט פון פרייד. זיי האָבן זיך געוואָרפן איינע אויף דער צווייטער, זיך אַרומגענומען, זיך געהאַלדזט און געקושט. אין מיטן קנויל איז געשטאַנען רבקה. דאָס מאָל האָט זי זיך נישט געשעמט, און נישט דערשטיקט דעם געעפנטן טרערן־קוואַל.

דער באַשקאַטעב האָט פאַרענדיקט פאַרלעזן זיין שריפט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. מעשה אַדלמאַן, האָט ער זיך פאַרנויגט פאַרן אַוועק־גיין פאַר די פרויען, זאָגנדיק אין פראַנצויזיש: „באָן פאַיאַזש, מאַדאַמאַט״...

קיינע פון זיי האָט אים נישט געענטפערט. זיי זענען געווען צו פיל פאַרנומען מיט זיך. זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי ער איז אַוועק אַ באַליידיקטער, אַ געקרענקטער. ער האָט געמיינט, אַז זיי וועלן אים דאַנקען פאַר דער גוטער בשורה, אפשר קושן די האַנט, ווי ס׳טוען, אין אַזעלכע פאַלן, באַפרייטע, אַראַבישע אַרעסטאַנטן. אַזאַ חוצפּה פון יידישקעס!

די איינציקע, וואָס האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אַוועק, איז געווען פייגעלע. זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול. ס׳איז איר געפעלן געוואָרן זיין „באָן־פאַיאַזש״, וואָס זי האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: „פאַן־פאַיאַזש״, כאַ, כאַ, כאַ — — —

★

אויף מאָרגן איז געווען, ווי דער באַשקאַטעב האָט געזאָגט. זיי זענען אַלע אַרויס אין קאָרעדאָר פון תפיסה, מיט גאָרנישט אין די הענט. חוץ די קליידער אויף זיך, האָבן זיי גאָרנישט געהאַט. זייערע „פּערזענלעכע זאַכן״, האָבן זיי איבערגעלאָזט ווי מתנות, דער וועכטערין מיטן אַלטן שליסל־טרעגער פון די צעלן, מיט וועמען, זיי האָבן זיך פריינטלעך געזעגנט, איבער־חזרנדיק עטלעכע מאָל: „מאַר־סאַלאַמי, — שלום, כאַטערקום — זייט גע־זונט״.

— „שאַליאַם, שאַלאַמאַט, יאַ סידאַט, כאַטערקום״, האָבן דער שליסל־טרעגער מיט דער וועכטערין געמורמלט, — „שאַליאַם, שלום״.

פון קאָרידאָר צום טויער, האָט מען זיי באַגלייט מיט געשרייען פון אַלע תפיסה פענצטערלעך. ווער ס׳האָט געפּאַכעט מיט די הענט, ווער ס׳האָט געשריען, געשאָלטן און געשפּיגן, נישט צו וויסן אויף וועמען, צו אויף זיי, אָדער אויף זייערע באַגלייטער, די וועכטער.

פאַרן טויער, האָט זיך ווידער באַוויזן דער באַשקאַטעב, וואָס האָט זיי דערלאַנגט אַ פּאַפּיר און געפאָדערט זייערע אונטערשריפטן. נאָכער האָבן זיך די אייזערנע טויערן געשלאָסן הינטער זיי מיט אַ פאַרזשאַווערטן קרעכץ.

דער דרויסן איז געווען אַ ליכטיקער, פאַרפלייצט מיט זון. דער אויטאָ איז שוין געשטאַנען גרייט. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק, איינע אַקעגן דער אַנדערער. נאָך זיי איז אַריינגעקומען אַן אויסגעפּוצטער, העפ־לעכער, דענישער אָפיציר, מיט אַ בלויען בערעט אויפן קאָפּ. אין בערעט

האָט געשטעקט אַ זילבערנע קאָקאַרדע, — דער צייכן פון „און״. ס׳איז צוגעקומען אַן אוניפאָרמירטע פּרוי פון רויטן קרייץ. זי איז געווען פּשוט און עלעגאַנט געקליידט, אין אַ געפּאַסטן מונדיר, מיט אָפּגעלייגטע לאַצן. פון אונטער די לאַצן האָט אַרויסגעקוקט אַ ווייסע העמד מיט אַ שטייפן קראַגן, מיט אַ פאַרשלייפטן שוואַרצן שניפּס. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן, אַ ביסל אָן אַ זייט, אַ פליער־היטעלע, און אויפן אַרבל פונעם מונדיר, — אַ ברייטע ווייסע באַנד, מיט אַ פעטן רויטן קרייץ. די לעצטע האָבן באַשטיגן דעם אויטאָ אַ פּאָר באַוואָפנטע זעלנער, בעת נאָך צוויי זעלנער, זענען פון פריער געעזסן צונויפגעדריקט, צוזאַמען מיטן שאָפער אין קאַבינקע. בעת אַלץ איז געווען גרייט צום פאָרן, האָט מען אַריינגעשטעלט אין אויטאָ אַ געשלאָסענעם צינקענעם קרוג מיט וואַסער, אַ פּאָר קוישן שפּייז, טעפּעלעך צו טרינקען און כלים צום עסן.

„אַלץ איז גרייט״, האָט אַ זעלנער ראַפּאָרטירט.

דער באַשקאַטעב האָט סאַלוטירט און שטייף אַ זאָג געטאָן: „באָן פּאַיאַזש״, דער שאָפער האָט געגעבן די מאַשין גאַז, אַ דריק געטאָן די פּעדאַלן, און אַזוי האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג, צו דער אויסגעבענקטער פריי, צו דער היים, צום לאַנד ישראל.

✶

יאָרן זענען אַוועק. די וועלט האָט זיך צוגעוווינט צום חידוש: מדינת־ישראל.

צום בר־מצוה פון מדינת ישראל, איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע קרייז־פייערונג אין עפולה, פאַר דער באַפעלקערונג פון עמק יזרעאל, עמק הירדן, בית־שאן, און פאַרן אויבערשטן גליל. ס׳איז געווען אַ ליכטיקער, מילדער אייר טאָג. די לופט איז פול געווען מיט בשמים פון צייטיקע תבואה און פריש געשניטענעם היי. פון אַלע וועגן, פון צפון, פון מזרח און פון מערב, האָבן זיך געצויגן פול באַלאָדענע אויטאָמאָבילן מיט מענטשן, בדרך כלל אין דאָרפישן לבוש פון ישראל: אין כאַקי, אין ווייסע אָדער בלויע העמדער. עס זענען געווען צווישן זיי מיטליאָריקע ערד־אַרבעטער, מיט שוואַרצע און שאַטינענע האָר, דורכגעוועבטע מיט זילבער, עלטערע קיבוצ־ניקעס און מושבניקעס מיט צעאַקערטע פּנימער, מיט הענט פון בראָנז, פול

מיט זון אוןווינט און יוגנט פון בלוט און מילך, מיט פלאַטערנדיקע, גאָל־דענע טשופּרינעס.

ס'האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען וועגענער, פּלאַטפאָרמעס אויף גומי־רעדער, געשפּאַנטע מיט טראַקטאָרן, באַצירטע מיט פאָנען און גירלאַנדן, געפלאָכטענע פון גרינס מיט בלומען, מיט קרענץ פריש־געשניטענע תבואה, מיט פולע זאַנגען.

די יזרעאל שטאָט, עפולה, איז געווען אויסגעצירט מיט גרינס און ווייס־בלוי. אויף די באַלקאָנען און פענצטער זענען געווען אויסגעהאָנגען בילדער פון שרים און נשיאים, בילדער מיט דער מנורה, צוגעהעפטע צו טעפּיכער. שניר פענדלעך האָבן געקרייצט די גאַסן אַהין און אַהער אין זיגזאַגן, פון איין עק ביז דעם צווייטן. אַפילו דער וואַסער־טורעם, מיט דער אַלאַרם־סירענע אויפן קאָפּ, מיט די קרויענן פון די הויכע פאַלמען בוימער, האָבן געפלאַטערט מיט ווייס־בלויע פענער און קאָלירטע בענדער.

דאָס גאַנצע אויסגעפּראַצעוועטע עפולה, קינד און קייט, אין טראַכטן פון אַלע יידישע עדות, צוזאַמען מיט די געסט פון נאָענט און ווייט, האָבן געשטראָמט ווי אַ לאַווע, צום פּאַראַד־פּלאַץ, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף אַ פרייען אָפּגעשניטענעם תבואה פעלד, אויפן ראַנד פון שטאָט.

דער עולם האָט גערוישט, ווי דער ווייטער ים פון יענער זייט כרמל, כסדר געמאַכט אַ וואַרע פאַר די כלי־רכב, פון דעם אָדער יענעם ציווילן גדול, אָדער הויכן מיליטער־מאַן, וואָס זענען געקומען זיך משתתף צו זיין אין דער שמחה. מענטשן האָבן אַלע ווײַלע פאַררײַסן די קעפּ, הויך, הויך צו די בלויע הימלען, ווו ס'פלעגן זיך דורכשניידן ווי זילבערנע בליצן, יונגע יידישע אָדלער, מיט מעטאַלענע פליגלען, מיט עקן פון אָנסופיקע, לאַנגע, לאַנגע, שניי־ווייסע סטענגעס.

בעת די זון האָט זיך געשטעלט איבער די קעפּ פון תבור און גבעת המורה, איז אַלץ געבליבן שטיין שטיל, פאַרגליווערט, מיט געבויגענע קעפּ, און פאַרקלעמטע הערצער. די פאָנען פון דער בימה, האָבן גענידערט ביז דער העלפט פון זייערע מאַסטן. פייקלעך האָבן געטראַמלט, און יונגע, יידישע זעלנער, האָבן אויף טרומפּייטן געשאַלט דעם אשכבה ניגון, וואָס איז איבער־געריסן געוואָרן פון אַ ציטעריקער יונגער, מיידלשער שטים:

„יזכור עם ישראל את בניך ובנותיך — — — אָט די, וואָס זענען אַוועק אויף דער עקידה פון זייער פאָלק ישראל, אַוועק אין דער אייביקייט, צו בלייבן טיף איינגעוועבט אין די הערצער און אין דעם באַוווסטזיין פון דער יידישער אומה".

„י־ז־כ־ו־ר עם ישראל את בניך ובנותיך, דיינע זין און טעכטער, די בליענדיקע פראַכט פון ישראל, די שטאַרקע און מוטיקע, וואָס האָבן אונדז געבראַכט די באַפרייונג פאַרן פרייז פון זייערע לויטערע לעבנס".

„זאָל ישראל פאַרהייליקן זייער אָנדענק און בענטשן זייער גבורה".

„זאָל ישראל טרייסטן זייערע פאַריתומטע אבלים, וואָס האָבן געזען, אַז זייערע קרבנות זענען אָנגענומען געוואָרן".

„זאָל ישראל אייביק טראָגן אין האַרצן די שטרעבונג פון זייער לעבן".

„יזכור עם ישראל די יענע מיליאָנען יידן, פרויען, מענער, אַלט און יונג, וואָס זענען פאַרצוקט און פאַרשניטן געוואָרן, פאַרברענט און פאַרגאַזט אין שוידערלעכע עינויים און גרויזאַמע טויטן, דורך די נאַצישע חיות, פאַר די אויגן פון אַ וועלט, ווו עס איז אויסגערונען, אויסגעטריקנט און פאַרברענט געוואָרן דער לעצטער טראָפּן רח־מים" — — —

„יתגדל ויתקדש שמם ברבים".

נאָכן זיך מתיחד זיין מיט די, וואָס זענען שוין מער נישטאָ, איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שטיל, בלחש, ווי אַ תפילה ממעמקים, און געוואָקסן שטייגן העכער, העכער, ווי אַ מעכטיקער הימן פון טרויער און פרייד. דער ניגון האָט זיך איבער־געגאָסן אין אַ מעכטיקער שירה פון טויזנטער ברוסטן אַרויס, אַ שירה, וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די בערג און טאָלן פון יזרעאל, ביז ס'האָט זיך צעטראָגן איבער די מאַסיוון פונעם נאָענטן גלבוע, און פון דאָרטן, זיך אַוועקגעקייקלט ווייט, ווייט ביזן ירדן, ביז ס'האָבן זיך אויסגעלאָשן די לעצטע אַקאָרדן:

„ה־ה־ת־ק־ו־ה
— — — שנת אלפיים.
להיות עם חפשי בארצנו,
ארץ ציון וירושלים״.

*

אינעם בר־מצוה טאָג פון מדינת ישראל, זענען באַערט געוואָרן, מיט אויסצייכענונגען, אַלע יענע גרענעץ־ישובים, וואָס זענען געווען פראָנט, וואָס זענען אינעם באַפרייאונגס־קריג געשטאַנען אין בלוט און פייער, ביז עס איז אויסגערויכערט געוואָרן דער לעצטער שונא, וואָס האָט באַטראָטן די ערד פון ישראל. יעדערער פון די דאָזיקע ישובים האָט באַקומען אַ גרויסן זילבערנעם סימבאָל, אָנגעגאָסן אויף אַ נס (שטאַנג), להבא צו גע־ברויכן ביי יעדער שמחה און אויפמאַרש, צוזאַמען מיט דער פאָן פון דער מדינה. דער נס איז אַ קאָלעקטיווע אויסצייכענונג פאַר אַ גאַנצן ישוב, אָדער מיליטערישע איינהייט.

זענען די סימבאָלן איינגעשטאַנען אין די הענט פון בחורים מיט מייד־לעך, אויסגעצירטע אין די בגדי תפארת פון צה״ל.

דער ראש המדברים אויף דער בימה, האָט אַלע ווײַלע אויסגערופן, אַן אַנדער דעלעגאַציע, פון אַן אַנדער פראָנט־ישוב, זיך צו דערנענטערן אָפּנעמען די אויסצייכענונג פון דער מדינה. האָבן געשפּאַנט דעלעגאַציעס איינע נאָך דער צווייטער, צו באַקומען דעם נס מיט אַ פּאַרמעט, ווו ס׳איז אַריינגעטראָגן די פּרטים פון זייער חלק אינעם באַפרייונגס־קריג.

די זילבערנע סימבאָלן האָבן געשיינט און געשטראַלט אין דער אָנגע־גליטער זון און זיך אויסגעמישט מיטן וואַלד קעפּ און פענער.

די אָרקעסטרען האָבן פאַרצויגן אַ זמר, וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון טויזנטער שטימען. די עלטערע פונעם עולם, האָבן זיך געלאָזט אָפּרוען אין שאָטן פון אַ נאָענטן וועלדל, בעת די יוגנט, אָרעם אין אָרעם, האָבן גע־שלייפט און געפלאָכטן לעבעדיקע רעדער, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין אַ פייערדיקן טאַנץ. אַרום דער בימה איז געוואָרן שיטער.

אין אַ ווינקל, הינטער די זיילן פון דער בימה, זענען געשטאַנען צוזאַמען אַ קנאַפּער מנין מענטשן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי דער פינאַל פון דער

שמחה וואָלט זיי גאָרנישט אָנגעגאַנגען. דאָס איז געווען די דעלעגאַציע פון משמר הירדן, וואָס איז נישט אויפגערופן געוואָרן, צו קריגן די אויסצייכע־נונג, ווי ס׳האָבן באַקומען די אַנדערע דעלעגאַציעס. אין דער דאָזיקער דע־לעגאַציע האָבן זיך געפונען רבקה מיט איר טאָכטער און לעצטן זון, צוזאַמען מיט פייגעלען, וואָס איז געזעסן מיט איר, אין געפענגעניש פון דמשק.

זיי זיינען זיך דאָ צונויפגעקומען פון פאַרשיידענע מקומות. רבקה מיט איר זון און טאָכטער זענען געקומען פון נתניה, ווו זי האָט געאַנקערט נאָכן צוריקקער פון דמשק, נאָכדעם, ווי זי האָט געפונען איר היים אין חורבות.

דער שטח פון איר קאָלאָניע איז באַדעקט מיט דערנער, די לאַנגע גאַס, — מיט ווילד גראָז. די מיינסטע בוימער זענען צעשמעטערט געוואָרן פון שונאס גראַנאַטן, אַנדערע אָרויסגעריסן מיט די וואָרצלען. יענע בוימער, וואָס האָבן נאָר פאַרלוירן די צווייגן מיט די אויבערשטע טיילן פון די שטאַ־מען, האָבן אויסגעזעזן ווי געקעפטע. נאָר זייערע וואָרצלען האָבן געלעבט, ווייטער געצויגן די חיות פון דער ערד און געשיקט זייערע זאַפטן אין דער הויך. די זאַפטן האָבן געהיילט די ווונדן פון די שטאַמען, וואָס האָבן געלאָזן נייע צווייגן.

דער שטעג, וואָס האָט געפירט צום ירדן, איז פאַרוואַקסן געוואָרן מיט ווילד־גראָז, מיט דערנער, מיט סאַברעס און צעשפרייטע, קלעפּיקע, שטעכע־דיקע, ווילדע מאַלינע־קוסטעס.

דאָס איז געווען דער איינציקער, יידישער ישוב אין גליל, וואָס איז נישט געקומען צום לעבן נאָך דער מלחמה, אַ ישוב, וואָס איז געבליבן אַ בית הקברות פון חורבות. עס זענען דאָרטן געבליבן לעבן, נישט צו פאַר־לאָזן דעם אָרט, שלאַנגען, שאַקאַלן, יאַשטשערקעס, סאָוועס, ווילדע טויבן, וואָס נויטיקן זיך נישט אין מעדאַלן, נישט אין פאַרמעטן מיט סימבאָלן. ס׳איז נישט געבליבן קיין זיכערער אָרט, ווו צו האַלטן אַ נס. ווער וועט עס אָפּהיטן? רבקהס קאָפּ איז שוין געווען באַצירט מיט אַ זילבערנע קרוין. זי איז געוואָרן אַלט און קנאָכיק פאַר דער צייט. נאָר אירע אויגן האָבן ווייטער געלויכטן מיט צער און מילדקייט.

נאָך איר צוריקקער, האָט זי זיך באַזעצט אין נתניה, נאָענט צו איר זון און אייניקלעך. זי האָט געלעבט אין אַ קליין הייזל מיט אַ גערטנדל. זי האָט

פאַרזייט יעדער שפּאַן ערד מיט גרינצייג און בלומען, ווי אַ מאָל, אין דער געוועזענער היים.

זי האָט זיך באַזעצט אין נתניה מיט דער מחשבה, אַז איר אַלטע היים, וועט נאָך אָפּגעבויט ווערן, און זי וועט דאָרטן פאַרענדיקן אירע יאָרן, נאָר די יאָרן זענען אַוועק און די היים איז געבליבן חרוב. האָט זי זיך גע־טוליעט צו אירע קינדער, וואָס זי האָט געפונען אין נתניה. רבקה איז גע־בליבן מיטן זון, חיים מנחם. דער זון האָט איר דערמאָנט זיין פאָטער, אַפילו אין שטאָטישן לבוש, אין אַ קאַפּעליושל, מיט זון ברילן... ווידער די טאָכטער, וואָס אַנט צו איר, איז געווען אַנדערש ווי זי. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ זון פון אַן איינגעפונדעוועטן קאָלאָניסט. איר הויט איז געווען צאַרט, ווייס, די הענט שיין, איידל, מיט רויטע נעגל, גאַרנישט ווי ביי דער מוטער, ווען זי איז געווען אין איר עלטער...

פייגעלע, וואָס האָט איצט געהאַלטן רבקהן אונטערן אָרעם, איז געווען פול, ברייטלעך, מוטערלעך, צוגעלאָזט, פּשוט און האַרציק, ווי אַלע יידישע מאַמעס פון אויבערשטן גליל. זי האָט געשטאַמט פון אַ משפּחה, פון דער צווייטער עליה. זי איז נישט ווייט פאַרפאָרן, און חתונה געהאַט מיט אַ מו־שבניק, אַ זון פונעם צווייטן דור קאָלאָניסטן, וואָס האָט נישט אויפגעהערט אַליין, מיט די אייגענע הענט, באַאַרבעטן זיין ווירטשאַפט, בעיקר פלאַנצן פּרוכט בוימער. פייגעלע האָט געהאַדעוועט צוויי זין מיט אַ טאָכטער, און געאַרבעט אין דער ווירטשאַפט, ווי רבקה האָט אַ מאָל געאַרבעט, אמת, ניט אין דחקות, מיט ווייניקער זאָרג. איר קיך האָט באַצירט אַ פּריזשידער, אַן עלעקטרישע וואַש מאַשין, אַ פּלאַטע און באַק־אויוון אויף גאַז. איר מאַן האָט געאַקערט מיט אַ טראַקטאָר, און אַנשטאָט אַ וואָגן געשפּאַנט מיט מויל־אייזלען, האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ טענדער און לאַסט אויטאָ.

— — — דער פּאַראַד־פּלאַץ איז שוין געווען כמעט ליידיק, ווו נישט ווו, אין דער רחבות, האָבן נאָך געהאָפּקעט, צעפּלאַמטע, האַלב הייזעריקע יוגנטלעכע, דורכגעווייקטע פון שוויס.

די וועגן און שטעגן זענען ווידער פול געוואָרן מיט רייטער, מיט כלי רכב, פול באַזעצטע מיט מידע, יום טובדיקע יידן, וואָס האָבן זיך צוריק־געקערט אין זייערע נאָענטע און ווייטע היימען.

פאַרשעמטע, מיט לײדיקע הענט, מיט שווערע געמיטער, האָבן זיך די מענטשן פון משמר הירדן צונויפגעזעצט אין אַ געדונגענעם טענדער, אויף בײדע זײטן בענק, פנים אל פנים, צו פאָרן נעכטיקן אין טבריה, כדי מאָרגן באַגינען, זיך לאָזן אויף קבר אבות ובנים, אין דער געוועזענער היים, נישט װײט פון ירדן, אײדער זײ װעלן זיך צוריקקערן אַהין, פון װאַנען זײ זענען געקומען.

שווײגנדיק זענען זײ פאַרבײגעפאָרן כפר ילדים, כפר תבור און סע־דזשערא — אילנות, ביז זײ זענען שטײן געבליבן בײ דער קרײציקונג פונעם כביש עפולה—נצרת—טבריה, בײם דענקמאָל פון די געפאַלענע זין, אין יענע מקומות. לכבוד יום טוב, איז דער דענקמאָל געװען באַדעקט מיט קרענץ לעבעדיקע בלומען, באַצירט מיט בענדער און פענער. די מענטשן זענען אַראָפּ פון טענדער, זיך דערנענטערט צום מקום קדוש, פאַרנויגט די קעפּ, און זיך מיחד געװען מיטן זכרון פון די זין און טעכטער, װאָס זײערע נעמען זענען דאָ אויסגעקריצט אין שטײן, שורות, שורות מיט נשמות...

דאָ האָט זיך רבקה נישט באַהערשט. זי איז צוגעפאַלן צום אָנגעגליטן באַזאַלט, אַרומגענומען דעם שטײן מיט אירע מוטערלעכע הענט, געקושט די נעמען, און זײ באַנעצט מיט טרערן. נאָכער, האָט זי זיך צוריקגעקערט הינטערװײלעכץ צו די איריקע, װאָס האָבן געװאַרט אויף איר, נישט צו פאַרלירן אַ װאָרט. בעת דער טענדער איז שוין געװען אין פולן גאַנג, האָט רבקה, צום ערשטן מאָל פאַרן גאַנצן טאָג, גענומען רײדן װי צו זיך אַלײן:

„פאַר װאָס קומט אונדז אַזאַ עלנטקײט? פאַר װאָס האָט מען אונדז נישט אָנגעזען? דעמאָלט, בעת מיר האָבן מיט אונדזערע גופים פאַרשפאַרט דעם װעג קעגן די סורישע האָרדעס, האָט מען אונדז באַזונגען, — — — איצט האָט מען אונדז נישט געזען, אונדזער היים נישט דערמאָנט, נישט פאַרבעטן, װי די אַנדערע אויף דער בימה, קײן גוט װאָרט נישט געזאָגט. װאָס זענען מיר שולדיק, אַז אונדזערע ליגן טויט, אָדער צעשפּרײט איבערן גאַנצן לאַנד, בעת די היים ליגט אין חורבות? פאַר װאָס האָט מען אונדזער היים נישט אויפגעבויט, און אונדז נישט געלאָזן זיך צוריקקערן צו אונדזערע פעלדער? זאָל דאָס זײן אונדזער לױן?"

פײגעלע האָט שטיל געשלוכצט און באַהאַלטן דאָס פנים אין קאָפּ־טיכל.

רבקה האָט ווייטער גערעדט, ביז אירער אַן אַמאָליקער שכן, האָט איר בייז־לעך איבערגעהאַקט: „די, די רבקה, לא המתים יהללו יה, די, די״.

איז זי שטיל געבליבן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט צו זען דעם גע־קאַרבטן בלוי פון כנרת, ווי ער צינדט זיך אָן אין פלאַמען, ווי דער זאָטל־באַרג סוסיתה בייט אַ יעדע רגע זיינע קאָלירן, און אַלע בערג אַרום, וויקלען זיך אין דין־דינינקע טיולן פון שקיעה. ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, און דער טענדער איז שטיין געבליבן מיט אַ קרעכץ, ביי אַ קליינער אַכסניה, נישט ווייט פון כנרת.

ס׳איז געווען צו נאָענט צו דער געוועזענער היים, אַז רבקה, זאָל קענען צומאַכן מיט אַן אויג. האָט זי זיך איינגעוויקלט אין אַ שאַל, און זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ טעראַסע פון דער אכסניה, מיטן פנים צום כנרת, ווו אַ שטיקל לבנה האָט זיך געבאָדן און געשפילט אין נאַכטיקן זילבער פון די געקאַרבטע וואַסערן, וואָס האָבן זיך ריטמיש געקייקלט צו די ברעגעס, הין און צוריק. רבקה איז געזעסן פאַרגליווערט, פאַרזונקען אין זכרונות פון עבר, ביז פייגעלע איז אַרויס זיך איינבעטן, זי זאָל אַריין אין צימער זיך אָפּרוען, כאָטש אַ פאָר שעה, צו האָבן כח אויף מאָרגן. אַ פאַרחלומטע, האָט זי זיך געלאָזט נעמען פאַר אַ האַנט און אַריינגיין אין צימער. זי האָט זיך געלאָזט אויסטאָן ווי אַ קינד.

פייגעלען האָט פאַרדראָסן, הלמאי רבקהס זון און טאָכטער, האָבן זיך פון עפולה באַלד צוריקגעקערט אַהיים, און ניט באַגלייט די מוטער. זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, באשר, אין דער היים זענען די קינדער געבליבן אַליין און ס׳איז שווער צו באַלעסטיקן און זיך פאַרלאָזן אויף שכנים. מאָרגן פרי, דאַרפן די קינדער גיין אין שול.

„יאָ, אַזוי זענען היינטיקע קינדער״, — האָט פייגעלע געמורמלט — „אַזוי זענען זיי איצט״.

*

כאָטש די מענטשן האָבן שוין נישט איין מאָל באַזוכט די חורבות, פון זייער געוועזענער היים, זענען זיי דאָרטן אַריינגעפאָרן מיט אינערלעכן ציטער און שפּאַנונג, ווי זיי וואָלטן אַהין געקומען צום ערשטן מאָל, צווישן די איינ־געפאַלענע ווענט און פאַרוואַקסענע וועגן און שטעגן.

דער רויש פונעם טענדער, האָט דאָרטן צעשטערט די שטילקייט און אַרויסגערופן אַ בהלה ביי די טשאַטעס ווילדע טויבן, וואָס האָבן זיך, צעטומלטע, געלאָזט פליען אין דער הויך. די פויגל זענען נישט געווען געוווינט, דאָ צו זען מענטשן, און צו הערן דעם רויש פון אַ מאָטאָר.

די זון האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרצערן דעם טוי. אָבער ווער נויטיקט זיך, דאָ, היינט, אין אַזאַ גוטן, פולן טוי? די גוטע חלקים באָדן, אַרום די הויפן, ליגן וויסט, פאַרשטייניקט, צעפלאַצט פון טריקעניש, פאַרוואָרלאָזט, פאַרוואַקסן מיט אַ ים איבערצייטיקטע דערנער. זיי דאַרפן נישט קיין טוי...

ס׳האָט די מענטשן געקלעמט און געקנוילט אין די העלדזער.

דער טענדער איז שטיין געבליבן. דער מאָטאָר אויסגעלאָשן. די שטילקייט האָט גענומען שרייען מיט אימה.

נישט צו פאַרלירן אַ וואָרט, האָט זיך יעדערער געלאָזט גיין צו זיין אַמאָליקן הויף. ווער עס איז געגאַנגען און געבראָכן די פינגער, ווער מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, און ווער מיט טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט פון די אויגן אַראָפּ, אויפן פאַרוואַקסענעם שטעג.

רבקה איז געגאַנגען מיט פייגעלען, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט. זיי זענען געגאַנגען גלייך אין חורבה אַריין.

ביידע זענען אַריין אינעווייניק, דורך אַן עפענונג, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ טיר. זייער אָנקום האָט דערשראָקן די יאַשטשערקעס, וואָס האָבן אַרומגעטאַנצט אויף די צעשפּאָלטענע ווענט, און זיי זיינען פלינק אַנטרונען צווישן די שפּאַרעס. פון סופיט אַראָפּ, איבער זייערע קעפּ, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צעטומלטע פלעדער מייז, וואָס זענען דאָרטן געהאָנגען, איינגעקלעמטע מיט די נעגעלעך, אין דעם צעקרושלטן טינק. זיי זענען געהאָנגען, ווי שטיקלעך גרויע, פאַרשטויבטע שמאַטקעס.

ס׳איז זיי געוואָרן איבלדיק, זענען זיי באַלד צוריק אַרויס אין דרויסן. רבקה האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ ליידיקער, שטיינערנער קאָריטע, וואָס זי פלעגט אַ מאָל, צוזאַמען מיט חיימען אָנפילן מיט וואַסער פאַר די בהמות. איבער דער קאָריטע, האָט זיך געריסן צום הימל, אַ הויכער, דיקער עקאַליפּטוס, וואָס איז, מעשה נס, געבליבן וויניק באַשעדיקט. דער עקאַליפּטוס איז איצט געווען באַוואַקסן מיט נייע צווייגן, מיט פעסטע, גרינע בלעטער,

ווי פון לעדער געשניטן. אין דער געדיכטעניש פונעם בוים, זענען געווען ליידיקע נעסטן, וואָס האָבן פאַרשטאַרקט די עצבות און דעם עלנט. דער הויף איז געווען ווילד באַוואַקסן און פאַרדעקט דעם ברוך און בראָך.

האָט זיך פייגעלע צוגעזעצט לעם רבקהן.ביידע האָבן פאַרשטאַרט, שווייגנדיק, געקוקט צו דער ערד.

— „זע פייגעלע", האָט רבקה שטיל געזאָגט, — „זע, איין זאַך איז דאָ געבליבן ווי פריער, דער מוראַשניק. זע ווי ס׳ציט זיך אַ לאַנגע, לאַנגע שורה פון גרויסע, ברוינע ווערעמלעך, זע ווי געדולטיק זיי באַוועגן זיך, מיט פולע פיסקלעך קערעלעך, פלעווס, מיט פיצעלעך טרוקן גראָז. זע ווי זיי באַוועגן די טאַפּערס און ווערן נישט נתפעל פון אונדז, די געסט. זיי שרעקן זיך נישט. זיי זענען ממשיך ווי אַ מאָל, ווי ס׳וואָלט דאָ גאָרנישט געשען. כ׳דער־מאָן זיך, ווי זיי האָבן זיך אַזוי באַוועגט, בעת איך בין אויפגעשטאַנען פון שבעה — — —, יאָ פייגעלע, זיי זענען איצט זיכערער ווי פריער. קיינער וועט זיי נישט צעטרעטן. די הינער וועלן זיי נישט אויספּיקן און די פויגל מיאוסן זיך זיי צו פאַרצערן. פויגל ליידן אויך נישט קיין דערנער. זיי שטעכן און ברענען ווי פייער...

*

אַ ווײַלע שפּעטער זענען אַלע געשטאַנען פאַרזאַמלט אַרום אַ דענקמאָל פון שוואַרצן באַזאַלט־שטיין, אַזאַ יידישלעכער אָבעליסק, מיט שורות אויסקעשטאַנצטע נעמען, וואָס האָבן געגליט אין ליכט פון דער זון. דער דענקמאָל איז געשטאַנען אין האַרצן פון דער קאָלאָניע, אין אַ פּיצל אָאַזיס פון געפּלעגטן, גרינעם גראָז, מיט שורות בלוט־רויטע ביגאָניע־בלומען אַרום. דער אָאַזיס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ גדר, פונעם זעלבן שוואַרצן שטיין.

האָבן זיך די מענטשן געטוליעט איינער צום צווייטן, אַרום דעם אָנגע־גליטן באַזאַלט. יעדערן האָט זיך געוואָלט אַרומנעמען דעם שטיין און צולייגן דאָס פּנים צו די נעמען. נאָר דער שטיין האָט געגליט ווי פייער...

זענען זיי געשטאַנען, געשטאַנען פאַרזונקען, צעווייטיקטע, ביז, ביז ס׳האָט זיך דערהערט אַ שטילע געבראָכענע שטים: — יתגדל — ויתקדש...

תשעה באב תשכ״ג — 1963, חיפה

# גאָר אין דער הויך...

ווייט אין די בערג פון גליל, פון אַ פאַרוואָרפן אַראַביש דערפל, זענען מיר געקומען אינעם טשערקעסישן ישוב ריחניה און זיך געזעצט אָפּרוען, נישט ווייט פונעם באַיאַדער (גורן), וווּ ס'האָט געווימלט אַ לעבן ווי אין אַ בינשטאָק. עס איז געווען אין סאַמע ברען פון תבואה־שניט. צום באַיאַדער האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען פערד, אייזלען און מויל־אייזלען, באַלאָדענע מיט גאַרבן גאָלדענע תבואה, וואָס זענען דאָרטן אָפּגעלאָדן געוואָרן. יעדער חמולה (משפּחה) האָט געהאַט איר ווינקל, איר באַרג תבואה צום דרעשן. אין יעדערנס ווינקל האָבן לאַנגזאַם געקרייזט אייזלען מיט פאַרבונדענע אויגן, (אַ סגולה צו קאָפּ שווינדל...) געשפּאַנטע אין פלאַכע דרעש־שליטנס, — דיקע ברעטער פון האַרטן האָלץ, אָנגעזעצטע מיט גלאַנציקע פּירקאָנטיקע ביטן. אויף די דרעש שליטנס זענען בדרך כלל געזעסן יינגלעך, וואָס האָבן געטריבן די בהמות, זיי מכבד געווען מיט אַ „מינסאַס". (אַ לאַנגער פאַר־שפּיצטער שטעקן, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ שאַרפן טשוועקל, צו שטעכן די מידע בהמה זי זאָל נישט בלייבן שטיין, ווען זי וויל). נאָכן אויסדרעשן אַ בערגל תבואה מיט פולע זאַנגען, פירט מען איבער דעם דרעש־שליטן אויף אַ צווייטן בערגל, בעת אַ פעלאַך שטעלט זיך מיט אַ „מיזראַיאַ" (אַזאַ ברייטע הילצערנע פאָרקע), איבערצושיטן דאָס געדראָשענע. עס בלאָזט אַ ווינטל. די שעצקע מיט די פּלעוועס צעפליען לכל הרוחות. די שווערע, גאָלדענע קערנער פאַלן אויפן באָדן, צוצוטריקענען זיך אויף דער זון. נאָכער פּילט מען עס אָן אין זעק גרייט צו מאָלן. די צעבלאָזענע שעצקע און די פּלעווועס גייען אויך נישט לאיבוד, מען שאַרט עס צונויף, און מען שטופּט עס אויך אָן אין זעק, ווי אַ גוט מאַכל פאַר די בהמות.

מיר זענען געזעסן מידע, אונטער אַן איינזאַמען פייגנבוים, און דורשטיקע

געגלאָצט אויף די ליימענע קריג וואַסער וואָס זענען געשטאַנען אין שאָטן ביי יעדער בערגל גאַרבן. מיר האָבן געחלשט נאָך אַ טרונק.

— „מאַר־כּאַבטין יאַ מהנדסין", — זייט געגריסט אינזשינערן — האָט זיך צו אונדז געווענדט אַ מיטליאָריקער פעלאַך, אַ טשערקעס, — אַ מאַן ווי אַ דעמב, מיט אַ ברוין פאַרשטויבט פּנים, מיט אַ פּאָר גוטע, שמייכלענדיקע אויגן אונטער דיקע ברעמען און מיט אַ פּאָר וואָנצעס, ווי די פליגלען פון אַ פויגל, — אַ צירונג, אַ פּראַכט פאַר אַ ריכטיקן מאַנסביל.

— „זיי דו אויך געגריסט, שלום יאַ עפענדי, יאַ שייך", האָבן מיר געענטפערט אין כאָר, נישט אויפצוהערן גלאָצן אויף די קריג וואַסער.

דער פעלאַך האָט עס באַמערקט, און ניט ריידנדיק אַ וואָרט, האָט ער אונדז געבראַכט אַ פולן קרוג קאַלטן וואַסער, מיט אַ קאָנסערוון פּושקע אַנ־שטאָט אַ גלאָז, העפלעך באַגלייט מיט ברכות און געבעטן „לעשן דעם דורשט". מיר האָבן זיך געוואָרפן אויפן וואַסער. ער איז אַ ווײַלע פאַר־שוווּנדן און צוריקגעקומען מיט אַ פולע פאָלע טרוקענע פייגן. ער האָט אויסגעשאָטן די פייגן אויף דער ערד, אַ וויש געטאָן די שיינע וואָנצעס און גוטמוטיק געבעטן טועם זיין די פּרוכט, און פאַרוויקלט אַ שמועס, ווי ס'פירט זיך אַ מכניס אורח. ער האָט געפרעגט ווער מיר זענען, פון וואַנען מיר קומען אַזוי פרי און וווהין מיר קלייבן זיך ווייטער צו גיין, און פאַר־ענדיקט מיט אַן איינלאַדונג אויף מיטאָג. זיין ווייב וועט דאָ ברענגען דאָס עסן אַ ביסל שפּעטער. — „איילט זיך נישט, איצט זענט איר מיינע געסט. איך און מיין משפּחה שטייען אין אייער רשות".

— „איך בין אַ טשערקעס, אַ בירגער פון איסראַיל, כ'האָב צוזאַמען מיט אייעריקע אָנטייל גענומען אין באַפרייען פּאַלאַסטין פון די פאַרהאַסטע... פּטור געוואָרן פון די נוגשים, פון די עפענדיס, פון די בעדואינער, איל־כּאַמדילילאַ! גאָט צו דאַנקען, מיר זענען מאַפּסוט (צופרידן), ווען נישט די שטייערן מיט די מוכסים, איז איסראַיל אַ גן־עדן. גאָט צו דאַנקען פאַר אַלדאָס גוטס, וואָס מיר געניסן, איל כּאַמדילילאַ" !

ווי ס'פירט זיך, האָבן מיר אים עטלעכע מאָל באַדאַנקט, מכבד געווען מיט שטאָטישע ציגאַרעטן, זיך געזעגנט, געדריקט זיין אייזערנע האַנט, און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג, צו גוש חלב.

— אויב איר איילט זיך, און ווילט נישט וואַרטן אויף מיטאָג, טאָ נעמט מיט די פייגן, צו דערהאַלטן ס׳האַרץ. דער וועג איז שווער. די זון ברענט און די חמימה איז גרויס, גייט אייך בשלום, — מאַ־סאַלאַמי, יאַ מהנדסין״, האָט ער געענטפערט און באַגלייט ביז אַ שטעג, וואָס פירט באַרג אַראָפּ, ווו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווידער איבערצוחזרן די ברכות: — „שלום יאַ שייך, מאַ־סאַלאַמי, שלום״!

ווי ס׳פירט זיך, האָט דער גאַסטגעבער איבערגעחזרט זיינע געזעגענונגס רייד און צוגעגעבן: — „יאַ כאַוואַדשאַט, אויב איר וועט גיין דורך די פעלדער פון עין זיתון, וועט איר זיכער טרעפן מיין אַלטן פריינד דאוּד, אַ יהודי, אַן אמתער פעלאַך. איר וועט אים געפינען ביי זיינע וויינשטאָקן, אָדער אין פעלד. גריסט אים פון מיינטוועגן, פון זיין ידיד, עזיז טשערקאָסי. — מאַ־סאַלאַמי, שאַליאָם״!

מיר האָבן זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ און באַוווּנדערט די פלייסיקייט פון די פעלאַכן, אַראַבער און טשערקעסן, וואָס זיינען לאַנגזאַם, געדולטיק, נאָכ־געגאַנגען זייערע „פעדאַנען״ (אָקסן געשפאַנטע אין הילצערנע סאָכעס). זיי האָבן געאַקערט משופּעדיקע, טעראַסירטע שטיקער ערד צווישן פעלזן און בוימער, נישט צו לאָזן איבערגעדרייט נישט אַ פּיצל באָדן. די פעלאַכן זענען געווען געקליידט אין לאַנגע קאָמבאַזן (קאַפּטאַנעס), אַרומגעגאַרטלט מיט בענדער פון קעמל־האָר און די פּאָלעס פאַרקאַטשעט און פאַרשטעקט אין די גאַרטלען, לייכטער צו מאַכן דעם גאַנג. זייערע קעפּ זענען געווען איינ־געהילט אין קעפיעס, אַרויסצוזען נאָר דעם נאָז מיט די אויגן, ווייל די לופט, די שמעקעדיקע תבואה לופט, איז פול געווען מיט באַרכאַש (פּיצלעך פלי־געלעך, וואָס שטעכן און נאָגן ס׳בלוט). זיי זענען געווען פאַרטאָן אין זייער מלאכה, זיך נישט פאַרגונען אַ ווײַלע איבערצורייסן, אַ שמועס טאָן מיט אַ דורכגייער. זיי זענען נאָר אָפּגעקומען מיטן אָנגענומענעם „מאַר־כאַבאַ״, אָדער „שאַליאָם״. מיר האָבן אויך געטראָפן פעלאַכן הינטער הילצערנע סאָכעס, געשפּאַנטע מיט אַ פּאָר אייזלען, אָדער מיט אַ קו און אַן אייזל. דאָס זענען געווען די שוואַך געשטעלטע פון די דערפער: — „זאָל זיין אַ קו מיט אַן אייזל״, אַבי מקיים זיין די מצוה פון „המוציא לחם מן הארץ״...

אַזוי האָבן מיר זיך דערקליבן ביז גוש חלב, ווו מיר האָבן געדונגען

אייזלען, און אַן שהיות זיך געלאָזט ווייטער אין וועג, מיט דער כונה צו דערגרייכן צפת נאָך פאַר שקיעה־צייט, פון וואַנען מיר האָבן געהאַט בדעה זיך באַלד לאָזן קיין חיפה, אויב מיר וועלן אָנקומען צו דער צייט.

פאַר נאַכט, בעת די זון האָט גענידערט טיף אין מערב זייט, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו די פעלדער פון עין זיתים. פריער זענען די אייזלען געלאָפן ריטמיש נאָר באַרג אַראָפּ און פאַרלאַנגזאַמט זייער טראָט באַרג אַרויף. איצט, פאַר נאַכט, זענען זיי אויך געלאָפן באַרג אַרויף. ס׳האָט זיי געצויגן צום אַבראַק, צום וואַסער און צו דער נאַכט־רו. מ׳האָט זיי איצט נישט געדאַרפט קערעווען. דער אייגנטימער פון די אייזלען, אַ יונגער פעלאַך, איז מיטגעריטן מיט אונדז, כדי פאַר טאָג זיך צוריקקערן אַהיים צו זיין אַרבעט. ער האָט אונדז געהייסן אָפּלאָזן די לייצעס, טענהנדיק, אַז שקיעה־צייט טרעפן די בהמות אַליין דעם וועג.

— „נישטאָ נאָך קיין קליגערע און אַרבעטסזאַמערע בהמהלע ווי אַן אייזל. הלמאי באַליידיקט מען זיי און מען האַלט זיי פאַר טיפּשים״, — האָט געטענהט אונדזער באַגלייטער, וואָס איז געזעסן אויף אַ נידעריקן אייזעלע, אַז זיינע פיס האָבן דערגרייכט די ערד. ער האָט אונדז געלערנט דאָס וואָס מיר האָבן געוווּסט פון פריער: — „אויב דו פאַרבלאָנדזשעסט אין די בערג, לאָז דיין אייזל פריי, וואַרף אַוועק די לייצעס, נעם אַרויס דעם צוים פון זיין מויל, און ער וועט דיר צוריקברענגען אַהין, פון וואַנען דו ביסט געקומען״, — „אַן אייזל האָט אַ זעלטענע אָרינעטאַציע פעיִקייט, אַן אייזל בלאָנדזשעט נישט. ער בלייבט אַן אייזל״ — האָט ממשיך געווען אונדזער באַגלייטער מיט זיין גאַנצער ערנסטקייט...

— „אין דעם פּרט ביסטו גערעכט״, האָט איינער פון אונדז געענטפערט.

— „כמאַר דיימאַן כמאַר״, — אַן אייזל איז שטענדיק אַן אייזל, האָט אַ צווייטער איבערגעחזרט...

דער באַגלייטער האָט אונדז שאַרף אָנגעקוקט, נישט וויסנדיק צו מיר טרייבן ליצנות, אָדער רעדן ערנסט. האָט ער איבערגעהאַקט זיין שמועס און געשוויגן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום שטח פון עין זיתים, צו אַ שטעג, צווישן וויינשטאָקן, וואָס זייערע לאַנג־צעצויגענע צווייגן זענען געלעגן אָנגעלענטע אַן געשפּאַנטע שורות דראָטן. פון צווישן די געדיכטע גרינע

בלעטער, זענען אַראָפּגעהאָנגען ענגלען מיט קליינטשיקע ווײַן־טרויבן, האַר־טע ווי די ניסלעך און באַשפּרענקלטע מיט אַ ווייסן כימישן שטויב, וואָס באַשיצט זיי פון מזיקים. ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס, האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ הויכער מאַן, האַלב אייראָפּייאיש געקליידעט, מיט אַ קעפיע אויפן קאָפּ. דער מענטש האָט אונדז פאַרשטעלט דעם וועג, אויסשפּרייטנדיק בײדע הענט, ווי ער וואָלט געווען דער „מאַן פון נצרת".

— „לאַן"? האָט ער בייזלעך, טרוקן געפרעגט.

— „קיין צפת, אדוני".

— „אַזוי שפּעט"?

— „יאָ אדוני, מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט".

אַזוי, אין מיטן פון אונדזער שמועס, איז צו אים צוגעפאַלן אונדזער באַגלייטער פון גוש חלב מיט אַ היימישן „אַהלאַן יאַ כאַוואַדזשא דאוד, עליך השלומים והברכות, יאַ סידי"!

דער דאָזיקער ייד איז געווען דער „פעלאַך" דאַוד, אָדער דוד, וועגן וועלכן דער טשערקעס פון ריחניה האָט אין דער פרי דערמאָנט. זענען מיר אַראָפּ פון די אייזלען, אים אַרומגערינגלט, דערלאַנגט פעסטע שלום עליכם'ס, און איבערגעבן די גרוסן פון זיין טשערקעסישן ידיד, עזיז.

„עזיז פון ריחניה", איז ווייכער געוואָרן זיין שטים, און אויף זיין פּנים האָט זיך געלאָזט מערקן אַ לייכטער שמייכל.

— "יאָ, ער איז באמת אַ ידיד, אַ בן ידידים. כ'האָב נאָך געקענט זיין זיידן, שוין אָפּגערעדט פונעם פאָטער, וואָס איז געשטאָרבן ווי אַ „קדוש" אויפן גורן, ווו ער איז געלעגן איבערגעדעקט מיט שטרוי, צוזאַמען מיט אַ דאָרפישער נקבה, זיינע אַן אַרבעטאָרין. אירער אַ ברודער האָט אים אַ צייט נאָכגעשפּירט, ביז ער האָט געפונען דעם אָרט פון זייערע צוזאַמענטרעפן. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען שטיל ווי אַ שאָטן, און דורכגעשטאָכן דעם נואף די ברוסט, עליו השלום! כאָטש ער איז געווען אַ נואף, איז ער געווען מיינער אַ ידיד" — האָט דאַוד אין איין אָטעם, בקיצור, אַרויסגעשאָטן די גאַנצע דערציילונג, האַלטנדיק מיט איין האַנט אַרומגענומען דעם דאָרפס־יונג, דעם „מחאַמאַר", — דעם אייזל טרייבער פון גוש חלב.

— „לאַ, מיינע געסט, פון מיין אַחוזה איז נאָך קיינער נישט אַוועק,

איידער ער האָט באַטראַכט מיין שוועל, איידער ער האָט טועם געווען אַ פינדזשאַן קאַווע און אונטערגעהאַלטן דאָס האַרץ צוזאַמען מיט מיר, ביי מיין טיש. ס׳איז שפּעטלעך, די זון גייט שוין שלאָפן אין איר פייערדיק געלעגער, און איר וועט קודם כל פאַרקערעווען צו מיר״ — האָט ער געזאָגט, — „נישט אָפּט האָב איך אַן אורח צום אָוונט־מאָלצייט, יאַללאַ, חבריה, ס׳ווערט טונקל״.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה. זיין קאַטעגאָרישע איינלאַדונג האָט אונדז איבערצייגט, אַז מיר וועלן זיין היים נישט אויסמיידן, ווער רעדט נאָך, ווען אונדזער באַגלייטער איז געווען ביי דער זעלבער דעה. מיר האָבן זיך צוריק געזעצט אויף די אייזלען און אַריינגעריטן אין זיין רחבותדיקן חצר מיט אונדזער גאַנצן קלאַפּערגעצייג. אין חצר האָבן מיר פרייגעלאָזן די אייז־לען, ווען ס׳איז נישט פרעמד געווען דער אָרט. זיי האָבן באַלד אַליין געפונען אַ לאַנגע שטיינערנע קאָריטע מיט קאַלט וואַסער, און גענומען דור־שטיק טרינקען, בעת מיר זענען נאָכגעגאַנגען דעם מכניס אורח ביזן שוועל פון אַן אַלטן בנין פון שוואַרצן באַזאַלט־שטיין.

ביי דער טיר פונעם בנין איז געווען אַ רחבותדיקע טעראַסע, איבערגע־דעקט ווי אַ סוכה מיט דורכגעפלאָכטענע צווייגן פון וויינשטאָקן. די טעראַסע איז געווען געטיילט אין צוויען: פון איין זייט אַ טיש מיט צוויי הילצערנע בענק פון ביידע זייטן. איבערן טיש איז געהאָנגען אַ פאַררויכערטע ווינט־לאָמפּ. פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען אַ לאַנגער געשטעל, פול מיט קעסטלעך, מיט כלערליי כלים, ווערקצייג און מיט ליימענע קריג. אין מיטן האָט זיך געפונען די טיר פון שטוב, וואָס איז געשטאַנען אָפן. איידער מיר האָבן באַוויזן זיך צו באַקענען מיט די איבעריקע פרטים פון דער טעראַסע, האָט אונדז דער מכניס אורח מכבד געווען מיט אַ קרוג קאַלט וואַסער. נאָך דעם האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון קאָפּ די קעפיע. ער איז נישט געבליבן בגלוי־ראש. חלילה! אונטער דער קעפיע האָט ער געטראָגן אַ וואָלענע קעפּקע איבער אַ הויכן שטערן. דאָס פּנים איז געווען לענגלעך, באַבערדלט, ברוין, צעאַקערט אין קנייטשן פון זון און ווינט, מיט צוויי טונקעלע אָדלער אויגן, אונטער געדיכטע טאַבאַק קאָלירטע ברעמען. צווישן די אויגן, אַ יידישע נאָז, און אונטער איר שלעכט צוגעשוירענע וואָנצן, ביזן סאַמן ראַנד פון דער אויבערשטער ליפּ.

דאַוד ,דוד, האָט אונדז גאָרנישט געזאָגט, מחוץ אַ קורצן פּסוק: —
„תתכבדו, זייט זיך מכבד מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער”, נאָכער איז ער צוגעגאַנגען צום מערבדיקן ראַנד פון דער טעראַסע, און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה: „אשרי יושבי ביתך”...

די נאַכט איז צוגעפאַלן גיכער ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. די זון איז פאַרגאַנגען, איבערלאָזנדיק אַ צעפלאַמטן הימל. די לופט האָט זיך גיך אָפּגעקילט. זי איז פול געווען מיט אַלע בשמים פונעם תבואה־צייטיקן גליל. די בערג האָבן פאַרלוירן זייער בייטאָגיקן אויסזען, ווי זיי וואָלטן זיך איינגעהילט אין שוואַרצע פּעלערינעס, ס׳זענען פאַרשווונדן געוואָרן אַלע סילועטן פון די בוימער, פון אַלע פעלזן און וואַדיס. פאַר די אויגן זענען איסגעוואַקסן פאַרשידנפאָרמיקע גלאַטע מאַסיוון, מיט רונדע קעפּ. באַלד האָט זיך צעשפּילט אַ סימפאָניע פון גרילן מיט שפּרינגערס. פונעם חושך אַרויס זענען געקומען געסט: — פלעדערמייז, וואָס האָבן געמאַכט עטלעכע שטילע הקפות איבער אונדזערע קעפּ, און זענען אַזוי גיך פאַרשווונדן ווי גיך זיי זענען געקומען.

נאָך מינחה, האָט דוד זיך גענומען פאָרען מיטן ווינט־לאָמפּ, געמאַכט ליכט, פאַרשווונדן מיט צוויי עמערס, און צוריקגעקומען מיט וואַרימען שווי־מיקן מילך. ער האָט אָנגעפילט אַ גלעזערנעם קרוג, וואָס איז געווען איבער־געדעקט מיט אַ לייוונט טיכל. דורך דעם טיכל האָט ער איבערגעזייט דאָס מילך און אַוועקגעשטעלט אויפן נאַקעטן הילצערנעם טיש. נאָכער האָט ער געבראַכט בלעכענע טעלער, אַלטע שפּיציקע מעסערס, גאָפּל, לעפל, איז ווידער אַוועק, און זיך צוריקגעקערט מיט עטלעכע שיסעלעך זויערמילך, קעז, איילבערטן, ציבעלעס און אַ טעלערל זאַלץ.

פון איינע פון די קעסטלעך, פונעם געשטעל, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאָר נישט פרישע, ווייסע לעבלעך ברויט, זיי צעשניטן אויף דיקע ריפּטן, און דער טיש איז געווען גרייט. ער איז נאָך אָבער נישט געווען פאַרטיק. צוזאַמען מיטן אייזל־טרייבער, האָט ער צעבלאָזן אַ פייער ביים שוועל פון דער טעראַסע, און איבערן פלאַם אויפגעהאָנגען אַ פאַררויכערט קענדל וואַסער צו פאַרבריען קאַווע, „לקינוח סעודה”, ווי ער האָט געזאָגט.

די אַלע הכנות האָבן צוגענומען נישט ווייניק צייט, און מיר האָבן פאַר־

לוירן יעדע האָפנונג זיך צו קענען לאָזן קיין צפת נאָך דער סעודה. מיר האָבן געפילט, ווי ער איז אַנגעקוואָלן און איז געווען דורשטיק נאָך אַ שמועס מיט לעבידקע מענטשן, אַ פּשיטא מיט אחינו בני ישראל.

עפּעס האָבן מיר געוווּסט, מפּי השמועה, אַז אין דער פאַרלאָזענער עין זיתים, לעבט נאָך איין איינציקער ייִד, אַ מתבודד, אין אַ קליינער ווירטשאַפט. ער לעבט דאָ אַ סך יאָרן, אויפן באַרג, ווי אַ נזיר, ווי אַן אַלטער דעמב, מיט טיפע וואָרצלען אינעם שטייניקן גרונט, וואָס קיין שטורעם־ווינט קען נישט אַרויסרייסן.

אָן שום הקדמות, האָט ער אונדז, ברמז, גערופן צו נטילת ידים. מיט וואָס אָפּצווישן די הענט איז נישט געווען, האָבן מיר אים נאָכגעטאָן: — געלאָזט אַ ווײַלע זיך אָפּטריקענען אויף דער לופט, און זיך געזעצט צום טיש. דוד האָט איבערגעבראָכן אַ מוציא ברויט אין צווייען, איינגעטונקט אין זאַלץ, געמאַכט אַ ברכה און זיך גענומען צום עסן, צורוקנדיק יעדערן אַ טעלער מיט אַ באַפּעל: — „חברה, צו דער אַרבעט"! מיר האָבן אים געפאָלגט, ווייל מיר זענען געווען גוט הונגעריק. חוץ די טרוקענע פייגן, וואָס מיר האָבן פאַרצערט נאָך איידער מיר זענען געקומען קיין גוש חלב, האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג כמעט ווי נישט געגעסן.

נאָכן עסן, פאַר דער קאַווע, האָט דוד געבענטשט, אונדז נישט צו בעטן אים נאָכטאָן. ער האָט געטאָן דאָס זיינס פּשוט און נאַטירלעך. מיר האָבן זיך געפילט נישט באַקוועם, האָבן מיר אָנגעטאָן די היטלען נישט צו בלייבן בגלוי ראש, און בכבודיק אָפּגעוואַרט ביז ער האָט געענדיקט. נאָכער האָט ער גוטמוטיק צוגעגעבן: — „חברה! פון ברכת המזון האָט נאָך קיינער נישט באַקומען קיין בויך ווייטאָק. איך ווייס, אַז ווען איר שעמט זיך נישט איינער פאַרן צווייטן, וואָלט איר מיר נאָכגעטאָן. מילא, זייט געזונט אָן בענטשן. זאָל אייך וווּיל באַקומען. יעדערער טוט זיינס, און גייט אין זיינע דרכים".

די קאַווע האָט דערלאַנגט דער אַראַבישער באַגלייטער. ער האָט עס געטאָן פּאָרכטיק און פאָרזיכטיק, נישט צו פאַרלירן אַ טראָפּעלע. ביים מכבד זיין יעדערן זיין טעפּעלע, האָט ער געווונטשן: — „דיימי", (שטענדיק צו טרינקען). דעם לעצטן טעפּעלע האָט ער אָנגעפילט פאַר זיך, זיך צוגעזעצט

ביים עק טיש, געזופּט, הילכיק, טראָפן נאָך טראָפן. ס׳איז געווען אַ תענוג.

— „ובכן מיינע געסט, איר וועט דאָ נעכטיקן. כ׳וועל אייך איצט נישט אַרויסלאָזן. אַפילו די אייזלען האָבן ניט קיין חשק צו נאַכטיקע שפּאַצירן. מיין ידיד׳ס זון פון גוש חלב, אייער באַגלייטער, האָט נאָך ווייניקער חשק. קוקט אים אָן, — ער זיצט שוין מיט פאַרקלעפּטע אויגן און דוכנט״, — האָט דוד געזאָגט. — „דער דיל איז גענוג גרויס, מאַטעס מיט דעקעס זענען דאָ גענוג. אם ירצה השם, כעלות השחר, וועלן מיר טרינקען אַ גלאָז מילך מיט אַ קאַוועלע און זיך לאָזן צוזאַמען קיין צפת. כ׳ברענג דאָרטן אַ יעדער באַגינען מיינע קאַנען מילך. כ׳האָב שטענדיקע קונים, וואָס נעמען אָפּ וויפל איך ברענג. דאָס מילך איז גוט און באַטעמט. איך נעם נישט אַראָפּ דעם שמאַנט. נשים מיניקות רייסן זיך פאַר דוידס אַ גלאָז מילך״ — — —

מיר האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט גאָרנישט העלפן, ער וועט אונדז נישט אַרויסלאָזן. מיר זענען געווען גערירט און דאַנקבאַר דעם איינזאַמען יידן פאַר זיין הכנסת אורחים און זאָטן כיבוד. ווי אַזוי זאָלן מיר אים אַנטוישן און אַוועק קעגן זיין ווילן?

יענע נאַכט האָבן מיר זייער ווייניק געשלאָפן, אָבער, מיר האָבן נישט געהאַט קיין חרטה. ס׳איז נאָר געווען אַ שאָד, וואָס אונדזער טאַבאַק און ציגאַרעטן האָבן זיך אויסגעלאָזט, און מיר האָבן מיטן רויך נישט געקענט פאַרטרייבן די זלידנע מאָסקיטן, וואָס האָבן אונדז געשטאָכן, געביסן און געזונגען זמירות אין די אויערן. אָבער ס׳איז געווען כדאי. ס׳איז געווען אַ גוטע נאַכט.

דוד האָט אויסגעלאָשן דעם ווינט־לאָמפּ, אויפגעהויבן די נעץ, וואָס האָט פאַרשטעלט די טיר פון שטוב, און צוזאַמען מיטן אַראַבער אויסגעבעט דעם דיל מיט דעקעס און מאַטעס. בעת מעשה, האָבן מיר אין דרויסן אויסגעטאָן די שווערע שיך און זאָקן, און זיך געוואַשן אין קאַלטן וואַסער.

מיר האָבן זיך געלייגט אויף די דעקעס. ס׳איז נישט געווען אַזוי באַ־קוועם, אָבער ווי „גייערס״, זענען מיר געווען געוווינט צו אַלץ, אפילו צו אומפּלייט און מאָסקיטן. דוד האָט זיך געלייגט אויף זיין שטענדיקן געלעגער, אין אַן אייזערנער בעט מיט אַ שטרויענעם אונטערבעט, מיט אַ קישן פון אַ נישט באַשטימטן קאָליר און אַן אַלטער וואָלענער דעקע.

דער אַראַבער האָט זיך געלייגט שלאָפֿן אין דרויסן, אויף דער טעראַסע, ווי ער טוט עס ביי זיך אין דער היים, זומערצייט.

— „די יהוד ווייסן נישט ווי צו געניסן און הנאה האָבן פון די גוטע, פרישע נאַכט לופט”, האָט ער זיך פאַרענטפערט.

ס'איז געווען שפּעט, אַ פולע צעשמייכלטע לבנה איז געהאַנגען אונטער אַ טונקל גראַנאַטענעם סאַמעט, וואָס האָט געפינקלט מיט העלע בריליאַנטן. סאָוועס האָבן געלאַכט און זיך איבערגעפרעגט. שאַקאַלן האָבן געוויינט ווי שטענדיק, דוד'ס קי האָבן ווען זיך נישט ווען זיך אויך געלאָזט הערן מיט אַן אומעטיקן מו. דאָס נעמלעכע די אייזלען, וואָס זענען געווען פריי, נישט צו־געבונדן. זיי האָבן זיך אויסגערוט און אָנגעפרעסן צו זאַט. די זכרים האָבן געלאָזט הערן „סערענאַדעס”, וואָס גאָר זייערע נקבות האָבן פאַרשטאַנען.

די נאַכטיקע קולות אינעם דאָרפישן שטח אין לאַנד ישראל, זענען אונדז נישט געווען פרעמד. מיר האָבן זיי גוט געקענט. ס'האָט זיך געגלוסט, שטיל, אַן ווערטער, פאַרציען דעם ניגון פון „יפים הלילות בכנען”, אַ ניגון וואָס וואָלט זיך האַרמאָנירט מיט אונדזערע געמיטער און שטימונג. מיר האָבן געהערט ווי דוד דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי די בעט קרעכצט.

ווי מיד מיר זענען נישט געווען, האָבן זיך די אויגן נישט געקלעפּט. מיר האָבן געוווסט, אַז דוד שלאָפט נישט, וואָרעם זעלטן, זייער זעלטן נעכ־טיקט ער אין דער מחיצה פון נאָך מענטשן, אין זיין היים און אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט מכניס אורח זיין דורכגייער אויף אַ גאַנצער נאַכט, ווי זשע קען מען אַזוינס פאַרשלאָפן, נישט הערן, נישט פילן ווי לעבע־דיקע מענטשן אָטעמען?

ס'האָט אַ בלינצל געטאָן אַ פלעמל פון אַ שוועבעלע, וואָס דוד האָט אָנגעצונדן צו פאַררויכערן אַ ציגאַר. פאַרן ליכט פון פלעמל האָבן מיר אים געזען זיצן אויפן ראַנד פון בעט אין אַ לייבל, אין לאַנגע ווייסע תחתונים, מיט באָרוועסע פיס און מיט אַ קאַפּעלע אויפן קאָפּ. דאָס פלעמל האָט זיך אויסגעלאָשן, און נאָר אַ רגע האָבן מיר געזען זיין געשטאַלט, וואָס איז פאַר־שווונדן אין געדיכטן חושך פון שטוב. דערפאַר, האָבן מיר אים געהערט. ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין. ס'האָט זיך אים געגלוסט אַ ביסל אַראָפּ־

רעדן פון הארצן, באַקענען זיינע געסט מיט זיין „היסטאָריע", וואָס ער האָט דערציילט אין אַן אייגנאַרטיקן יידישן לשון, דורכגעפלאָכטן מיט העברעיִשע פסוקים און אַראַבישע ווערטלעך.

— „לא, מיינע געסט, כ'בין דאָ נישט עלנט, כ'בין נישט קיין מתבודד, ווי איר שטעלט זיך אוודאי פאָר, לא, לא יאַ נאַס! (מענטשן). כ'בין דאָ גע־בוירן געוואָרן, כ'בין דאָ אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט די עצי הזית און עצי גפן, צוזאַמען מיט די פלחע און עפל בוימער. אַ מאָל האָט דאָ געווימלט אַ לעבן, בחייתי! כ'בין אַ זון פון אַן ערד אַרבעטער, וואָס איז געווען באַ־שעפטיקט ביי דער „אגודת־האלף", וואָס קיינער געדענקט שוין נישט אַזאַ נאָמען. די „אגודת־האלף" האָבן געגרינדעט יידן אין ראָסיי, יידן, וואָס זייערע הערצער און מחשבות זענען געווען אין ארץ הקודש. זיי זענען געווען ציוני־ניסטן בלב ונפש. זיי האָבן געשאַפן געלט און געשיקט דריי פון זיי קיין ארץ ישראל, אויסקוקן דאָס לאַנד און קויפן קרקע אויף קאָלאָניזאַציע. די דריי שליחים זענען געקומען פון אָדעס קיין יפו. פון יפו זיינען זיי געריטן אַ פאָר מעת לעת אויף פרדות און אייזלען ביז זיי זענען געקומען קיין צפת, ווו זיי האָבן פאַררוט און זיך געלאָזט צו דער אַראַבישער „עין זיתון". דאָרטן האָבן זיי געקויפט אָט די ערד, ווו איר געפינט זיך איצט. די ראשונים האָבן פון קיינעם נישט געבעטן און נישט באַקומען די מינדעסטע הילף. זיי האָבן אַלץ געשאַפן אַליין, מיט די אייגענע הענט. מיט ציין און נעגל האָבן זיי אויפגעריסן דעם וויסטן באָדן, זיך געלערנט די מלאכה ביי אַראַבישע פע־לאַכן. זיי האָבן געפלאַנצט וויינשטאָקן צוזאַמען מיט עצי זית, בכונה תחילה, וויסנדיק אַז דער עץ הזית וועט איבערלעבן די וויינשטאָקן און שפּעטער געבן פרוכט זייערע קינדער און קינדס קינדער. בעת פון דער וויסטעניש האָט גענומען ווערן אַ יש, האָבן זיי זיך אַליין נישט געקענט אַן עצה געבן. עס איז געווען איבער זייערע כוחות. דער שטח איז געווען גרויס, די כוחות צו קנאַפּ. וואָס טוט מען? האָט מען זיך געלאָזט קיין צפת זוכן הענט. שטעלט אייך פאָר, אַז דעמאָלט האָבן זיך געפונען יידישע אַרבעטער, וואָס זענען געקומען צו הילף די קאָלאָניסטן פון ראָסיי אין עין זיתון. איינער פון יענע אַרבעטער איז געווען מיין פאָטער, וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט. אַזוי בין איך דאָ געקומען אויף דער ליכטיקער וועלט, און אַלע אַראַבער פון אָרט און

פון אַרום, האָבן אים דערפאַר גענומען רופן: „אַבו דאַוד", דער פאָטער פון דודן.

„אין ארץ ישראל נקנית אלא על ידי יסורים". ווער ווייסט היינט וויפל יסורים ס'האָט דאָ געקאָסט אַ יעדער בוים, יעדער שפּראָץ און פלאַנץ, יעדער פּיצל אויסגעריסן פאַראַקערט פעלד? וואָס ווייסן די הייניקטע קאָלעניסטן דעם טעם פון זיעת אַפּיים? זיי, וואָס טוען אַלץ מיט מאַשינען, און ווייסן נישט ווו ביי אַ פערד וואַקסט דער עק. די מאַשינען האָבן צוגענומען ביים איצטיקן עובד־אדמה די פרייד פון לעבן צוזאַמען מיט דער טבע און בעל־חי אונטער גאָטס הימלען, צו געניסן פונעם תענוג, צו זען ווי פון דיין געזאַלצן שוויים וואַקסן אויס זיסע ווייַנטרויבן, וואָס מען טרעט אויף ווייַן, צו שיקן בכל תפוצות ישראל אויף קידוש? וואָס ווייסן זיי דעם טעם פון אייגענעם ברויט, פון אייגענע מילך און קעז, פון אייגענע פּרוכט און אייגענע האָניק? אייגענע מיין איך, אַליין געאַקערט, געזייט מיט די אייגענע הענט, אַליין גע־שניטן, געדראָשן, געמאָלן און געבאַקן, אַליין געריסן די ערד, אַליין גע־פלאַנצט בוימער, וואָס וואַקסן ווי דיינע אייגענע קינדער — — — אַליין געהאָדעוועט בהמות מיט עופות, זיך פאַרנומען מיט זיי פון דער מוטער־לעכער טראַכט ארויס. היינט איז דער קאָלעניסט אַ גאַנצער פאַבריקענט, וואָס פאַרגינט נישט די הון צו בריען אירע אייגענע אייער, וואָס רייסט ביי די קי אַרויס ס'מילך פונעם אייטער מיט אַ מאַשין, און דאָס מיאוסטע: — מזריע זיין לעבעדיקע באַשעפענישן מיט טריפענעם, פרעמדן זרע, וואָס זיי ברענגען אין פלעשלעך. זיי זענען מזריע בהמות און עופות. טפו זאָלן זיי ווערן!

— רשעים, וואָס נעמען אַוועק פונעם בעל חי די גאָב פון גאָט, די פרייד פון בריאה, יצירה, דעם המשך פון לעבן...

היינט לויפט מען גאָר ווי שדים אויף דזשיפּן, וואָס פאַרשטינקען די לופט מיט רויך און געברענטע נעפט. אַ דאָרפישן קינד וועט מען בקרוב פירן ערגעץ אין אַ מוזייאום, ווייזן אַ לעבעדיקן רייט־פערד, אַך — אך — אַך — — — וואָס ווייסן זיי דעם טעם פון רייטן אויף אַן אייגן געהאָדעוועטן פערד, און גאַלאָפּירן איבער בערג און טאָלן? פון וואַנען זאָלן זיי פילן די מתיקות פון דאַוונען שחרית, באַגינען, אין דער פרישער לופט, ביים נאָכגיין

דעם אייזל מיט די קאַנען מילך, אונטערוועגס אין שטאָט? מילך? — סמע־טענע, מחיה נפשות, לאָגלען מיט געזונט — — —

בקרוב וועלן מענטשן פאַרגעסן ווי צו גיין. אַלע לויפן ווי משוגעים אויף אויטאָמאָבילן, ווי דאָ וואָלט שוין זיין אַמייריקאַ, ווו מען גייט מער נישט צו פוס אַפילו משתין זיין...

דאָס לאַנד ישראל איז געגוג קליין, קומען זיי מיט זייער רכב, וואָס פאַרשלינגען אַלע מרחקים, און מאַכן פון דעם לאַנד גאָרנישט.

מיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן האָבן געריטן פון צפת קיין יפו עטלעכע מעת לעת. פאַר זיי איז ארץ ישראל געווען גרויס, רחבותדיק, אַ מרחב־יה. היינט דויערט דער זעלבער וועג 3 שעה. מען פאַרגינט זיך שוין נישט צו זען דאָס לאַנד, מיט איר פראַכט, אַפילו די 3 שעה — מען פליט שוין מיט יעראָפּלאַנען פון מחניים אין צפון, ביז אילת אין סאַמען דרום, נישט מער ווי אַנדערטהאַלבן שעה... אַלץ איילט זיך, ביז דורס צו זיין לעבע־דיקע מענטשן. אַלץ פיבערט, ס'ברענט ביי זיי! כ'בין חלילה נישט קיין אַנטיסעמיט פון דער טעכניקע, וואָס גיט דעם מענטשן אויך גוטס, ווי די לעקטרע, די וואַסער רערן, די טראַקטאָרן. אָבער, אין סך הכל קרענקט מען עס אויס, ווייל די אָפּגעשפּאָרטע צייט פאַרברענט מען אויף הולטאַיסטווע, — די יעראָפּלאַנען אויף וואַרפן באָמבעס, און די מאַשינען אויף — — — פאַר־ניכטונג און מלחמות. נאָך די אַלע נסים און גליקן פון דער טעכניקע, זענען די אָרעמע ווייטער געבליבן אָרעם, און די גבירים ווערן רייכער. דאָס איז אַ קנופּ, וואָס מיין מח פּרובירט אויפבינדן, און צום סוף פאַרפּלאָנטערט זיך ביי מיר אַלץ מער ווי פריער. אָבער איין פאַקט איז נישט אָפּצופרעגן: אַ מאָל האָבן מענטשן געלעבט רויִקער און גליקלעכער ווי היינט.

יאָ, אַ מאָל, גאָר אַ מאָל, זענען דאָ אין די בערג געזעסן יידן, די עמי הארץ, די יידישע ערד־אַרבעטער. דער צווייטער נשיא פון מדינת ישראל, ר' יצחק בן צבי ז"ל, האָט באַוויזן, אַז די יידן פון פקיעין זענען קיין מאָל נישט געווען אין גלות. אַנדערע ברענגען ראיות, אַז נאָך מיט עטלעכע דורות צוריק, האָבן יידן געלעבט אין כפר ענן, אין ביריה וכדומה. צוריקגעשמועסט, וואָס דאַרפן מיר זיך גריבלען אין דער היסטאָריע? — אָט דאָ אין עין זיתים, האָבן יידן געלעבט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה און געמוזט אַנטלויפן.

זענען געקומען די ענגלענדער, האָבן די יידן זיך צוריקגעקערט און באַנייט דעם ישוב ביז די אומרו׳קע צייטן פון תרפ״ט—1929. דעמאָלט האָבן דאָ געלעבט אַ פּאָר צענדליק יידישע משפּחות, ואני בתוכם. מען האָט געאַרבעט שווער, אָבער געלעבט גוט און וווּיל פון אייגענער פּראַצע. איז געקומען דער חודש אב תרפ״ט, ווען רציחות, שרפות, שוד וגזל האָבן פאַרפּלייצט דאָס לאַנד, האָבן מיר ווידער געמוזט אַלץ מפקיר זיין, און אַנטלויפן מיטן איינציקן העמד אויפן לייב. אונדזער האָב און גוטס האָט מען אַוועקגערויבט. די שומרים, וואָס זענען געבליבן היטן דעם ישוב, האָט מען פאַרפּייניקט צום טויט, די הייזער פאַרברענט, און די זעלבע עין זיתים אָפּגעמעקט פון דער ערד. דריי יאָר שפּעטער, האָבן מיר, עטלעכע מענטשן, זיך צוריקגעקערט אין אונדזער חרובער היים און אַלץ אָנגעהויבן פון ס׳ניי. דאָס מאָל האָבן אונדז געהאָלפן אונדזערע קרובים מיט די ציוניסטן און עין זיתים איז אויפגע־שטאַנען תחית המתים. אַלץ האָט ווידער געבליט, צוריק אויפגעלעבט, אַזוי, ביז 1936, ווען מיר האָבן ווידער געמוזט אַנטלויפן מיטן איינציקן העמד אויפן לייב; אַ שליח פון דער הגנה, פון צפת, איז געקומען צו לויפן מבוהל־דיק און געפאָדערט תיכף ומיד צו פאַרלאָזן דעם אָרט, „די אַראַבישע דער־פער אַרום קלייבן זיך היינט ביינאַכט אייך פאַרלענדן. זיי זענען טויזנטער. איר זענט בסך הכל אַ פּאָר צענדליק משפּחות. מיר קענען אייך נישט העלפן, מיר זענען ווייניקע, מיר קענען נישט מפקיר זיין די יידן פון צפת. יידן! אידער ס׳וועט קומען הילף פון ווייט, — אַנטלויפט, ראַטעוועט אייערע לעבנס״. אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? זענען מיר ווידער געלאָפן מיט דער כונה, גאָר בקרוב זיך צוריקצוקערן. אָבער עין זיתים איז געבליבן וויסט און ליידיק גאַנצע 12 יאָר, ביז 1948, ווען די אָדלער פון פּלמ״ח האָבן אויסגעבעזימט אַלע באַנדיטן פון דער געגנט, באַפרייט די באַלאַגערטע צפת און פאַרטריבן אַלע רוצחים, ביזן לעצטן, אויף אייביק.

אָט האָט איר לעבעדיקע היסטאָריע. הלמאי זיך גריבלען אינעם עבר, מיט הונדערטער יאָרן צוריק, צו באַווייזן, אַז דאָ האָבן געלעבט יידן און מען האָט זיי פאַרטריבן, — — — אָט האָט איר דעם היינט, דעם לעצטן צענדליק יאָר, — אַך־אַך־אַך —

אָני הקטן האָב נישט געהאַט קיין כח אַזוי לאַנג צו בטלענען אין צפת.

כ׳האָב געפילט, אַז אָן דער ערד פון עין זיתים וועל איך לאַנג נישט קענען ציען, כ׳וועל פאַרדאַרן, פאַרוועלקן און אויסגיין ווי אַ פיש אָן וואַסער. כ׳האָב קיינעם נישט געפרעגט, און זיך צוריקגעקערט איינער אַליין אין מיין היים, נאָך אין יאָר 1940, נאָך דריי מאָל חורבן. כ׳בין צוריקגעקומען צו מיין פאַר־וואָרלאָזטע ערד, צו מיינע שטיקלעך פעלד, צו מיין אויסגעטריקנטן וויינ־גאָרטן, צו מיין חרובער שטוב. אַלץ איז געלעגן ווי דערטרונקען אין אַ ים פון ווילדע דערנער, קוצים ודרדר. 7—8 יאָר צייט בין איך דאָ געזעסן איינער אַליין. אַלץ אָנגעהויבן פון ס׳ניי. כ׳האָב מצליח געווען. אמת, כ׳האָב נישט געהאַט קיין ברירה און זיך אויסגעהאָלפן מיט געדונגענע אַראַבישע פעלאַכן, — ביז ס׳האָט ווידער געקומען דונערן. דאָס מאָל אַ מלחמה אויף לעבן און טויט, אויף קיום אָדער אומקום. דאָס איז געווען אונדזער מלחמה, אונדזער באַפרייאונגס־קריג, וואָס מיר האָבן נישט געקענט אויסמיידן, און — — — כ׳בין ווידער אַנטלאָפן אין דער זעלביקער, פאַרליטענער צפת, ווידער אַנ־טלאָפן נאָר מיטן העמד אויפן לייב. אַלץ איבערגעלאָזן אויף הפקר... אָבער אויף נישט לאַנג.

צען טעג פאַרן באַפרייען צפת, דעם ערשטן מאַי 1948 — תש״ח, איז מיין עין זיתים צוריק געלעגן אין יידישע הענט, אין די הענט פונעם פלמ״ח. כ׳האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן פון שמחה. כ׳האָב געטאַנצט אין גאַס. די צפאַסער האָבן געמיינט, אַז כ׳בין אַראָפּ פון זינען. זיי האָבן מיר געוואָלט פאַרשפּאַרן אין אַ דול־הויז. אָבער די פרייד מיטן אימפעט האָבן מיר צוריק־געבראַכט אין מיין היים און — — — כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן אַלץ פון ס׳ניי. כ׳האָב אויך זוכה געווען צו זען אַ קבוצה אַרויפגיין אויפן פאַרוואָר־לאָזטן באָדן. די קבוצה האָט באַקומען אין איר רשות אַ פיינעם שטח פון מער ווי 3000 דונאָם לאַנד.

דאָס זענען געווען די „מגינים״, וואָס האָבן פאַרביטן זייער נאָמען אויף „קיבוץ עין זיתים״. זיי זענען געווען ווילע, טייערע בחורים מיט מיידלעך, וואָס האָבן זיך גוט געהאַלטן און בייגעשטאַנען אַלע שוועריקייטן און סכנות. אָבער זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן אָן וואַסער, וואָס זיי פלעגן פריער ברענ־גען אין פעסער פון אַלע ווייטע און נאָענטע קוואַלן אין דער געגנט. אַזוינס איז געווען איבער זייערע קרעפטן. זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן און אַוועק.

איך בין ווידער געבליבן אַליין, אָט ווי איר זעט מיר דאָ. ניין, כ׳בין נישט אַליין! חלילה! כ׳בין מיט מיין ווירטשאַפט מיט מיין היים, מיט מיינע בוימער און שטיקער פעלד, מיט מיינע וויינשטאָקן און זיתים, וואָס מיין פאָטער ז״ל האָט געפלאַנצט און מיט מיינע בעלי־חי. כ׳בין אַ טייל פון עין זיתים, — אַ לעבעדיקער טייל. אָבער די טבע קען מען נישט איבערמאַכן, די שכנים רופן מיר שוין „יאַ־כטיאַר", אַלטער מאַן — — — אַז מען ווערט אַלט, ווערן די טעג קורץ, און די נעכט לאַנג. אין די נעכט טראַכט מען אַ סך. ס׳עגבערט מיר אַ פראַגע: — ווער וועט דאָ קומען ממשיך זיין? ווער וועט דאָס אַלץ איבערנעמען, בעת ס׳וועט קומען די שעה זיך צו באַהעפטן מיט דער ערד, וואָס כ׳האָב באַאַרבעט און באַפרוכפּערט מיט אַלע מיינע קרעפטן מיין גאַנצן לעבן, ווער?

כ׳האָב נישט קיין יורשים. מיין ווייב ז״ל איז געשטאָרבן ביים ערשטן קימפּעט צוזאַמען מיטן קינד. כ׳האָב געזוכט אַ טרייסט אין שווערער פּראַצע, ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צו לעבן אַליין, אַזוי ווי איר זעט מיר. מיין צייט איז שטענדיק אויסגעפילט.

ס׳קרייען שוין די הענער. אַ קנאַפּע שעה שפּעטער וועט אויפגיין די זון, וועט איר זען ווי שיין דאָ איז. איר׳ט זען די פּראַכט פון גליל, איר׳ט זען דעם טוי, וואָס דרינגט אַריין אין יעדער פּאָר פון יעדער בוים און גראָז, אין יעדער שפּראָץ, אין יעדער זאַנג און פלאַנץ, דער טוי, — דער סם־החיים, וואָס באַלעבט דאָס אַלץ, וואָס דאָ גרינט, בליט און וואַקסט, אַזוי לאַנג, ביז די רעגנס קומען, ביז דער ווינט פאַרצערט אים. אַך־אַך, — אַך־אַך" — — —

אַ גרויער באַגינען האָט גענומען אַריינקוקן הינטער דער נעץ, וואָס האָט פאַרשטעלט די אָפענע טיר פונעם צימער, ווו מיר זענען געלעגן. טויבן האָבן גענומען וואָרקען אונטער די הילצערנע קאַרניזן פונעם דאַך. ס׳האָט זיך גענומען רודערן אינעם הינער־שטייג. הענער האָבן געקרייט. דער הונט, וואָס איז געלעגן ביי דער טיר, האָט גענומען גענעצן אויפן קול. אונדזער באַגלייטער, דער אייזל־טרייבער איז געלעגן אויף אַ באַנק, אויף דער טע־ראַסע, איבערגעדעקט איבערן קאָפּ מיט אַן אַלטער דעקע און האָט געכראָ־פּעט. מיר האָבן מער נישט געהערט דודס רייד, די מידקייט האָט אונדז איבערוועלטיקט. מיר זענען איינגעשלאָפן.

בעת מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין די זון געשטאַנען איבער די בערג. ס׳האָט געשמעקט מיט פריש פאַרבריטע קאַווע, וואָס דער אייזל־טרייבער האָט צוגעגרייט.

בעת מיר זענען אַרויס אין דרויסן, האָבן מיר געפונען פולע קאַנען מילך, פאַרמאַכטע און אַרומגעבונדענע מיט ווייסע שטיקער לייוונט. דוד האָט געשפּאַנט זיין אַלטן מויל־אייזל אין אַ וועגל אויף צוויי רעדער. די שלאָפ־לאָזע נאַכט איז נישט געווען צו דערקענען אויף זיין געזיכט.

— „בוקר טוב״, האָט ער אונדז באַגריסט. — „מיר׳ן טרינקען אַ קאַ־ווע און זיך לאָזן אין וועג. די צייט שטייט נישט״.

מיר האָבן זיך אַרומגעוואַשן מיט קאַלטן וואַסער. מיר האָבן זיך אויס־געצאָלט מיט אונדזער באַגלייטער, מיטן אייזל־טרייבער, וואָס האָט זיך געזעגנט מיט אונדז און מיט דודן, מיט אַלע אָנגענומענע ברכות און דאַנקען. ער האָט צונויפגעבונדן די אייזלען אין אַ קאַראַוואַן, און איז פאַרשוווּנדן באַרג אַרויף.

מיר האָבן געהאָלפן דודן אָנלאָדן זיין וועגל. דוד האָט אָפּגעבונדן דעם הונט און אים געלאָזן פריי לויפן אין הויף. ער האָט אַרויסגעלאָזן די קי פון שטאַל אין אַן אַרומגעצוימטן הויף, ווו ס׳האָט זיך געפונען וואַסער און בערגלעך היי. מיר זענען אַלע אַרויס פון יענער זייט הויף. דוד האָט זיך אַרומגעקוקט, צי ער האָט עפּעס נישט פאַרגעסן, און צוגעבונדן מיט אַ קייטל די טיר פון טויערל, עפּעס אַ זאָג געטאָן צו מויל־אייזל, אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג, און מיר האָבן זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ צום כביש. דודס מויל־אייזל האָט מען נישט געדאַרפט אָנטרייבן, אָדער קערעווען מיט לייצעס. ער האָט געקענט דעם וועג, און איז אַליין געגאַנגען פאָרויס מיט אַ דריבנעם גאַנגעלע. דער וועגל איז געפאָרן פאָרויס. מיר זענען נאָכגעגאַנגען פון הינטן. דוד איז געגאַנגען פון דער זייט און זיך אָנגעהאַלטן אָנעם וועגל. די גאַנצע שטיק וועג פון זיין היים ביזן כביש, האָט ער נישט פאַרלוירן קיין איינציק וואָרט, חוץ „שלום״, בעת מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אים. מיר האָבן אים באַדאַנקט און געפרעגט, אפשר נייטיקט ער זיך אין עפּעס פון שטאָט. דוכט זיך, אַז אונדזער פראַגע האָט אים אַ ביסל פּוגע געווען, ווייל ער האָט אונדז בייזלעך אָנגעקוקט און אָפּגעהאַקט געענטפערט: — „דוד פאַרקויפט נישט

די מינדסטע מצוה, אַ פּשיטא, די מצוה פון הכנסת אורחים".

ס'האָט זיך געוואָלט אים אַרומנעמען, צודריקן צו זיך און זאָגן עפּעס גוטס, נאָר מיר האָבן זיך נישט באַוויזן אומצוקוקן, ווי ער האָט ווידער עפּעס אַ זאָג געטאָן צום מויל־איזל, אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג און זיך גיך געלאָזט זיין וועג. מיר האָבן אים לאַנג נאָכגעקוקט, ווי ער גייט באַרג אַרויף, זיך אָנהאַלטנדיק אָנעם וועגל, ביז ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט און איז פאַרשוונדן.

חיפה, 21.6.64

# שהחיינו

נחומקע אַבראַמסאָן איז געניזוקט געוואָרן בעת די אומרוען אין 29־סטן יאָר. אַ שפּליטער פון אַ פּרימיטיווער באָמבע האָט אים געטראָפן אין רוקן־זייל. צו זיין מזל, איז דער שפּליטער געבליבן שטעקן אין אַ רינג און נישט באַרירט דעם רוקן־מאַרך. ווי ער פלעגט שפּעטער דערציילן, האָט דאָס נאַרישע שטיקל אייזן, גרויס ווי אַ צאָן, „איבערגעדרייט זיין גאַנצן לעבן". לויט דער עצה פונעם כירורג, האָט ער געמוזט אויפגעבן זיין פאַך, ווי אַ באַלאַטן־לייגער, און זוכן אַ לייכטערע אַרבעט, וואָס פאָדערט זיך נישט צו בויגן און צופיל זיך אָנשטרענגען. וואָלט נחומקע געווען אַ גרעסערער ידען אין די שוואַרצע „פינטעלעך", ווי ער איז געווען, וואָלט מען אים דעמאָלט זיכער באַזאָרגט מיט אַ פּקידישער מלאכה ערגעץ אין אַ בירא, ווי מען האָט באַזאָרגט אַנדערע „הגנה"־אינוואַלידן. בלית־ברירה, האָט ער געמוזט זיך באַנוגענען מיט אַ קיאָסק צו פאַרקויפן ציגאַרעטן, גזוז, און זיסוואַרג. דער קיאָסק האָט זיך געפונען אין אַ „גוטן פונקט", ווו עס שניידן זיך דורך עט־לעכע גאַסן און דער פאַרקער פון פוסגייער איז גרויס. עס איז געווען נישט צו פאַרזינדיקן. ברוך השם, פרנסה האָט נישט געפעלט. דערצו נאָך, איז אין דער נאָענט געווען אַ פאָלקס שול, און ביי יעדער הפסקה פלעגן די שול־קינדער באַלאַגערן דעם קיאָסק און קויפן זיסוואַרג, זעמל, בלייערס און אַנדערע זאַכן.

מיט דער צייט האָט נחומקע אָפּגעשפּאָרט אַ מטבע, פאַרקויפט דעם קיאָסק, און פאַרן געלט געדונגען אַ קראָם, און בזיל־הזול געקויפט אַ קליין הייזל מיט אַ פיצל קרקע אויפן „רויטן כרמל".

לכתחילה איז נחומקען גאָרנישט ניחא געווען דער קרעמערשער פאַך. ער האָט זיך געשעמט מיטן נייעם מעמד. וואָרעם נישט כדי צו ווערן אַ קרע־

מערל, איז ער עולה געווען אין ארץ ישראל אין 25־סטן יאָר. ער איז געקומען ווי אַ חלוץ, באַהויכט מיט התלהבות, צו ווערן אַן ערד־אַרבעטער, אַ יגיע־כפּיימניק, זיך אָנצושליסן אָן אַ קיבוץ און פאַרנעמען זיך מיט בנין הארץ בפועל ממש. אָבער זיין לעבן האָט זיך אַ ביסל אויסגעקערעוועט אָן אַ זייט.

אין חיפה, ווו ער איז אַראָפּ פון שיף, האָט ער זיך באַגעגנט מיט לאַנדס־לייט, וואָס האָבן אים מקדים געווען מיט זייער עליה, און שוין די ערשטע וואָך האָט ער זיך צוגעטוליעט צו אַן אַרבעטס־פּלאַץ, ביים בויען אַ בנין, כדי צו פאַרדינען די ערשטע פּאָר פּיאַסטער און „טועם צו זיין די געזאַלצנ־קייט פון אייגענעם שווייס", ווי ס'פּאַסט זיך פאַר אַ חלוץ. וואָס עס איז שייך „קיבוץ", וועט דער קיבוץ נישט אַנטלויפן. אַדרבה, נאָך דעם ווי ס'וועלן זיך פאַרהאַרטעווען די הענט פון פיזישער אַרבעט, וועט ער זיך אָנשליסן אָן אַ קיבוץ ווי אַ „פאַרטיקער" פּראָלעטאַריער, נישט ווי אַ „גרינער" מיט הענט פון „וואַטע".

די טענה האָט זיך געלייגט אויפן שכל. נאָר דערווייל, וואָס ווען, האָט זיך אַריינגעמישט כאַנטשע, אַ מיידל, וואָס האָט געאַרבעט ביי „משק־בית" (הויז־ווירטשאַפט). ביידע האָבן זיך ליב באַקומען, חתונה געהאַט, געדונגען אַ צימער אין אַן אַראַביש געסל, און ווי לצים האָבן געקיבעצט, „געבאָרן אַ זיבעלע", זעקס חדשים נאָך דער חתונה. אַזוי זענען אַוועק צוויי יאָר צייט, און דער ווילן צו גיין אין קיבוץ, איז געבליבן נאָר אין דער מחשבה. דעם אמת געזאָגט, נישט צוליב זיין שולד, נאָר צוליב כאַנטשעס לאָגישע טענות:

— „וואָס? איצט מיט אַן עופהלע וועלן מיר גיין אין קיבוץ? זאָל דאָס קינד אונטערוואַקסן. מיר'ן באַוויזן. דער קיבוץ וועט נישט אַנטלויפן. און צוריקגעשמועסט, וואָס איז דאָ דער פּגם צו בלייבן אַן אַרבעטער אין שטאָט? מיט וואָס איז פּסול אַ בוי־אַרבעטער? ווער וועט בויען שטעט אין ארץ־ישראל, אויב אַלע וועלן גיין אין קיבוץ? וואָס ברענט דאָ"?

ווי אירע רייד זאָלן זיך ניט האָבן געלייגט אויפן שכל, איז נחומקע נישט געווען שוה־בשוה מיט זיך אַליין, באַזונדערס, ווען ער פלעגט זיך טרעפן מיט זיינע פריערדיקע חברים פון „החלוץ", פון חוץ לארץ, וואָס זענען, באַלד פון שיף, אַוועק, ווער קיין תל יוסף, ווער קיין מרחביה, און

ווער אין דעם וויטן כפר גלעדי. ער האָט זיך געפילט, ווי ער וואָלט בוגד געווען אין זיך אַליין, אין זיין אידעאַל זיך צו פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט, וואָס דאָס איז דער עיקר פאַר אַ חלוץ, אַן אידעאַליסט.

בכדי צו פאַרגיטיקן די „בגידה", איז ער געוואָרן אַקטיוו אינעם שטאָ־טישן אַרבעטער־לעבן, אין הסתדרות, אין בוי־פאַראיין, און אין זיין פּאַרטיי. ווי אַלע אַקטיוויסטן פון יענער צייט, האָט ער זיך אויך אָנגעשלאָסן אָן דער „הגנה", דורכגעמאַכט אַלע נייטיקע איבונגען, און אין אָנגעשפּאַנטע צייטן געגאַנגען אויף שמירות. דעם געדאַנק צו גיין אין קיבוץ האָט ער ניט אויפ־געגעבן. זיין יונגע ווייב האָט אים גוט פאַרשטאַנען, און קיינמאָל נישט אָפּגערעדט. אדרבה, זי פלעגט אים העלפן חלומען „בקול רם". אַפילו בעת זייער אינטימן זיך אויסלעבן, ווען זיי פלעגן זיין מיט זיך אַליין אין דער קליינער, געמיטלעכער היים, ביים באָדן דעם „זיבעלע", וואָס פלעגטביידן פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן, פלעגט זי נישט אויפהערן צו טענהען, — „עט, נחומקע, דיין תכשיט וועט נאָכגיין אָן אַקער אייזן, געשפּאַנט מיט צוויי מויל־אייזלען. דו וועסט אים נאָכגיין מיט אַ פולן פאַרטעך קערנער און שיטן זשמעניעס זריעה אין די אויפגעריסענע תלמים"... און אַז דאָס קינד פלעגט נעמען לאַכן פון גרויס תענוג אין דעם וואַרעמען וואַסער, בעת ביידע צוזאַ־מען פלעגן אים וואַשן, פלעגט נחום צעגיין פון נחת און פאַרגעסן עולם ומלואו, אַלץ מיט אַלעמען אַרום און אַרום...

אין חודש אב 1929, בעת ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן, ווי אַ חבר פון „הגנה", ביים באַשיצן יענעם ווינקל גאַס, ווו ער האָט געוווינט, האָט ער שוין געהאַט צוויי זין, מחיה־נפשות.

דערווייל זענען די קיבוצים געוואַקסן אין טאָל פון יזרעאל, אין שומרון און שרון, אין יהודה און גליל. זיי זענען געוואַקסן נישט וואַרטנדיק אויף נחומקען מיט זיין יונגער משפחה. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו וואַרטן, און די איינציקע פאַרבינדונג צווישן זיי איז געווען די גרינצייג, די אייער און מילכוואַרג, וואָס נחומקע פלעגט ברענגען פון גאַס אין דער היים. קיבוצישע פּרוכט, איז נאָך דעמאָלט כמעט ווי נישט געווען צו זען אויף שטאָטישע אַרבעטער־טישן, חוץ אַ „באַנאַנעלע", וואָס דאָקטוירים פלעגן הייסן געבן די קינדער. די דאָקטוירים פלעגן אויך רעקאָמענדירן צו גע־

ברויכן גרינע איילבערטן, וואָס זענען וויכטיק פאַרן מענטשלעכן אָרגאַניזם. — „פאַרגעסט נישט חברים", — פלעגן זיי טענהן בעת זייערע שמועסן מיט מוטערס, — אַז „אַכט איילבערטן האָבן דעם זעלבן דעם שפּייז, זענען ווערט ווי אַן איי. עסט איילבערטן, גיט די קינדער באַנאַנעס, וועט איר זיין געזונט און קרעפטיק". אין יענע יאָרן איז אַ באַנאַנע געווען אַ צו טייער מאכל פאַר אַ דערוואַקסענעם אַרבעטס־מענטשן. עס זענען געווען אַנדערע ביליקערע פרוכטן, זומער — וויינטרויבן, אַרבוזן, מעלאָנען און אַ גאַנץ ווינטער — מאַראַנצן — 15־20 שטיק פאַר איין פּיאַסטער...

אַזוי ווי נחומקע האָט נישט אויסגעלאָזן די מינדעסטע געלעגנהייט צו דערמאָנען דעם קיבוץ, צו ריידן פון קיבוץ, צו טענהן, אַז זיין לעבן אין שטאָט איז נאָר ווי אַ פּרוזדור צום קיבוץ, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן, „נחומקע־קיבוצניק". מיט דער צייט האָט מען פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ מאָל געהייסן אַבראַמסאָן.

★

בעת די נאָוועמבער־אומרועז אין יאָר 1933, איז שוין נחומקע געווען אַ פאָטער פון דריי קינדער. אין דער משפחה איז צוגעקומען אַ מיידעלע, — דאָס „שענסטע און קליגסטע קינד" אין ארץ ישראל. ס'האָט זיך געמאַכט, אַז זיין שטרעבונג צו גיין אין קיבוץ, האָט זיך דערנענטערט צו פאַרווירקלעכט ווערן, מחמת אַ צרה: זיין קראָם האָט זיך געפונען אין אַ ראַנד גאַס, אויפן גרענעץ צווישן אַ יידישן און אַן אַראַבישן קוואַרטאַל. בעת זיין ווייב האָט געבאָדן די זעקס־חדשימדיקע בת־יחידה, און ער איז געשטאַנען און גע־קוואָלן פון קינד, איז זיין קראָם אַוועק מיט פייער. געהעצטע אַראַבישע יונג־וואַרג האָבן אויפגעבראָכן די טיר, און גענומען אויסליידיקן די פּאָליצעס. בעת מעשה האָט זיך אַריינגעמישט דער אַלטער אַראַבישער הויז־אייגנטימער, וואָס איז אַרויס מיט אַ שטעקן צו פאַרטרייבן די יונגע רויבער. דער אַלטער איז געווען אַ קריסט מיט „פאַרצייטיקע השגות". ער האָט גאָרנישט געהאַט צו זיין יידישן שכן, כאַוואַדזשאַ נחום, וואָס האָט אים געצאָלט צו דער צייט דירה געלט, פאַרבעטן אויף אַ גלעזל אַראַק און יעדער פסח מכבד געווען מיט אַ פעקל מצה און אַ פלאַש וויין. וואָס האָט אים כאַוואַדזשאַ נחום שלעכטס געטאָן? אומגעקערט, אין אַן עת צרה, בעת ער, אָדער זיין ווייב פלעגן פאַר־

שלאָפּט ווערן, פלעגט אים נחומקע ברענגען איינגעמאַכטס, פּילן, און שיקן אַ יידישן דאָקטער. אַ מאָל פלעגט אים זיין יידישער שכן אויסהעלפן מיט אַ גמילות חסד, און בעת דער אַלטער פלעגט זיך צוריקקערן פון אַ משפחה־באַזוך אין בירות, פלעגט ער נישט פאַרגעסן ברענגען פאַר נחומקעס קינדער, אַ קעסטעלע „באַקלאַוואַ״, — ווונדערבאַרע קיכל, געפילטע מיט מאַנדלען, און געפּרעגלטע אין האָניק. ווי אַזוי קען ער, דער אַלטער, דער בכבודיקער הויז־אייגנטימער צוזען, ווי צעווילדעוועטע „שבאַב״, גאַסן יונגען, אויסווורפן, רויבן אויס די קראָם פון זיין גוטן שכן?

— „שעמט זיך אַראַבישע זין, רויבן אין מיטן טאָג. שעמט זיך „שבאַב״!

— האָט ער געשריען.

— „דו ביסט אַ „סהיוני״ (ציוניסט), דו ביסט אַ נאַסרי (קריסט)״ — האָט מען אים געענטפערט.

וואָס גייט אים אָן וואָס זיין שכן איז, אַ סהיוני צי אַ טערק? ווי אַזוי זענען זיי, די הינטלעך, מעיז פנים, אים פאַרצוּוואַרפן? ער מישט זיך נישט אין „סיאסי״ (פּאָליטיק). ער האָט קיין מאָל נישט געזען קיין שלעכטס ביי זיינע יידישע שכנים. ער איז געווען זאַט מיט די אומרוען און שפיכת־דמים פון 29־סטן יאָר, נאָך דעם ווי די אינגליז האָבן צום סוף אַראָפּגעלאָזן זייער שווערע פויסט אויף די יידן מיט די אַראַבער צוזאַמען...

די שבאַב זענען נישט נתפעל געוואָרן פון זיינע מוסר רייד. זיי האָבן אים מבזה געווען, אויסגעחוזקט, ווי „אַן אַלטן יידישן משרת״, וואָס „פאַר־קויפט זיך פאַר געלט צו די יידישע שונאים״. „ער טראָגט אַ תרבוש, אָבער ער איז אַ קריסט, אַ פאַלשער אַראַבער. יאָ שבאַב, גיט אים זיין חלק״, — האָט געשריען דער ראש המדברים פון דער כנופיה, אַ זונדל פון זיינעם אַ גוט באַקאַנטן אַראַבישן תבואה־סוחר.

— „אודרוב יאָ שבאַב״! דערלאַנגט אים ווי ער פאַרדינט, דעם יידישן משרת — — — האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ און אַראָפּגעוואָרפן און צעטראָטן דעם שיינעם תרבוש, וואָס ער האָט ערשט נעכטן געלאָזט פוצן און פּרעסן. זיי האָבן אים צעבלוטיקט און פאַרטריבן מיט אַ יללה און פייפעריי.

די כוליגאַנעס האָבן אָנגעפילט פולע זעק סחורה. צעשמעטערט וואָס

עס האָט זיך געלאָזן, אויפגעמאַכט די שפּונטן פון די פעסער שמן און נעפט און נאָך דעם אַלץ אונטערגעצונדן און פאַרשוווּנדן.

די פּאָליציי האָט זיך נישט באַוויזן, די „הגנה" בחורים זענען בעת מעשה געווען פאַרנומען מיט באַוואַכן מער לעבנסוויכטיקע פּונקטן, ווי עט־לעכע צעוואָרפענע יידישע קלייטן אויף אַ גרענעץ גאַס, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי אַ רויִקע, מחמת זי איז געווען באַפעלקערט מיט מער קריסטן, ווי מוסלמענער.

נאָכן 29־סטן יאָר, האָבן, בדרך כלל, די יידישע תושבים פאַרלאָזן יענע גאַסן. געבליבן זענען דאָרט געציילטע יידישע קלייטן, בתוכם נחומקעס. אַזוי איז ער בין לילה רויִנירט געוואָרן. ער האָט מיט ביטערניש פאַרגעוואָרפן זיין ווייב, אַז ווען נישט זי וואָלטן זיי איצט געלעבט און געאַרבעט אין אַ קיבוץ, און וואָלטן נישט געדאַרפט איבערלעבן די עינויים פון חודש אב, 1929, ווען דאָס שטיקל אייזן האָט אים געטראָפן אין רוקן, וואָס האָט אים געטריבן צו קלאָגעדיקער קרעמעריי.

כאַנטשע האָט גוט געוווּסט ווו זיינע רייד צילן, האָט זי אים געענטפערט מיט שטילע טרערן, נישט צו דערווידערן מיט אַ וואָרט.

זיכער האָבן אים די „מוסדות" נישט געלאָזט אויפן וואַסער. זיי האָבן אים געהאָלפן מיט אַ ביסל מזומן, מיט אַ לאַנגטערמיניקע הלואה, צו דינגען אַ נייע קלייט אין אַ יידישער גאַס, אויפן „הדר". אַזוי, אַז די מחשבה וועגן קיבוץ, וואָס האָט ווידער אויפגעבליצט, איז פאַרשווּנדן אויף גאַנצע צוואַ־נצק יאָר צייט, ביז מיר האָבן דערלעבט פייערן דעם פינפטן יאָרטאָג פון מדינת ישראל.

נחומקעס ביידע בנים, זענען אַרויס בשלום פון אַלע פּגעים פון דער צעשטורעמטער צייט. זיי זענען געבליבן געזונט און שטאַרק. דער עלטערער איז געווען אין פּלמ"ח, דער יינגערער אין צבא הגנה לישראל. אין די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה און שפּעטער — פונעם געראַנגל מיט די ענגלענדער און דעם באַפרייונגס־קריג, איז נחומקע געווען נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע יידישע קרעמער אין לאַנד פון ישראל, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט, געקרעכצט, פאַרדינט אַ שיינע מטבע און פאַראיבעריקט באַנק־ביכלעך מיט פיינע פּקדונות...

נחומקע האָט געהאַט שווערע ויכוחים מיט זיין ווייב, וואָס האָט אים שטענדיק געבונדן די צונג און געהייסן שווייגן, בעיקר אויף די פאַרזאַמ־לונגען פון קרעמער־פאַראיין, וואָס זענען, בדרך כלל, געווען שטורמישע. די היציקע קרעמער האָבן געשריען: — „גוואַלט! די רעגירונג רויִנירט אונדז, מיר מוזן עפּעס טאָן, מיר טאָרן נישט שווייגן, פאַר וועמען פינצטערן מיר, — פאַר די פּקידים״?

איין מאָל, בעת אַזאַ פייערדיקן ויכוח, האָט נחומקעס געוויסן רעוואָל־טירט. ער האָט פאַרגעסן זיין ווייבס עצות און גענומען אַ וואָרט. — „זינדיקט נישט! הלואי זאָלן מיר לייזן אַזוי פיל, און פאַרדינען אַזוי פיל, אַז מיר זאָלן דאַרפן פאַרדאָפּלען און פאַרדרייפאַכן אונדזערע שטייערן. ס׳איז דאָך אונדזער יידישע מדינה״. דער עולם איז געוואָרן געפּלעפט, וואָרעם צווישן זיי האָבן זיך געפונען נאָך מענטשן ווי נחומקע, וואָס פלעגן זיך אַ ביסל ראַנגלען מיטן געוויסן. דאָס זענען געווען געוועזענע אַרבעטער, געוועזענע חלוצים און פאַרטיי־מענטשן, וואָס וואָלטן דערשיטערט געוואָרן בעת זייער עליה, ווען זיי ווייסן, אַז זיי וועלן אַ מאָל זיין קרעמער — — — צווישן זיי זענען אויך געווען פריערדיקע „הגנה״־מענטשן, און עלטערן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע זין בעת דער באַפרייונגס קריג.

דער ראש־המדברים, דער סוחר משה כרמלי, וואָס האָט גוט געקענט זיינע מענטשן, האָט אַ זעץ געטאָן אין טיש און אַ געשריי געטאָן: — „שווייג נחומקע־קיבוצניק! דיין קאָפּ איז צעדרייט, ווי דיינע רייד. מען באַרויבט אונדז און דו זוכסט אַ זכות אויף די מוכסים, זיי זאָלן קענען לעבן אַ משו־גענעם טאָג פון אונדזער פּראַצע״!

נחומקע האָט זיך צוריקגעזעצט אַ פאַרשעמטער. ער האָט זיך דערפילט פאַראיינזאַמט. בעת אַלע האָבן זיך צוריק אויפגערודערט און איבערגעשריען איינער דעם צווייטן, האָט נחומקען אַ בליץ געטאָן אין געדאַנק — — — דער קיבוץ. „ווען ער וואָלט געלעבט אין אַ קיבוץ, ווען ער וואָלט געלעבט אין אַ קיבוץ״... אָבער ער האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט: — אפשר איז זיין ווייב פאַרט גערעכט? ווי קומט ער איצט, אין זיין מעמד, צו טראַכטן פון אַ קיבוץ? אָט איז ער שוין צוויי מאָל צעבראָכן געוואָרן און צוריק אויפגעריכט געוואָרן. ברוך השם, די שטאָט האָט אים נישט געלאָזט פאַלן; ער האָט אויפ־

געשטעלט אַ היים, אַ משפּחה און האָט אַ גוטע טרייע ווייב. ער האָט גוטע ווױלע קינדער, וואָס זענען דורך בשלום די שווערע צייטן, און אין שראַנק ליגט באַהאַלטן אַ שליסל צו אַ סייף מיט אַ באַנק־ביכל, נישט צו פאַרזינדיקן. אָבער, וואָס זאָל ער טאָן, אַז דער „קיבוץ" קריכט אים קיין מאָל נישט אַרויס פון קאָפּ?

אמת, זיין ווייבס טענות לייגן זיך אויפן שכל: — דער קיבוץ איז ביי אים געוואָרן אַ „מאַניע". אָבער אָט די מאַניע בלייבט פאַר אים אַן אינטים־אינערלעכער אָנהאַלט און טרייסט. ווי זאָגן די רעדנער? — „אַ וויזיע"! זאָל זיין אַ וויזיע, אַבי נישט קיין ליידיקייט, וואָס צען באַנק־ביכלעך קענען נישט אויספילן.

אַזוי טראַכט נחומקע: — „זאָל זיין אַן איינרעדעניש, אַבי נישט קיין פּוסטקייט".



כאָטש נחומקע האָט געהאַט נחת פון אַלע דריי קינדער, זענען אין דעם פּרט אויך געווען ויכוחים צווישן אים און זיין ווייב, בעיקר וועגן עלטסטן זון נאַטי, פאַרצויגן פונעם נאָמען נתן, אַ נאָמען נאָך זיין זיידן, ר' נתן דער דיין, וואָס איז געשטאָרבן ווי אַ קדוש אין אַ פּויליש־גאַליציש שטעטל, וואָס איז פאַגראָמירט געוואָרן פון פּוילישע זעלנער — „האַלערטשיקעס". באַלד נאָך פּוילנס אויפקום, האָבן „באַפרייער" פון פּוילן זיך אַריינגעריסן אין בית דין שטיבל, ווו דער זיידע, ר' נתן זצ"ל, איז געזעסן איינגעהילט אין טלית ביים פרימאָרגנדיקן דף גמרא. זיי האָבן זיך פריער איזדזעקעוועט איבער אים, אויסגעריסן זיין שיינע ווייסע באָרד, צעבראָכן דעם אַלטן בית דין טיש מיט די בענקלעך, אָנגעמאַכט אַ חורבן צווישן די שווערע בענד גמרות און ספרים און גענומען רייסן דעם ארון קודש. אין דער רגע זענען אָנגעקומען אַ פּאָר אָפיצירן און פאַרטריבן די אוניפאָרמירטע באַנדיטן. אַחוץ דעם דיינס גרויסע האָרן־שקעטל שמעק־טאַבאַק, האָבן זיי מיט זיך גאָרנישט מיטגענומען. דאָס שקעטל פון אַלטן פאַן־ראַבין, האָט שפּעטער געפונען אין גאַס, ר' נתנס אַ קריסטלעכער שכן, וואָס האָט עס צוריקגע־קערט זיין פאָטער, בעת ער איז געזעסן שבעה. דער דיין ר' נתן האָט אויס־געהויכט זיין גוטע נשמה אַ טאָג נאָכן אָנפאַל, און איז באַגלייט געוואָרן צו

זיין אייביקער רו, פון דעם גאַנצן שטעטל יידן און אויך נישט וויניק קריסטן, וואָס האָבן פאַראורטיילט די באַנדיטן. די קריסטן האָבן געטענהט אַז די „האַלערטשיקעס" זענען „פּאָזניאַקעס", דייטשישע ממזירים, נישט קיין פּאָ־ליאַקן. אמתע פּאָליאַקן וואָלטן אַזוינס קיין מאָל נישט געטאָן.

דאָס איז געשען אין אָנפאַנג פון דער באַנייטער פּוילישער מדינה.

יאָ, נחומקע האָט זיך באַזונדערס געגרויסט און שטאָלצירט מיט זיין בכור, נאַטי. זיין אשה, איז נישט געווען צופרידן מיטן גאַנצן גאַנג פונעם בכור, וואָס האָט „געצויגן אָן אַ זייט", שוין פון זיין פריסטער יוגנט. ער האָט נישט געוואָלט ממשיך זיין זיין לערנען אין „תיכון" (גימנאַזיע) און נאָך היימישע וויכוחים, איז ער אַוועק מיט אַ יוגנטלעכן קרייז אויף „הכשרה" אין אַ קיבוץ, ערגעץ אין עמק יזרעאל, זיכער נישט אָן דער שטילער הסכמה פון אַבאַ נחומקע, וואָס פלעגט זאָגן זיין אָנגעברוגזטער ווייב, אַז „נאַטי איז נישט נאָר בשר מבשרי, אלא אויך — חלק מרוחי ונפשי. מ'דאַרף דעם בחור נישט שטערן. דאָ איז נישט פּוילן. ס'איז אַ כבוד און אַ נחת צו זען דעם זון אויף „הכשרה".

— „וואָס פּאַסט דיר נישט, כאַנטשע, וואָס? — די בעסטע זין פון די שענסטע עלטערן זענען אַוועק מיט אים: ברוך, דעם דאָקטערס זון, איזי דעם אַפּטייקערס, בערעלע דעם הורטאָווניקס, אפילו שושנה, די געצערטלטע בת יחידה פונעם מחנך, ווו נאַטי האָט געלערנט, איז אויך אַוועק אויף דער „הכשרה". וואָס זינדיקסטו" ?

— „דער שגעון לאָזט דיר נישט אָפּ, נחומקע. דער קיבוץ־שמיבוץ ליגט דיר אין בלוט. אַזאַ גוטער קאָפּ ווי נאַטי, קען ווערן אַן אינזשינער, אַ דאָק־טאָר, און דו לאָזט אים ווערן אַ פּאַסטעך, אַ מיסט־ראַמער", — האָט דאָס ווייב געברומט.

נחומקעס ווילן האָט זיך געפּאָרט מיט דער השפעה פונעם מחנך פון „בית החינוך", צוזאַמען מיט דער יוגנטלעכער וואַרעמקייט און געדעמפּטער התלהבות פון דער „תנועה", ווו נאַטי פלעגט זיך אויסלעבן יעדער פרייע רגע. אַזוי איז ער אַוועק פון דער היים מיט נאָך הונדערטער יוגנטלעכע ווי ער, פריער אויף הכשרה, נאָך דעם אין אַ קיבוץ, און מלחמה צייט, — אין פּלמ"ח.

די מאַמע האָט געציטערט, געוויינט אין די נעכט, אַ צייט אויפגעהערט רעדן מיט נחומקען. ס׳האָט נישט געהאָלפן: — נאַטי איז אַוועק זיין וועג.

דער צווייטער זון איז געווען נאָענטער צו דער מוטער. ער האָט שוין באַזוכט אַ גרונט־שולע נישט פונעם „בית חינוך״־שניט. ער האָט געלערנט אין אַ „תיכון״. דער צווייטער זון האָט געהייסן חיימקע, אַ נאָמען נאָך כאַנ־טשעס פאָטער חיים, — אַ „מענטש״ אין אַ מיל, וואָס איז אומגעקומען אין פוילן, בעת דעם יידישן חורבן, אין די פערציקער יאָרן. אין גימנאַזיע, האָט זיך חיימקע אָנגעשלאָסן אָן די „צופים״, וואָס האָבן נישט אַזוי שטאַרק געלייגט דעם דגש אויפן קיבוץ. אין די לעצטע צוויי שול־יאָרן, האָט ער פאַרנאַכלעסיקט די סקאַוטישע פרייד, און די לאַגער־אויספלוגן. ער האָט פאַרענדיקט זיין מיטל־בילדונג און אָנגעקומען אין פאָליטעכניקום, וואָס ער האָט פיר יאָר שפּעטער פאַרענדיקט, ווי אַ בוי־אינזשינער.

נאָכן דערפילן זיין פליכט אין צה״ל, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ גוט־געשטעלטן בוי־אונטערנעמער און, מיט דער הילף פון שווער, אַריין „אין די פעדערן״. נאַטירלעך האָט נחומקע פון אים אויך אָנ־געקוואָלן, נאָר צווישןביידן איז געווען אַ פאַרבאָרגענע דיסטאַנץ. חיימקע איז געווען נאָענטער צו דער מוטער, ווי צו אים. כאָטש חיימקע האָט זיך גוט פאַרטראָגן מיטן ברודער, דעם קיבוצניק און פלמ״חניק, האָט ער אים בסתר לב גרינגגעשעצט. ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ בטלן, פאַרכאַפּט פון „פאַנטאַזיעס״, ווי דער פאָטער. ווי אַ רעאַליסט, האָט חיימקע זיך נישט באַמיט אַ טראַכט צו טאָן וועגן זיין פאָטערס אינערלעכן לעבן. אין אַ שמועס מיט זיין שווער, מיטן קבלן אדון ווייס, האָט ער געטענהט אַז ער האָט ליב זיין פאָטער, נאָר ער איז נישט קיין שלימותדיקער מענטש: — „אַליין אַ גוט געשטעלטער קרעמער, מיט אַ פיינעם קניפּל אין באַנק, אַחוץ כלערליי אָפּגעשפּאָרטע ווערט־פּאַפּירן, הערט ער נישט אויף צו רעדן און טראַכטן פון קיבוץ און שטאָלצירט נישט מיט אים, דעם יונגן אינזשינער, נאָר מיט זיין מושנהדיקן ברודער, נאַטי, וואָס פאָרעט זיך איצט מיט פרוכט־בוימער, און פאַשעט שאָף מיט רינדער״.

ווידער, שושנה, די מיזינקע, האָט זיך אויסגעלעבט ווייט פון דעם היי־מישן וועלטל, ווייט פון די עלטערן.

כאָטש זי איז געווען אַ געשטאַלטיקע, אַ הויכע, איז זי נישט געווען קיין איבעריקע פאַרשוין. זי האָט קוים דורכגעשטופּט זעקס קלאַסן „תיכון״. כסדר איז זי געווען פאַרכלינעט מיט לייכט־איליוסטרירטע פּרויען־זשורנאַלן, מיט ביכלעך, — „בעסט סעלערס״. זי האָט געחלומט צו ווערן אַ טעאַטער־אָדער קינאָ־סטאַר. צוליב דעם האָט זי געוואָלט לערנען מוזיק. די מוטער האָט אַרויסגעקראָגן פון נחומקען אַ מטבע צו קויפן אַ פּיאַנע און אָנדינגען אַ לערערין. אירע מוזיקאַלישע איבונגען, פלעגן אָפּט אַרויספירן נחומקען פון די כלים.

— „כ׳זאָל עס האָבן אַ רגע מנוחה ביי זיך אין דער היים, אַ מיידל זאָל נישט אויפהערן צימבלען אויפן פאָרטעפּיאַן, וואָס זי האָט אַזוי ליב ווי איך, אלא די מאָדע, די מאָדע און די נאַרישע גדלות״ — פלעגט נחומקע טענהן, נישט צו דער טאָכטער, נאָר צו כאַנטשען, וואָס האָט געוווּסט, ווו און ווען צו שווייגן און פאַרשווייגן.

כאַנטשע איז די לעצטע צייט גאָרנישט געווען מיט אַלעמען. זי האָט געליטן פון אינערלעכע ווייטאָגן, זי איז געגאַנגען פון איין דאָקטער צום צווייטן, פאַרשלונגען קעסטלעך פּילן און פלעשלעך רפואות. נחומקע האָט מיט זאָרג באַמערקט, אַז זי טריקנט און גייט אָפּט צוריק דאָס עסן.

נחומקע מיט כאַנטשען האָבן דערלעבט חתונה צו מאַכן די טאָכטער. זיי האָבן באַהאַלטן דעם עגמת נפש, הלמאי די ייִנגסטע פון די קינדער גייט צו דער חופּה, בעת דער בכור, אין קיבוץ, מיידט אויס אויפצושטעלן אַ משפחה.

„מיין משפחה״ — האָט ער איין מאָל געזאָגט דער מוטער, — „מיין משפחה, איז לעת עתה דער קיבוץ. ס׳ברענט נישט״.

די טאָכטער האָט זיך באַקענט מיט איר באַשערטן אין דער היים פון איר ייִנגערן ברודער. אַזאַ היים איז געווען איר אידעאַל. דער באַשערטער איז געווען אַ טאַטנס אַ זון, וואָס האָט זיך געריסן צו שטודירן עלעקטראָניק, אַ פאַך, וואָס זאָגט אַ סך צו. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן פּאָליטעכניקום פון חיפה, ער האָט זיך געריסן קיין אויסלאַנד, ווי די אַנדערע זין פון די ניי־אויפגעקומענע גבירים אין ישראל.

בעתן צונויפטרעף פון די מחותנים, האָט מען זיך דעררעדט, אַז באַלד

נאָכן האַניק־חודש, פאַרט דאָס יונגע פּאָר פּאָלק קיין איטאַליען. ער וועט שטודירן עלעקטראָניק. — זי מוזיק... ביידנס עלטערן וועלן אויסהאַלטן דאָס יונגע פּאָר פּאָלק, „גלייך אויף גלייך". ביים געזעגענען זיך אויפן לודער פלי־פעלד, האָט די טאָכטער נישט געטראַכט, אַז זי זעט די מוטער צום לעצטן מאָל, זי איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט די באַגלייטער, מיט די בלומען און נישט אַריינגעקוקט אין דער מוטערס אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס האָבן פאַרטרערטע אויסגעזען, ווי פאַרנעפּלט גלאָז.

אַ פאַראומערטע, האָט איר נחומקע געהאַלטן אונטערן אָרעם. ביידע האָבן זיך דאָרטן געפילט ווי פרעמדע מחותנים. דער אַעראָפּלאַן האָט אויפגעהויבן אַ טומל, געמאַכט אַ פּאָר הקפות, זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און גיך פאַרשוווּנדן טיף אין האָריזאָנט. דער ייִנגערער זון האָט זיי צוריקגעפירט אַהיים. זיי האָבן זיך ביידע געטוליעט, אַרומגענומען, נישט געפונען איינער פאַרן צווייטן די ערשטע פּאַסיקע ווערטער, אין דער אויסגעליידיקטער נעסט. די נעסט איז שוין געווען אַזוי גוט ווי חרוב.

*

נאָך דער טאָכטערס אַוועקגיין פון דער היים, איז כאַנטשע געוואָרן אַפּאַטיש. זי האָט נישט פאַר וועמען צו זאָרגן, פאַר וועמען זיך צו מיען. נחומקע האָט פון איר קיין מאָל גאָרנישט געפאָדערט. אירע כוחות האָבן זיך גענומען אויסלאָזן, ביז זי האָט מער נישט געקענט אַראָפּ פון בעט. איצט האָט נחומקע גענומען זאָרגן פאַר איר, איר באַדינט, ווי מען באַדינט אַ קינד. זיין קראָם האָט ער אָנפאַרטרויט אַ נאָענטן קרוב. עס איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען, חוץ זיין קראַנקע כאַנטשע, וואָס האָט געצאַנקט. נחומקע איז געווען צעטומלט און דערשיטערט, ביז זי איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער שטיל, ווי ס׳לעשט זיך אויס אַ ליכט.

שכנים האָבן אים געפונען זיצן פאַרגליווערט ביים בעט, האַלטנדיק צוגעדריקט די טויטע האַנט פון זיין לעבנסבאַגלייטערין, מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט דריי מיט אַ האַלבן צענדליק יאָר, אין פריידן און ליידן.

אַ שכן האָט באַלד געבראַכט חיימען, וואָס האָט זיך נישט באַהערשט און פאַרנאַנדערגעוויינט אויפן קול, נישט צו וויסן איבער וועמען, צו איבער דער אויסגעלאָשענער פרוי, מיט דער טיפער רויִקייט פון טויט אויפן פנים,

אָדער איבער דעם צוזאַמענגעבראָכענעם מאַן, מיט די אָפּענע, פאַרשטאַרטע אויגן, אויפן ווילד באַוואַקסענעם פּנים. אפשר איבערביידן צוזאַמען. אין דער דערשיטערנדער רגע, איז ער נישט געווען מסוגל צו טראַכטן, אַז דאָס זענען זיינע עלטערן...

די שינויים אויףביידע פּנימער, זענען געווען אַזוי שאַרף, אַז ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס זענען דער מאַן מיט דער פרוי, וואָס האָבן אים געבוירן, געהאָדעוועט, געצערטלט, און געלערנט. — „זאָל דאָס דאָזיקע ווייס טויט פּנים זיין פון זיין מוטער״? „און דער צעבראָכענער, איינגעבויגענער, באַוואַקסענער ייד, זאָל דאָס זיין זיין פאָטער״?

די גוטע שכנים האָבן אים געלאָזט זיך אָפּלאָדן און אויסגיסן פון דער נשמה דאָס וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן. דערוויילע זענען געקומען זיין יונג ווייב מיט אירע עלטערן, וואָס האָבן דעם פאָטער מיטן זון אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער, און געבעטן די שכנים, זיך צו באַמיען טאָן דאָס ערשטע וואָס מען טוט אין אַזעלכע פאַלן. עס איז געקומען אַ דאָקטער, וואָס איז צו צום בעט, מעכאַניש אויפגעהויבן די לעפלען פון די אויסגעלאָשענע אויגן, נאָך דעם אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזן אַ טויטע האַנט. עס זענען געקומען אַ פּאָר יידן מיט בערד, אָנגעצונדן ליכט, און עפּעס געמורמלט אויף גיך. מען האָט אַראָפּגעלאָזן איבער העלפּט די שטאָרן, און איבערגעדעקט דעם שפּיגל מיט אַ טישטעך. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי ס׳איז געקומען אַ שוואַרצער אויטאָ מיט נאָך עטלעכע מענער און פרויען. די פרויען האָבן כאַנטשען איינגעהילט אינעם ליילעך פון איר בעט, און פאַרבונדן די עקן.

דאָס ערשטע, וואָס חיים האָט געבעטן, באַלד ווי ער איז געקומען צו זיך, תכף אַרויסרופן פון קיבוץ דעם ברודער, נאַטי, ער זאָל באַווייזן צו דער לויה. פון דער טאָכטער האָט בעת מעשה קיינער נישט געטראַכט.

✶

דער וואָס איז געשטאָרבן, איז געשטאָרבן, פאַרגאַנגען, אַוועק. דער וואָס לעבט, לעבט. דער לעבעדיקער איז זיך מתגבר איבער זיך אַליין און גייט צוריק אַריין אין שפּאַן. נחומקע האָט קיין מאָל נישט געטראַכט, אַז זיין כאַנטשע וועט אַוועק, פריער פאַר אים — — — ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַוועק דער ערשטער. ער איז געווען עלטער פון איר. אַלע יאָרן

איז ער געווען דער שוואַכער, מיטן קראַנקן רוקן, איינגעשפּאַנט אין אַ קאַר־סעט, בעת זי איז געווען די שטאַרקערע, די מוטיקע, פול מיט אונטער־נעמונגס לוסט, מיט זאָרג פאַר אים און די קינדער.

די לעצטע פאַר יאָר, האָט ער פאַרשטאַרקט זיין זאָרג פאַרן באַנק־ביכל. ער האָט זיך מתכון געווען נישט פאַר זיך, נישט פאַר די קינדער, נאָר פאַר איר, זי זאָל חלילה נישט בלייבן אויפן וואַסער, אויסגעשטעלט אויף הילף פון די קינדער.

בעת ער פלעגט אין אינטימע שמועסן מיטן וויב, מרמז זיין אויף זיינע כוונות און זאָרגן, פלעגט זי אים שאַרף איבערהאַקן: — „טראַכט נישט און רעד נישט קיין נאַרישקייטן, מירצעשעם, מיר האָבן נאָך געגוג צייט ביז 75. טראַכט שוין בעסער פון דיין שגעון, פון קיבוץ, איידער פון אַזעטיקע שטור־תים״, (ער דערמאָנט זיך, ווי זי פלעגט שטענדיק געברויכן דאָס וואָרט, „אַזעטיקע״, אַנשטאָט „אַזעלכע״).

אָט איז געשען דאָס וואָס איז געשען. ער לעבט און זי איז נישטאָ. איצט טראַכט ער נאָר, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער קראָם. דאָס געלט וועט אים קלעקן אויף עטלעכע יאָר צייט. פאַר די קינדער דאַרף ער נישט זאָרגן. זיי זענען ברוך־השם פאַרזאָרגט.

ביז נאָך די שלושים איז ער געווען ביי חיימען. אָבער ס׳איז אים דאָרטן נישט געווען צום האַרצן. ס׳האָט אים געריסן צוריק אַהיים. דער זון האָט געזאָרגט צו ברענגען די היים אין אָרדענונג, איידער דער פאָטער וועט זיך צוריקקערן. ער האָט אַפילו געזאָרגט צו דינגען אַן עלטערע פרוי, וואָס זאָל אָפּהיטן דעם פאָטערס ווירטשאַפט, און אים צוגרייטן דאָס עסן.

נחומקע האָט זיך צוריקגעקערט אין זיין ליידיקער היים. ער האָט זיך לכתחילה נישט געפונען קיין אָרט. פלעגט ער זיצן אין דער היים, פלעגט זיך אים ווילן אַוועק אין דרויסן, איז ער געווען אין דרויסן, האָט אים געצויגן צוריק אַהיים.

נאָטי האָט אים פאַרשאָטן מיט בריוו, ער זאָל זיך אַריבערקלייבן צו אים. קודם כל זאָל דער אַבא קומען צו אים צו גאַסט, און אַלץ זען מיט זיינע אייגענע אויגן. ער גלויבט, אַז דעם אַבאַ וועט דער אָרט געפעלן ווערן צו־זאַמען מיט די מענטשן. ס׳וועט אים זיין צום האַרצן.

זענען אַוועק וואָכן מיט חדשים, ביז אין זיין מח איז צוריק אָפּערגעשווומען זיין יאָרן־לאַנגע שטרעבונג, צו לעבן אין אַ קיבוץ. ער פלעגט די מחשבה פּרובירן פאַרטרייבן. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז מיט דעם, איז ער בוגד כאַנטשעס זכרון. זי האָט דאָך קיין מאָל נישט געוואָלט גיין אין אַ קיבוץ — — —

נחומקע האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו קומען צו גאַסט אין קיבוץ, און אַז ער איז נישט געקומען, איז דער זון געקומען צו אים און מיטגעבראַכט „מכל טוב״, פאַרן אַבאַ.

— „פון אונדזער משק, אַבא״, — פלעגט ער זאָגן מיט שטאָלץ. „אונדזער פּראָדוקציע, אַבאַ״. דער זון פלעגט בלייבן נעכטיקן. ס׳איז געווען סוף זומער, פלעגן ביידע זיצן אין גערטנדל ביים הויז, אונטער אַ בוים, און שמועסן, נישט ווי אַ פאָטער מיט אַ זון, נאָר ווי צוויי חברים, ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד, אויסצומיידן ריידן פון דער מוטער, מחמת איינער האָט נישט געוואָלט מצער זיין דעם צווייטן. זיי האָבן דעם צער געטראָגן אין זיך, יעדערער פאַר זיך.

בעת דער זון פלעגט זיין ביי אים, פלעגט ער דערפילן, ווי די היים ווערט צוריק פול, און אַז דער זון פלעגט זיך צוריקקערן, איז די היים נאָך ליידיקער געוואָרן. אַזוי איז אַוועק זייער ערשטער אבלותדיקער יאָר.

די צייט איז נישט קיין קליינער רופא. די צייט פאַרציט מיט הויט אָפענע ווונדן, לינדערט צער און לייד. נחומקע האָט אויפגעהערט מורא צו האָבן צו טראַכטן פונעם קיבוץ. אומגעקערט, וואָס ער האָט מער געטראַכט, אַלץ צייטיקער איז געוואָרן דער געדאַנק, אַז פאַר אים, איז איצט בעסער ווי דער קיבוץ, נישטאָ.

נאָכן ערשטן יאָרצייט, האָט אים נאָטי צניעותדיק דערציילט אין אַ בריוו, אַז ער האָט אַ חברטע, וואָס הייסט דאָרקאָ — דבורהלע. ביידע האָבן זיך זייער ליב, און ער האָט שוין געבעטן אין מזכירות, מען זאָל אים געבן אַ צימער, פאַר אים מיט זיין חברטע צוזאַמען. מחמת אבלות, האָט ער מיט דאָרקען באַשלאָסן, צו נעמען חופה וקדושין אָן אַ „נשף״, אָן האַרמידער. ער וויל נאָר, אַז דער אַבאַ מיטן ברודער, מיט דער שוועגערין, זאָלן קומען צו דער חופה.

נחומקע איז געוואָרן צעחושט. — „כאַנטשע האָט עס נישט דערלעבט״. אָבער ס׳איז אים געוואָרן געמיטלעכער: — „נאַטי אויך! אין אַ מזלדיקער שעה, נאַטי אויך״!

אין אַ גוטער שטימונג, האָט ער די ידיעה געבראַכט חיימען. חיים איז נישט געווען אַזוי צערודערט ווי ער. חיים האָט אים רויִק געענטפערט: — „אַבאַ, מזל טוב, וואָסטו געמיינט, נאַטי וועט נישט חתונה האָבן״?

*

18 חדשים נאָך כאַנטשעס טויט, האָט נחומקע פאַרענדיקט אַלע זיינע שטאָטישע עסקים. ער האָט פאַרקויפט די קראָם, אָפּגעשריבן די שטוב פאַר ביידע קינדער אין שטאָט, פאַר חיימקען מיט שושנהן. זיי איבערגעלאָזט זיינע ווערט פאַפּירן, צוזאַמען מיטן שליסל פון סייף. פאַר זיך מיט נאַטין האָט ער איבערגעלאָזט נאָר דעם באַנק ביכל. נאַטי האָט גאָרנישט פאַרלאַנגט פון פאָטערס פאַרמעגן. — „כ׳בין געגוג רייך, אַבאַ״, — האָט ער געטענהט. „כ׳האָב אַ קיבוץ. דער קיבוץ איז מיין היים און משפחה. כ׳האָב דבורהלען, וואָס איז מער ווערט פון אַלע אייערע שטאָטישע אוצרות״...

— „ביסט גערעכט מיין זון״, — האָט נחומקע געענטפערט, „אָבער דו קענסט נישט שטערן דיין טאַטן צו געבן דעם קיבוץ געלט, אויסצובויען פאַר מיר אַ צימער. נאָך הונדערט און צוואַנציק וועט דער קיבוץ טאָן מיטן צימער וואָס ער וועט וועלן. אויב דער קיבוץ איז דיין היים און דיין משפחה, געהער איך דאָך אויך צו דער משפחה, פאַר וואָס זאָל מיין קליינער צושטייער נישט זיין אָנגענומען״?

אויף דעם איז נאַטי איינגעגאַנגען. ער האָט זיך דערמאָנט אַן אַלטן שפרוך: — „רצונו — כבודו״.

אין אַ שיינעם טאָג, איז צו נחומקעס טויערל צוגעפאָרן אַ קיבוצישער לאַסט־אויטאָ. פון קאַבינקע זענען פלינק אַרויסגעשפּרונגען נאַטי מיט זיין „חברטע״, מיטצונעמען דעם אַבאַ אין זיין נייער היים, ווייט אין די בערג, אין אַ קיבוץ, אויפן סאַמן דאַך פון אויבערשטן גליל.

נאַטיס „חברטע״, האָט מיטגעבראַכט אַ בונט רויזן מיט גלאַדיאָלעס, איבערצולאָזן אויפן קבר פון נאַטיס אמא צוזאַמען מיטן „שלום״.

*

אַ שפּראָץ אויף טאָג, האָט נחומקע מיט די קינדער זיך געלאָזט אין זיין נייער היים, אין קיבוץ. נחומקע, נאַטי און דאַרקאַ, האָבן זיך צונויפ־געדריקט אין דער קאַבינקע פונעם אויטאָ און זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ, פון רויטן כרמל, צום עמק זבולון, ווו עס שניידט זיך דער וועג דורך עכו — צפת, צום אויבערשטן גליל. אויפן ראַנד פון רויטן כרמל, ווו דער וועג נעמט זיך שלייפן באַרג אַראָפּ, האָט נחומקע געבעטן דעם זון אַ ווײַלע פאַרהאַלטן די מאַשין, כדי נאָך אַ מאָל איינזאַפּן אין זיך די מראה פון דער שטאָט און געגנט, ווו ער האָט פאַרבראַכט קנאַפּע פערציק יאָר צייט. נאַטי האָט גע־ברעמזט. די מאַשין האָט אַ ציטער געטאָן און געבליבן שטיין. נחומקע איז אַרויס אין דרויסן און מיט זיינע בליקן אַרומגענומען די ווונדערלעכע פּאַנאָראַמע פונעם באַרג־אַראָפּ, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן ים און מיט די באַגינענדיקע בערג אַרום, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין אַ דין־דינינקן, בלווילעכן נעפּל. די שטאָט האָט זיך געשפּרייט צו מערב זייט אין אַ ריזיקער מאָזאַיִק פון הייזער, דורכגעשניטן מיט גאַסן און געסלעך. פון וויטן האָט געגליט אַ גאָלדענער קופּאָל, וואָס האָט באַשירעמט אַ הייליקן קבר פון אַ פּערסישן נביא, אַ קבר, וואָס האָט זיך געבאָדן אין גרינס, בוימער און בלומען. אין האַפן האָבן געזונגען שיפן, וואָס האָבן געררויכערט קטורת צום הימל, לכבוד דעם נייעם טאָג. קראַנען האָבן געקרעכצט, אַרויפגעצויגן און אַראָפּגעלאָזן פּראַכטן, קאַסטנס, זעק, מיט פּעק. יידישע בחורים האָבן געקרייזט אין קליינע אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן זיך געאיבט, דזשאָנגלירט און געשוועבט אין דער לופט, ווי אומרויִקע אָדלער מיט שטייפע פליגל. פון מזרח זייט איז געלעגן דער עמק זבולון, איינגעראַמט אין קייטן־בערג, אָנ־געהויבן פון מפרץ, ביז די ווייטע רוקנס פון די הרי נצרת. ווי די שיפן, אַזוי האָבן דאָ צענדליקע פאַבריק־קוימענס געררויכערט קטורת, וואָס האָבן זיך געפלאָכטן אין לאַנגע, צעצויגענע פאַסן, ביז זיך צונויפצוגיסן אין וואָל־קנדלעך. נחומקע האָט פּרובירט אַרומנעמען דעם באַנד פונעם קישון, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען ביים מערבדיקן ים־ברעג צווישן די הויכע קוימענס פון די עלעקטרישע ווערק, פון אייל קאָמבינאַט און שיפס ווערף מיט זיינע וויס־רויטע ריזן קראַנען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי העלדזער פון זשיראַפעס. ער האָט אַ פיר געטאָן זיינע אויגן פון מערב צו מזרח, ביז די גלאָז הוטעס,

ביז די אייזן און גומי ווערק, ביזן רחבותדיקן שטח פון די נעפט ראַפי־נעריעס, ווו צווישן אַ וואַלד קוימענס און טורעמס עס האָט הויך געפלאַקערט אַ פלאַם פון אַזאַ „נר־תמיד", וואָס האָט זיך קיין מאָל נישט אויסגע־לאָשן — — — זיינע אויגן זענען געגאַנגען ווייטער צו די ישובים, אַרייג־געשטאַנצט אין די בערג, איבער די שפיגלען פון די פיש באַסיינען פון רמת יוחנן, און צוריק צו די פעטראָכימישע ווערק, צו דער פאָספאַטן אינדוסטרי, ביז דעם עמוד־הענן פונעם רויך און שטויב, פון די צעמענט ווערק, „נשר", וואָס האָבן געשאַפן אַ נייעם ווייסן הימל־געוועב, געשפינט ווי פון וואַטע — — —

אַז נחומקע האָט זיך געזעטיקט מיט דער מראה, אַלץ איינצוזאַפן אין זיך, האָט ער זיך אויסגעדרייט, און דערזען שטיין הינטער זיך, נאַטין מיט דאָרקען, פאַרגאַפטע, מיט אָפענע אויגן און מיילער, פול מיט התפעלות.

— „זע אַבא, כ'האָב זיך דאָ אויפגעהאָדעוועט און קיין מאָל נישט באַ־וויזן צו זען אַזאַ פראַכט, אַזאַ מראה, אַזאַ רחבות" — האָט נאַטי שטיל גע־זאָגט, ווי צו זיך אַליין.

דער אויטאָ איז פאַרבייגעפלויגן די מויערן פון עכו, מיט די שפּיציקע, פאַרריסענע מינאַרעטן, זיך אַריינגעשניטן אין די בערג, פאַרבייגעלאָפן וועלדלעך פון עצי זית, נאָך ווייטער, ביז די ווייס־געקאַלכטע קופּאָלן פון דער ישיבה אין מירון, ביז ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט, מיטן גע־שלענגלטן כביש, אויפן הר כנען,ביים טויער פון צפת, און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט, באַרג אַראָפּ, קיין ראש פינה, ווו זיי האָבן געפרישטיקט און אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון פלי־פעלד, פון מחניים.

נאָך אַ קורצן אָפּרו, ביי אַ גלאָז הייסן טיי, און נאָכן באַזאָרגן זיך מיט ברען־שטאָף, האָט מען זיך געלאָזט ווייטער, דורכצושניידן די נייע שטאָט קרית שמונה, זיך נישט אָפּצושטעלן, ביז תל־חי.

„תל־חי"! אָט איז תל־חי, אָט זעט מען דעם לייב, דעם ריזן־לייב פון גראַניט, וואָס באַוואַכט די קברים פון די גבורי תל־חי, וואָס זייער געביין איז דאָ איינגעזאַמלט אין שורות קברים. יעדער קבר — אַ קאַפּיטל געשיכטע. נחומקע האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך, ווי פאַר זיינע קינדער, וואָס זענען

געזעסן צונויפגעדריקט מיט אים אין דער קאַבינקע און האָבן געשוויגן, נישט צו שטערן דעם אַבאַ אין זיינע מחשבות. ער איז דאָ נאָך קיין מאָל נישט געווען, נאָך 40 יאָר לעבן אין ארץ ישראל. קיין מאָל נישט געהאַט קיין צייט, קיין מאָל זיך נישט פאַרגונען אַוועקצוגיין אויף עטלעכע טעג פון דער היים. — ער, נחום אַבראַמסאָן, דער געוועזענער חלוץ, דער געוועזענער „הגנה" מענטש, ער זעט ערשט איצט צום ערשטן מאָל תל־חי. ער זעט דעם לייב מיט זיין קאָפּ און טשופּרינע פון גראַניט. ער שעמט זיך צו בעטן דעם זון פאַרקערעווען צום הייליקן אָרט. ער שעמט זיך. זיצט ער און שווייגט... ער טוט זיך אָן אַ כח אָפּצוּווענדן זיינע געדאַנקען צום נעכטיקן באַזוך אויפן גוטן אָרט, צופוסן דעם כרמל, ביים ברעג ים, ווו ער מיט די קינדער האָבן געבראַכט בלומען אויף כאַנטשעס קבר, זיין ווייב, — זייער מוטער.

✶

אין כפר גלעדי האָט מען זיי פאַרהאַלטן אויף מיטאָג. באַטי האָט דאָרטן געהאַט ידידים, וואָס האָבן זיי נישט אַוועקגעלאָזט „הונגעריק". נאָך מיטאָג האָט זיך באַטי ווידער פאַרהאַלטן אין מזכירות, צו דערליידיקן ענינים, און נחומקע מיט דאָרקען האָבן געמאַכט אַ שטיקל שפּאַציר איבערן משק. דער שפּאַציר האָטביידן דערנענטערט. נחומקען איז געווען צום האַרצן איר צוגעלאָזטקייט, און איר איז נאָענט געוואָרן באַטיס פאָטער. זי האָט געזוכט און געפונען ביי ביידן שותפותדיקע שטריכן: די זעלבע טונקל־גרויע אויגן, דער זעלבער הויכער שטערן, און דער זעלבער אָוואַל פון פנים. — „צי וועט באַטי אויך אַזוי אויסזען צו זעכציק"? — האָט זי געטראַכט.

ערשט פון יענער זייט כפר גלעדי, ווען די מאַשין האָט גענומען שטייגן אין דער הויך פון אַ נייער קייט בערג, האָט באַטי, קוקנדיק פאָרויס, גענומען דערציילן דעם טאַטן די געשיכטע פון זיין קיבוץ, וואָס איז נאָך נישט פאַר־שריבן אין קיין שום היסטאָריע־בוך.

— „די ערשטע חלוצים, דאָ אין דער הויך, אויפן באַרג־פּלאַטאָ, האָבן צום ערשטן מאָל באַטראָטן דעם אָרט אין סאַמען ברען פון דער וועלט־מלחמה, ווען אַ גרויסע פינצטערניש האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד, ווען ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז כלו כל הקיצין, אַז אויך א"י פּאַלט אַריין אין פייער. עס איז געווען ווינטער 1943. אויף אַ וואָגן, געשפּאַנט מיט

מויל־אייזלען, האָבן עטלעכע געוואַגטע יוגנטלעכע פון „הנוער העובד״ אין נס־ציונה זיך געלאָזט אין אָט די מקומות. איצט פאָרן מיר אויף אַ געפלאַס־טערטן וועג. דעמאָלט איז דער וועג נישט געווען קיין וועג. פון אַ כביש האָט מען אַפילו נישט געחלומט. שאול האָט געהייסן דער חבר — „בעל עגלה״ פון נס־ציונה, שאול, איינער פון די ראשונים, וואָס האָט דאָ געבוירן זיין־אונדזער ערשטן זון, וואָס ענדיקט איצט זיין דינסט אין צה״ל. נאָך אַ שווערער נסיעה פון עטלעכע טעג, איז דער וואָגן אָנגעקומען קיין כפר גלעדי, ווו ס׳האָבן אים אָפּגעוואַרט נאָך אַ גרופּע יוגנטלעכע, וואָס האָבן דאָרטן באַ־קומען זייער הכשרה. מען האָט זיך אָפּגערוט, אַרויפגעוואָרפן די פּעקלעך אויפן וואָגן און זיך געלאָזט מיט אַ שמאָלן שטייניקן שטעג, באַרג אַרויף, אויפן „דאַך פון גליל״ — — — ס׳איז געווען אַ משופּעדיקער באַרג־אַרויף, ווי אַ פעלזיקע וואַנט. מען איז מער געגאַנגען ווי געפאָרן. ביז מען האָט דער־גרייכט דעם „דאַך״, אַריינגעשלאָגן די ערשטע פלעקלעך אין בראשיתדיקן באָדן און אויפגעשטעלט די ערשטע געצעלטן. דעם צווייטן טאָג, פאַרנאַכט, האָט געגומען בלאָזן אַ קאַלטער ווינט, וואָס האָט זיך צעשפּילט אין אַ שטורעם. עס איז געוואָרן פינצטער. דער ווינט האָט געוואָיעט, ווי טויזנט הונגעריקע וועלף. ס׳האָט גענומען פאַלן אַ שניי. ס׳האָט לאַנג נישט גע־דויערט, ווי דער שטורעם האָט אַראָפּגעריסן די געצעלטן, און זיי פאַרטראָגן נישט צו וויסן ווו. די יוגנטלעכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, כדי צו האַלטן אַרומעגרינגלט די מויל־אייזלען, זיי זאָלן נישט פאַרשווינדן. צום גליק האָט זיך געפונען נישט ווייט אַ הייל, ווו אַלע האָבן זיך פאַרקליבן מיט דעם ביסל מטלטלים. לאַנג, לאַנג האָט געווילדעוועט דער שניי־שטורעם, ביז ס׳האָט זיך באַרויִקט, ביז ס׳האָט זיך באַוויזן די גנעדיקע זון, מיט איר ליכט־און וואַרעמקייט. פון הייל, איז מען אַרויס הונגעריקע, דורשטיקע און שמוּ־ציקע. אָבער די אַרומיקע פּאַנאָראַמע, האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די ליכטי־קייט האָט געבלענדט די אויגן. — אָט ליגן מאַיעסטעטיש די פאַרשנייטע בערג פון חרמון און לבנון. זיי ליגן ווי שומרים איבער אַ רחבותדיקן טאָל. פון ווייטן, שפּיגלען זיך די וואַסערן פון דער חולה — — — דער שניי האָט גיך געלאָזן און צעשמאָלצן געוואָרן, צופוסנס פון די בערג. ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גן עדן. אַן אויסגעצירטער בלומיקער טעפּיך, געפערטלט אין

קוואַדראַטן, צעשניטן אין סטענגעס מיט אָאַזיסן, מיט שוואַרצע אהלי קדר, ווי שוואָמען, מיט ווייט, ווייטע, ווייסע הייזלעך, ווו ניט ווו מיט רויטע דעכער, ווי מאָן בלומען אינעם גרינס. מען האָט זיך נישט פאַרגונען לאַנג ברייען מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור, און זיך באַלד געוואָרפן צו דער אַרבעט, מיט פלייס, מיט אימפעט, צו פאַרגעסן אַלץ, צוזאַמען מיטן הונגער, דעם דאָרשט און די מידקייט.

אַ פאָר טעג שפּעטער זענען שוין דאָ געשטאַנען די ערשטע צריפים. פון כפר גלעדי איז געקומען הילף, פראָוויאַנט מיט געהילץ. אַזוי זענען פאַרלייגט געוואָרן די פונדאַמענטן פון ערשטן קיבוצישן ישוב אין די העכ־סטע הויכן פון גליל.

ערשט ביים אויסלעשן זיך פון דער וועלט מלחמה, אין פינף און פער־ציקסטן יאָר, האָט מען גענומען דורכברעכן דעם וועג און פלאַסטערן דעם כביש. אָבער במשך פון דריי יאָר צייט, ביזן באַפרייונגס קריג, האָט מען נישט באַוויזן משלים צו זיין די שווערע עבודה, פאַר וואָס דער קיבוץ האָט אַוועקגעגעבן די טייערע לעבנס, פון אַ פּאָר פון זיינע יונגע ראשונים. פאַר־העצטע אַראַבער האָבן אויסגעניצט די אָנגעוואָרפענע שטיינער פונעם נישט פאַרענדיקטן טייל כביש, וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ לאָקונג, צו לויערן אויף דורכפאָרער. זיי זענען באַפאַלן צוויי פול־געלאָדענע קיבוצישע אויטאָ־מאָבילן, וואָס זענען געפאָרן באַרג אַרויף, דערמאָרדעט די יונגע שאָפערן, צוגערויבט די לאָדונגען און פאַרברענט די כלי־רכב. אין דער זעלבער צייט האָט אַזאַ צווייטע כנופיה באַלאַגערט דעם קיבוץ. זיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט אויפן קאָפּ פון אַ נאָענטן בערגל, און באַלייגט דעם שטח מיט פייער. דער קיבוץ איז געוואָרן אָפּגעריסן פונעם גאַנצן אַרום. דער מצב איז געוואָרן געפערלעך. די גרעסטע זאָרג איז געווען פאַר די קינדער, ביז אין אַ פינצ־טערער נאַכט, איז געלונגען אַרויסצופירן די קינדער קיין כפר־גלעדי. די באַלאַגערונג האָט געדויערט אַ לענגערע צייט. אונדזערע בחורים זענען נישט געבליבן שולדיק קיין קוילן, אַזוי לאַנג, ביז די באַנדיטן האָבן דערפילט, ווי ס׳דערנענטערן זיך יידישע שוץ־קרעפטן און זיי זענען אַנטלאָפן איבער יענער זייט גרענעץ, קיין לבנון. דער קיבוץ האָט פריי אָפּגעאָטעמט און באַנייט דאָס בויען און אַנטוויקלען די ווירטשאַפט.

— „דערמאָנסט זיך, אַבאַ, ווען איך בין אַוועק אין קיבוץ, נאָך אין מיין פּלמ״חישן לבוש? דערמאָן זיך ווי איך האָב דיר געשריבן, אַז א מומחה פון אויסלאַנד האָט אויסגעפאָרשט די געגנט, גענישטערט, געעגבערט, געזוכט וואַסער. ער איז אַוועקגעפאָרן און אונדז אָנגעוויזן עטלעכע ערטער, מיר זאָלן ווייטער עגבערן, ביז מיר וועלן דאָ געפינען וואַסער. ער איז זיכער אַז דאָ געפינען זיך פאַרשטאָפּטע קוואַלן, מיר האָבן אים געפאָלגט, פאַר־ברענט אַ סך צייט מיט כוחות און גאָרנישט געפונען. דער מוט האָט גענומען פאַלן. אין אונדזער אָפּגעריסנקייט און עלנט, האָבן מיר גענומען צווייפלען, צי מיר וועלן דאָ לאַנג קענען בלייבן אָן וואַסער. באַזונדערס שלעכט האָבן מיר זיך געפילט אין די אומעטיקע, לאַנגע אָוונטן: — עטלעכע צענדילק יונגע בחורים, אָן אַ פּיצל פאַרווילונג, אָן מיידלעך, נישט דערעסן צו זאַט, נישט דערשלאָפן נאָך לאַנגע שמירות אין די נעכט, נישט צו האָבן די פּרוטות אויף קויפן שוועבעלעך, טיי און ציגאַרעטן. שוואַכערע, אומגעדולדיקע, האָבן זיך גענומען לאָזן באַרג אַראָפּ, צוריק צו די וואַרעמע היימען פון די עלטערן. אָבער דער עיקר קערן פונעם קיבוץ, איז געבליבן אייזן־פעסט ביי זיך. וואָס מער פּראָצע, וואָס מער זאָרג מיט צרות, אַלץ ליבער איז געוואָרן דער אויסגעוויטיקטער שטח, וואָס האָט איינגעזאַפּט אונדזער שוויס און יונגע קרעפטן, אַזוי, ביז מיר האָבן זיך מתגבר געווען איבער זיך אַליין, גענומען שלאָגן וואָרצלען, באַקומען הילף, געבויט הייזער, באַקומען וואַסער מיט נאָך קרקע, ווונדערלעכע, ווייטע שטחים, שוואַרצן אַקער־לאַנד פון דער אויס־געטריקנטער חולה. עס זענען צוגעקומען בחורים מיט מיידלעך. מען האָט געפּראַוועט חתונות, געבוירן קינדער, ביז מיר בויען שוין אַ שול־בנין פאַר אונדזערע ערשטע 50 קינדער. די לעצטע יאָרן, האָט קיין איין איינציקער נישט פאַרלאָזן דעם אָרט. שטעל דיך פאָר, אַבאַ, אַז מיר האָבן דערלעבט, אין אונדזער קיבוץ, אויפצונעמען יוגנטלעכע אויף הכשרה, צוצוגרייטן קרעפטן פאַר נייע ישובים, וואָס דאַרפן בקרוב פאַרלייגט ווערן אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד״.

ס׳האָט געדעמערט. די לופט איז געוואָרן קיל — — — דער אויטאָ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, און געבליבן שטיין אין דער מיט פון אַ גרויסן שטח, באַדעקט מיט גרינס, בלומען און ביימער. נחומקע איז אָנגעקומען

אין זיין נייער היים. ער איז אַרויס פון קאַבינקע, אויסגעגלייכט דיביינער, זיך אַרומגעקוקט, און גענומען טיילן „שלום־עליכם׳ס" אויף רעכטס און לינקס. ס׳איז שוין געווען שפּעט. פּאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט זיי אַרומגערינגלט אַ חברה יונגוואַרג מיט קינדער. דער וואַרעמער קבלת־פּנים האָט זיך פאַרענדיקט פאַרן שיין פון אַ מילדער, צעשמייכלטער לבנה.

*

ס׳זענען אַוועק וואָכן און חדשים ביז נחומקע האָט זיך געזעטיקט מיט אַלע חידושים, וואָס ער האָט געטראָפן, דאָ, אין קיבוץ. בעיקר האָט אים געחידושט די נאָענטקייט און גוטע חברשאַפט, דער בין אדם לחברו, ווו אַלץ און אַלע זאָרגן זענען געווען בשותפותדיק.

כאָטש נחומקע האָט אַ סך געהערט פון קיבוץ, און דעם קיבוצישן שטייגער, איז אים אַלץ געווען ניי. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער פלעגט הערן וועגן די טריקענעניש, אָדער צופיל רעגן, וועגן האָגלען און היישעריקן, וועגן קראַנקייטן ביי בהמות און עופות, וועגן גערעטעניש, וועגן גוטע און שלעכטע מערק פאַר גרינצייג און פרוכט, וועגן מילך און אייער, וועגן חובות, בענק און פראָצענטן, וועגן „מזכירי פּנים", וועגן „מזכירי חוץ", וואָס פאַרברענגען טעג מיט וואָכן אין די קאָרעדאָרן פון שטאָטישע ביוראָען און מוסדות. אין זיין שטאָטישקייט, וואָס איז אים געלעגן אין בלוט, זענען די אַלע ידיעות געווען ווייטע, אַבסטראַקטע, בעת דאָ־הי איז אַלץ ממשותדיק, לעבעדיק, וואָס רירט אָן יעדן יחיד. ס׳האָט אים אויך גערירט די נאָענטקייט פונעם מענטשן צו דער בהמה, צו יעדער בעל־חי, וואָס האָבן דאָ געטראָגן מענטשלעכע נעמען, ווי זיי וואָלטן געווען שותפים פונעם קאָלעקטיוו. איין פערד האָט געהייסן „נתן", אַ צווייטער — „יעקע". איין קו האָט געהייסן „מלכה", אַ צווייטע — „לילית". אַפילו די אינדיקעס האָבן געהייסן „אַחשוורוש", „ושתי", „אסתר המלכה" וכדומה. דעם באַראַן פון דער שעפּסן־סטאַדע האָט מען גערופן „שייך", און די צוויי אָקסן, וואָס האָבן געדינט צום אַקערן, האָבן געהייסן „עקשן" און „מזיק".

היינט די קינדער, די קינדערלעך, וואָס האָבן זיך גיך מקרב געווען צו אים, צום נייעם „סבא", ווו נעמט מען ווערטער פאַר זיי? די קינדער זענען געוואָרן אַ טייל פון נחומקעס דאגות. ס׳האָט זיך געמאַכט, אַז גראַדע אין די

ערשטע וואָכן פון זיין לעבן אין קיבוץ, האָבן קינדער געמאָזלט. איז נחומקע געווען מער פאַרזאָרגט ווי זייערע יונגע מוטערס, וואָס ער האָט שיעור נישט געהאַלטן פאַר „קאַלטע גזלנים", קאַלטע „לונג און לעבערס", היתכן? די קינדער גליען פון היץ, און זייערע מוטערס, אַנשטאָט צו זיצן ביי די בעט־לעך, זיצן זיי גאָר אין גרינצייג גאָרטן, אין מאַגאַזין און אין רפת.

לכתחילה, זענען פאַר אים אַ סך זאַכן געווען „פלאי־פלאים", ביז ער האָט גענומען אַריינדרינגען אין אַ נייעם לעבנס־שטייגער. דאָס, וואָס עס איז אים פריער געווען גאָר ווייניק באַקאַנט, איז אים ביסלעכווייז געוואָרן פשוט, קלאָר און פאַרשטענדלעך. אין איינעם אַן אָוונט, האָט נחומקע גענומען בעטן דעם זון, ער זאָל אים באַזאָרגן מיט אַ „סידור". ער קען דאָ מער נישט פוסט און פּאַסטעווען אינעם מענטשלעכן בינשטאָק, ווי לאַנג קען מען זיין אַ גאַסט? ער פילט זיך בכח צו טאָן אַ נוצלעכע אַרבעט, ווי יעדער אַנדערער טוט. ער איז דאָ נישט געקומען ווי אין אַ „מושב זקנים". ער וויל אַרבעטן. אמת, דער רוקן איז נישט אַזוי „אי־אַי־אַי". די זעקס צענדליק יאָרן זיינען אויך נישט קיין מעלה. אָבער מען קען פאַר אים געפינען אַ פּאַסיקע באַ־שעפטיקונג. ער וויל נישט עסן קיין אומזיסט ברויט.

— „וואָס ברענט, אַבאַ"?

— „ס׳ברענט טאַקע נישט, אָבער איך וויל נישט ווערן איבעריק. כ׳מוז עפּעס טאָן", האָט ער געענטפערט דעם זון.

— „גוט אַבאַ, מיר׳ן עפּעס צוטראַכטן".

— „ביין מיין זון, כ׳וויל אַרבעטן, נישט צו פיל טראַכטן".

— „גוט אַבאַ".

איידער וואָס ווען, האָט נחומקע „עפּעס" גענומען טאָן אָן אַ „סידור". ער פלעגט העלפן צונויפקלייבן אייער אין לול (הינערשטייג), ער פלעגט העלפן סאָרטירן גרינצייג וכדומה. נחומקע האָט זיך באַפריינדט מיטן „חצרן" (דער אויפזעער פונעם קיבוצישן הויף), אַ מיטליאָריקער ייד, אַ פאָטער פון אַ יונגן קיבוצניק. דער חצרן איז געווען אַ מייסטער, אַ מין „כל־בו". — ער פלעגט באַוואַסערן די גראָזיקע שטחים און בלומען, ער פלעגט פאַרריכטן אַ קראַן, בייטן אַ צעבראָכענע שויב, אויפמאַכן אַ פאַרהאַקטן שלאָס און זאָרגן פאַר די עופות, זיי זאָלן באַשפייזט ווערן צו דער צייט, און אויסשיטן קערנער

פאַר די טויבן. ער פלעגט אָפּהיטן די ריינקייט פון הויף. ער פלעגט כסדר לויפן אַ קוק טאָן אויפן דיזעל־מאָטאָר, וואָס האָט פאַרזאָרגט די ווירטשאַפט מיט ליכט און קראַפט, האָט צוגעגאָסן אייל און ברענשטאָף, שטענדיק עפּעס אַ וויש געטאָן און אַ שרויף געטאָן. אין זיין רשות האָט זיך געפונען אַ „קאַ־בריאָלעט״ אויף צוויי רעדער, געשפּאַנט מיט אַ „פּענסיאָנירטן״ מויל־אייזל, פון די „ראשונים״ אין קיבוץ. מיט זיין „קאַבריאָלעט״ פלעגט ער פאַרנאַנ־דערפירן אַלע נויטיקע קליינינקייטן, אומעטום, ווו ס׳הט עפּעס געפעלט, און בשעת הדחק, אַרויספירן די מיסט פון די היגער שטייגן, פאַרשפּרייטנדיק דאָס אַרום די בוימער אין הויף. נחומקע איז געוואָרן זיין „רעכטע האַנט״. דער קיבוץ האָט זיך צוגעוווינט צו זען ביידן צוזאַמען ביי אַלע נויטיקע אַרבעטן. אַזוי האָט נחומקע געפונען זיין אָרט אין דער ווירטשאַפט און איז געווען צופרידן, נישט ווייניקער ווי נאַטי, וואָס האָט שוין נישט געדאַרפט דאגהן פאַרן פאָטער. מען האָט אים מער נישט גערופן מיטן פאַרצויגענעם נאָמען „נחומקע״, נאָר: — חבר נחום.

עס זענען ווידער אַוועק וואָכן און חדשים. ביסלעכווייז זענען געוואָקסן די וועגט פונעם צימער, וואָס מען האָט געבויט פאַרן חבר נחום. מען האָט געמאַכט אַ „לחיים״, ביים פאַרענדיקן דעקן דעם דאַך, מען האָט אויסגע־פאַרטיקט טיר און פענצטער אין דער אייגענער סטאָלעריי, מען האָט גע־טינקעוועט די ווענט, דערווייל נאָר פון אינעווייניק. און אַז עס איז געקומען צו לייגן די באַלאַטן, איז נחום אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער שטימונג. אין זיין זכרון האָבן גענומען אויפלעבן פאַרגאַנגענע צייטן, בעת ער אַליין איז געווען אַ מומחה אין דעם פאַך. איצט איז אים געווען שווער צו שטיין אויף די קני. ער קען זיך נישט בויגן ביים לייגן באַלאַטן. ער האָט זיך דערמאָנט זיינע ערשטע גליקלעכע יאָרן צוזאַמען מיט כאַנטשען, בעת זי האָט גע־שוואַנגערט מיט נאַטין, ווי דאָרקאַ שוואַנגערט איצט מיט זיין ערשטן איי־ניקל. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער, פאַרפלייצט מיט זכרונות, ביז צו פאַרנאַכלעסיקן זיין אַרבעט אינעם חצר. די נאָענטע האָבן זיך געוווּנ־דערט, נישט פאַרשטאַנען די ענדערונג און די נידערשלאָגנקייט פון זייער עלטסטן חבר נחום. נאַטי האָט זיך עפּעס יאָ געכאַפּט, בעת ער האָט איין מאָל געטראָפן דעם פאָטער שטיין און קוקן אַ נידערשלאָגענער אויף דעם באַלאַטן

לייגער, וואָס האָט לאַנגזאַם, קריכנדיק אויף די קני, געדעקט דעם דיל פון צימער, וואָס בויט זיך פאַרן פאָטער, אָבער ער איז געווען צו פיל פאַרנומען זיך צו קענען דערגרונטעווען צו דער סיבה פון זיין פאָטערס נידערגעשלאָגנקייט און אַפּאַטיע.

ס׳האָט געדויערט אַ שיינע פּאָר טעג, ביז נחום האָט איבערגעוויטיקט. אין דעם פּרט, האָט אים געהאָלפן דאָרקאַ, זי האָט זיך געטוליעט צום אַבאַ און אים אָפט געגומען אונטערן אָרעם.

— „אַבאַ", — האָט זי אים איין מאָל געזאָגט, — „איך פאַרשטיי. אַז דו טראַכסט איצט פון יענע צייטן, ווען נאַטיס אמא איז געווען אין מיין צושטאַנד. איך וועל געבוירן אַ מיידעלע און זי וועט הייסן חנה, חנהלע".

— „הא"? האָט זיך נחום אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף. — „קינד מיינס"!

דאָרקען, האָט ער שטענדיק געזען ווי אַ קינד. מיט אַ מאָל האָט ער זי דערזען אַן אַנדערע, אַ צעבליטע אין איר פולקייט און צייטיקייט. ער האָט דערזען ברוינלעכע פלעקן אויף איר שיינעם, ליכטיקן פּנים, — די שפּורן, פון איר נאָענטער מוטערשאַפט.

נחום האָט צאַרט געקושט דאָרקעס קאָפּ און ציטעריק געגלעט איר פייכטן שטערן.

ביסלעכוויז איז אויסגעוועפּט געוואָרן זיין מרה שחורה. ער האָט זיך דערפילט לייכטער און בעסער. אַ באַרויִקטער האָט ער אויפגעזוכט זיין חבר, דעם חצרן, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ערגעץ אין אַ שאַפע. בישט צו זאָגן אַ וואָרט, האָט ער אים גענומען העלפן אָפּקלייבן קעסטלעך, אויף אָפּצושיקן מאָרגן פרוכט אין די מאַגאַזינען פון „תנובה", אין טבריה.

נחומס פּנים האָט צוריק באַקומען זיין נאָרמאַלן אויסדרוק. ער איז צוריק געוואָרן מונטער, ענערגיש, ווי אַ געזונטער נאָך אַ קריזיס פון אַ קראַנקייט.



ס׳האָבן זיך אָנגערוקט די ימים נוראים. די מזכירות פונעם קיבוץ, האָט געטאָן אַלץ, אַז צו ראש השנה זאָל נחום זיך קענען אַריינציען אין זיין אייגענעם צימער. זיי האָבן עס אויך געטאָן פאַרן גוטן חבר, נאַטי, וואָס האָט זיך געריכט, גאָר בקרוב צו ווערן אַ פאָטער.

יענעם ערב ראש השנה, האָט דער עולם פונעם קיבוץ אויפן „דאַך פון גליל״, פּרי געוואָרפן די אַרבעט. מען האָט אויפגערוימט די צימערן, זיך געבאָדן, געוואַשן און אָנגעטאָן די שבת־יום טובדיקע מלבושים און ווייסע העמדלעך.

מען האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער, אויפן ווייכן גראָז־טעפּיך, אַרום קינדער היים, אַזוי לאַנג, ביז די זון האָט גענידערט צו מערב זייט, איבער די בערג, איבערלאָזנדיק אַ שריפה אין די הימלען. נאָך שקיעה, האָט דער גלאָק אָנגעזאָגט, אַז עס איז יום טוב, אַז די טישן שטייען שוין גרייט אין דער קיבוצישער עס־שטוב, וואָס געפינט זיך נאָך לעת עתה אין אַן אַלטן צריף.

מחמת דעם יונגן עלטער פון די קיבוצניקעס, זענען דאָרטן געווען ווייניק עלטערן, וואָס האָבן געלעבט מיט זיי צוזאַמען. דערפאַר זענען געקומען שטאָטישע עלטערן און קרובים צו גאַסט אין קיבוץ, אויף יום טוב, צו קינדער און אייניקלעך, צו ברידער און שוועסטער.

די מזכירות האָט נישט פאַרגעסן איבערגעבן, אין רשות פון די פרומע, דעם „חדר התרבות״ צום דאַוונען, און ווייל דער דאַוונען האָט זיך פאַרצויגן, האָבן די מענטשן אין דער עס־שטוב געדולטיק געוואַרט מיטן יום טובדיקן אָונט־מאָלצייט. אַלע זענען געזעסן אַרום די געדעקטע טישן און געזונגען לידער, מזמרת הארץ.

אין שטאָט איז נחום נישט געווען פון די אָפּגעהיטענע דאַוונער, אַ פשיטא אין קיבוץ. אָבער ראש השנה, איז ראש השנה. איז ער אַוועק מיט די דאַוונער אין „חדר התרבות״, און ווי די אַנדערע זין און טעכטער, האָבן אים ביי דער טיר פון „חדר התרבות״ אָפּגעוואַרט נאַטי מיט דאָרקען. ווען ער איז אַרויס, האָט מען זיך אַרומגענומען, געקושט און געווונטשן אַ „שנה טובה״. נאָך דעם האָבן איםביידע גענומען אונטער די אָרעמס, און אַזוי אַריינגעקומען אין דער ליכטיקער, זינגענדיקער עס־שטוב, ווו אין סאַמע אויבן אָן זענען, אויף דער וואַנט, געהאָנגען אויסגעפּלאָכטענע אותיות פון גרינס מיט בלומען: „שנה טובה — לקרובים ולרחוקים״.

פאַר די עלטערן און געסט, איז געשטאַנען גרייט אַ טיש מכל טוב, מיט לייכטער, מיט בלומען און מיט טעפּ רויזן, פון אייגענער צוכט.

ווי ס׳פירט זיך ביי אַזעלכע פייערלעכע מאָלצייטן, האָט אַן „עלטערער" חבר געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, צו ווינטשן אַ גוטן יאָר, — „אַלעמען דאָ אין קיבוץ, אַלעמען דאָ אין לאַנד, מיט כל „אחינו בני ישראל באשר הם שם", און מיט אַלע זין און טעכטער אין צה"ל, וואָס שטייען איצט אויף דער וואַך פון ישראל, אויף דער „יבשה, אויפן ים, און אונטער די הימלען", אַלעמען, אַלעמען אַ גוטן יאָר, פון אַרבעט, געזונט, שלום, פון רעגן און טוי צו דער צייט, מיט גערעטעניש און מזל ברכה אין די פעלדער, גערטנער, כרמים און פרדסים, די בעלי כנף אין די לולים, מיט די סטאַדעס בעלי חי. אַלעמען, וואָס גיבן און ברענגען לעבן — — — אַלעמען, אַלעמען נחת מיט פרייד, אורה ושמחה".

— „לשנה טובה, לשנה טובה", האָט זינגענדיק געענטפערט דער עולם.

— „והיות, ווי חבר נחום איז מיט אונדז ראש השנה צום ערשטן מאָל, ווי אַ מיטגליד פון קיבוץ, געהערט אים דער זכות צו מאַכן קידוש", — האָט דער ראש המדברים פייערלעך אויסגערופן.

נאָך אַזאַ „עליה", איז נחום צעחושט געוואָרן. ער איז נאָך קיין מאָל נישט געשטאַנען פאַר אַזאַ עולם. און אָט קומט אים אויס זיך צו שטעלן פאַר אַזוי פיל גליזיקע, פריילעכע אויגן.

ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. די מסובים האָבן אים אַרויסגעפאָדערט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פולן בעכער ווייַן. די האַנט האָט אים געציטערט. די ווייַן האָט זיך אַ ביסל פאַרגאָסן. אָבער ער האָט זיך צונויפגענומען, זיך אויסגעגלייכט. מיט די אויגן אַרומ־גענומען דעם עולם און זיך געטראָפן מיט דאָרקעס שיינענדיקע בליקן...

עס איז אים לייכט געוואָרן, און מיט אַ מונטערן קול, מיטן ניגון פון זיין פאָטער, האָט ער אָנגעהויבן מיט „בורא פרי הגפן", און פאַרענדיקט צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם, אין כאָר:

„שהחינו

וקימנו

והגיענו

לזמן

הזה".

# די הייל פון אליהו הנביא

מאַרי דוד יחיא, האָט זיך געפילט גאַר קלאָגעדיק, דער רוקן האָט געבראָכן, די פיס זענען געוואָרן שטאַרק שווער, דאָס האַרץ איז געווען אומ־רויִק; אָדער עס האָט געקלאַפּט שטאַרק, אָדער שוואַך, קוים צו פילן דעם דופק.

אַז דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שטאַרק, האָט געקלאַפּט אין די שלייפן און אין קאָפּ האָט גערוישט און געטומלט. בעת דאָס האַרץ איז געווען שוואַך, פלעגט מאַרי דוד׳ס גוף זיך באַדעקן מיט אַ שוויים, דער אָטעם פלעגט ווערן שווער, און די הענט, — ווי אָפּגעשטאָרבן. מאַרי דוד פלעגט זיך אַוועק־לייגן אויף דער ערד, אויף דער מאַטע, פאַרמאַכן די אויגן און ציטערן אַ ריר צו טאָן מיט אַ גליד. ער האָט מורא געהאַט פאַר נסיונות, טאָמער, חלילה, וועט אים דער גליד נישט פאָלגן, איז אַלץ אויס!

זוגתו חנה, וואָס האָט געוווּסט פון מאַרי דוד׳ס שלאַפקייט, איז שטענדיק געווען אויף אַן אָרט. זי פלעגט טונקען האַנטעכער אין קאַלט וואַסער, אים צולייגן צום האַרצן, נאָך דעם אים געבן שמעקן שאַרפע געווירצן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין פלעשלעך, ביז מאַרי דוד פלעגט נעמען קרעכצן, באַוועגן מיט די הענט און שטאַמלען:

— „ברוך השם, ברוך השם, הקדוש ברוך הוא, דער שטן מקטרג האָט מיר צו רו געלאָזט". דעמאָלט פלעגט חנה אַוועקנעמען די נאַסע האַנטעכער, אויסגלייכן זיין קאַפּל, וואָס איז געווען אַראָפּגערוקט אויף הינטן, ער זאָל חלילה נישט בלייבן בגלוי ראש, און אַוועקגיין אין ווינקל פון זייער איינציקן צימער, צעבלאָזן פייער, אָנגליען קוילן, פאַרבריען אַ פינדזשאַן שאַרפע, ביטערע קאַווע, וואָס זי פלעגט לאָזן מאַרי דודן אויסזופּן, שלוק נאָך שלוק, באַגלייט מיט קרעכצעלעך: „ברוך השם יום יום".

מאַרי דוד האָט חתונה געהאַט אַ יאָר פאַרן אַנטרינען פון צנעה קיין

עדן, ווו ס׳האָבן זיך געפונען אַ סך יידישע משפחות אין אַ פליטים־לאַגער. זיי זענען אַנטרונען באַלד, ווי ס׳האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז מדינת ישראל עומדת על תלה.

ס׳איז געווען אין יאָר תש״ח, ווען די פאַרצווייפלטע יידן אין יענעם לאַנד האָבן געמיינט, אַז עס איז כלו הקיצין. די ישמעאלים האָבן זיי גערודפט, באַרויבט, געמאַכט אויף זיי פּאָגראָמען און געכאַפּט יידישע יתומים און גע־פירט צו שמד. אַ יידישע טאָכטער פלעגט ציטערן אַרויסצוגיין אין גאַס, מען זאָל איר חלילה ניט מאַנס זיין. מען האָט פאַרווערט יידן צו דאַווענען בציבור און טראָגן ווייסע קליידער. יידן האָבן נישט געטאָרט רייטן אויף קיין אייזלען, זיי זאָלן אין גאַס נישט אויסזען העכער פון די ישמעאלים. יידן האָבן געמוזט בויען נידעריקע הייזלעך, זיי זאָלן נישט אַריבערשטייגן די הויך פון די בנינים, פון די ישמעאלים. יידן זענען געווען פּסול פאַר עדות. יידן האָבן געמוזט טאָן יעדער מלאכה בזויה: אַוועקנעמען נבלות, ראַמען די שמוץ פון די גאַסן, פון די הויפן, און אָפּטרעטן דעם וועג פאַר יעדער מוסלמענער, בעטנדיק ביי אים רשות ווייטער צו גיין זיין וועג.

וואָס עס איז ערגער געוואָרן, האָבן זיך די יידן פון תימן אַלץ מער מתיחד געווען מיטן בורא עולם, זיך פאַרטיפט אין די הייליקע ספרים, געזאָגט תהי־לים, געלערנט אויף אויסנווייניק דעם תנ״ך מיט אַלע דיני ישראל, און אַרויסגעגראָבן פון זוהר־הקדוש אַ יעדער וואָרט און פסוק, וואָס האָט מרמז געווען אויף גאולה, אויף ביאת־המשיח, ביז עס האָט זיך צעטראָגן די בשורה, אַז דער גואל איז שוין געקומען אין הייליקן לאַנד פון די אבות, אין ארץ־ישראל. די טיפע שמחה פון ביאת־הגואל, האָט זיך באַלד אויסגעמישט מיט פּחד און אימה, טאָמער וועט דער אימאַם לאָזן אַלעמען אויסשחטן, קיינער זאָל נישט דערלעבן די גאולה. ובכן, האָט מען געמוזט עוקר זיין פונעם לאַנד, ווו מען האָט געלעבט מדורי דורות. וואָס גיכער, איז בעסער און זיכערער, וגדולים מעשי אלוהינו! אַז דער אימאַם האָט זיך דערוווּסט וועגן מדינת־ישראל, איז אים באַפאַלן אַן אימה פאַרן יידישן גואל, ווי עס איז אַ מאָל באַפאַלן פּרעהן, דעם מלך פון מצרים, בעת דער צענטער מכה. דער אימאַם האָט באַפוילן, אַז יעדער יהודי, וואָס וויל אַוועק פון תימן, זאָל אַוועק וואָס גיכער. קיינער טאָר אים נישט פאַרהאַלטן.

זענען דעמאָלט אַוועק פון תימן צענדליקער טויזנטער יהודים, בנעו־ריהם, בטפם ובזקניהם. זיי זענען אַוועק צו פוס, אָדער רייטנדיק אויף אייזלען, דורך וויסטע מדבריות, ביז זיי האָבן זיך דערקליבן קיין עדן, לאָזנדיק הינטער זיך אַ סך קברים. פון עדן זענען זיי געקומען אין הייליקן לאַנד ישראל מיטן „מרבד הקסמים".

מאָרי דוד האָט נישט פאַרטראָגן דאָס ווערטל „מרבד הקסמים", ווייל ס'האָט געשמעקט מיט עבודה זרה. האָט ער דעם „מרבד הקסמים" פאַרביטן אויף: „כנפי־נשרים".

זאָל זיין „כנפי נשרים", אַבי ער, מיט נאָך טויזנטער יידן, ווי ער, האָבן זיך דערקליבן קיין ראש המעין, אשר במדינת ישראל, פריער זיך צו באַזעצן אין אַ לייוונט־צעלט, נאָך דעם אין אַן אמתער הויז, אין אַ דירה פון אַ צימער מיט אַ ווינקל צו קאָכן מזונות, מיט אַ געבויטן בית שמוש אין דרויסן און מיט אַ וואַסער־קראַן ביי דער טיר.

אין ראש המעין איז פרנסה געווען בצמצום, באַזונדערס פאַר אַזאַ, ווי מאָרי דוד, וואָס איז געווען אַ שטיקל כלי־קודש, אַ מלמד, וואָס האָט גע־לערנט יידישע קינדער תורה, דת, ותפילה. ער האָט געלערנט פון אַן אייגנ־האַנטיק געשריבענעם „תכלאל" ((סידור), געכתיבהט אין אַ פערלדיקן רש"י־שריפט.

מיט מלמדות איז געווען שווערלעך אין מדינת־ישראל, מחמת די חוקים, וואָס האָבן געפאָדערט צו שיקן די יידישע קינדער אין די בתי־ספר פון דער מדינה, על חשבון הכלל, אָן אַ פרוטה שכר־לימוד. פונדעסטוועגן זענען נאָך געבליבן יידן, וואָס האָבן אויסגעמיטן דעם אומזיסטן בית ספר. זיי האָבן געצאָלט שכר לימוד און ווייטער געשיקט זייערע קינדער צו מלמדים. זיי זענען געווען זיכער, אַז נאָר יידן, ווי מאָרי דוד יחיא, און זיינס גלייכן, זענען באַרופן צו לערנען יידישע קינדער תורה, דת ותפילה.

אַזוי ווי מאָרי דוד איז געווען אַ מיוחס, באַקאַנט אין זיין עדה ווי אַ גוטער מלמד, איז אים נישט שווער געווען צונויפצונעמען 9 ייִנגלעך, אַוועק־זעצן זיי אַרום זיך אויף אַ מאַטע, אויף דער ערד, אַרום זיין גרויסן תכלאל, און לערנען זיי עברי. ווען מיר זאָגן 9 קינדער אַרום איין סידור, איז עס חלילה נישט קיין טעות; — אחינו התימנים קענען לעזן די הייליקע שריפט

פון אויבן אַראָפּ, פון אַרויף, פון רעכטס צו לינקס, און פון לינקס צו רעכטס. ווידער איז אין אַן אמתן חדר, ווי אין דער עזרה פון בית המקדש (יבנה במהרה בימינו). קיינער וועט נישט זאָגן: „צר לי המקום הזה", ס'איז מיר דאָ ענג דער אָרט. וואָלט מאָרי דוד געהאַט 12 קינדער, וואָלט מען אויך געלערנט, אַלע צוזאַמען, פונעם זעלבן סידור.

זענען אַוועק אַ פּאָר גוטע יאָר, ביז מאָרי דוד האָט פּלוצים געחלשט אין מיטן שיעור. לכתחילה האָט מען געמיינט, כי פרחה נשמתו, אַז זיין נשמה איז שוין אַרויס, אלא די שיכנוזים לאָזן נישט דעם מלאך המות, לייכט און שנעל, אַוועקנעמען אַ יידישע נשמה!

נאָך דעם ווי די באַסע האַנטעכער, די שאַרפע געווירצן מיט די אַנדערע סגולות האָבן נישט געהאָלפן אָפּצומינטערן דעם גוטן מאָרי דוד יחיא, האָט מען געבראַכט די בתולה פון „סאָסיאַליט" (סאָציאַלע שוועסטער).

די בתולה האָט קודם כל אַלעמען אַוועקגעטריבן פונעם געחלשטן מאָרי, נאָך דעם האָט זי אויפגעריסן דעם פאַרמאַכטן פענצטער מיט דער טיר, כדי אינעם טוכלען צימער זאָל אַריין אַ סך פרישע לופט. זי האָט אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן דעם פייער־טאָפּ מיט די אָנגעגליטע קוילן, און ווי אַ מאָל, אלישע, אליהו הנביא'ס דינער, האָט זי זיך גענומען צום מאָרי: — זי האָט אים געדרייט דעם קאָפּ, געהויבן און אַראָפּגעלאָזן די הענט, געפּעטשלט אין די באַקן, און אַז עס האָט נישט געהאָלפן, האָט זי אַרויסגענומען פון איר רענצל אַזאַ מאַכוט מיט אַ לאַנגער נאָדל, און געמאַכט מאָרין אַן „איברי" (איינשפּריצונג) אין דעם פּיצל ווייכס פון זיין דאַרער האַנט. אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, זענען איר באַפאַלן די מענטשן, קורע כדג צו זיין:

— אַזאַ חוצפּה פון אַ חצופה! — אַזוי פּייניקן אַ גוסס, אַ מת!

האָט די בתולה געוואַלדעוועט מיט אירע לעצטע כוחות:

— טיפּשים! ער איז וואַרעם, דער דופק קלאַפּט נאָך. מען דאַרף ראַטעווען מאָרי, ער לעבט, ווי מיר אַלע לעבן!...

זענען אירע געשרייען דערגאַנגען ווייט אין דרויסן, ביז זיי האָבן דערגרייכט דער פּאָליציי־ביוראָ.

איז געקומען צו לויפן אַ פּאָליציאַנט.

דערזעענדיק דעם פּאָליציאַנט, האָט די בתולה פון דער „סאָסיאַליט"

גענומען שרייען צו אים, איבער די קעפּ פונעם עולם: — „מהר, מהר, יאָ שוטר, תזעיק רופא, — וואָס גיכער ברענג אַ דאָקטאָר״.

אין ווייניקער ווי אַ האַלבע שעה, איז געקומען צו פאָרן אַ דאָקטער, מיט אַ מיידל אין ווייסן, מיט נאָך עמעצן. זיי זענען געקומען אין אַ ווייסן „טראַמ־ביל״ — (אַמבולאַנס). דער דאָקטער האָט באַטאַפּט מאַרין, געמאַכט נאָך אַן איינשפּריצונג, דאָס מאָל אין דעם ווייכס פון מאַריס אחוריים, און בקול רם געפאָדערט אַלעמען, חוץ חנהן, תכף ומיד צו פאַרלאָזן דעם צימער. אַז מען האָט נישט געפאָלגט, האָט דער פּאָליציאַנט, אַרויסגעבעטן אין דרויסן.

נאָך דעם האָט מען, פונעם אַמבולאַנס אַרויס, געבראַכט אַ לייוונטענע מיטה, פאָרזיכטיק אַרויפגעלייגט מאַרין, אַריינגעשטופּט אין אַמבולאַנס, מיט־גענומען זוגתו חנה, און יאַללאַ, פאַרשוווּנדן שנעל ווי די שדים — לאָזנדיק הינטער זיך אַ וואָלקן שטויב מיט בייסיקן רויך. זיי זענען אַוועקגעפאָרן אין דער „מוסטאַשפי״ (שפּיטאָל) קיין פּתח תקוה.

ערשט שפּעט אין אָוונט, איז חנה צוריקגעקומען אַהיים, אַליין, אַ פאַר־ווייִנטע, מיט דער גוטער בשורה, אַז די שיכנאַזים האָבן פאַרטריבן דעם מלאך המות פון מאַרי דודס צוקאָפּנס. זיי האָבן אים דאָרטן געהאַלטן פאַר־מאַכט אין אַ גרויסן צימער מיט אַ סך פענצטער, און נאָך דעם אַרויסגעפירט אַ לעבעדיקן, מיט אָפענע אויגן, אויף אַזאַ בעט אויף רעדלעך.

„ברוך השם, ברוך הוא, הקדוש ברוך הוא״, — האָט מאַרי דוד געמור־מלט. „זיי האָבן מיר צוריקגעשיקט אַהיים מיט זייערן אַ טראַמביל, זאָגנדיק: — גברת, מאַרי מוז דאָ בלייבן אַ פּאָר וואָכן, ביז ער וועט געזונט ווערן. דערווייַלע, פאַר געזונטערהייט אַהיים. קענסט אים באַזוכן יעדער טאָג, אחרי הצהרים, שלום, גברת, שלום״!

„האָב איך פאַרבראָכן די הענט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און זיך געבעטן: — יאָ אדונים! ווער וועט אים מאַכן קאַווע? ווער וועט אים געבן עסן? ווער וועט אים פאַרריכטן ס׳געלעגער?״

„זאָרג נישט, גברת, וועסט קומען מאָרגן, אחרי הצהרים, אם ירצה השם, וועסטו זען, אַז ער קריגט אַלץ, וואָס ער באַדאַרף, שלום גברת!״

„וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? כ׳האָב אַ קוש געטאָן די מזוזה, און אַוועק אַהיים״ — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ צעבראָכענער שטים.

אַלע ווייסן, אַז מאַרי דוד איז אָפּשטאַמיק פון גרויסן יחוס, פונעם בעל־הסליחות צאלאח יחיא, ז״ל. ס׳איז נאָר נישט געווען צו וויסן, צי זיין יחוס־קייט האָט זיך געצויגן פונעם בעל הסליחות, בכבודו, אָדער פון עמעצן פון די קרובים פונעם מיוחס. די צייט האָט אַלץ מטשטש געווען. אָבער דער נאָמען יחיא, האָט גערעדט פאַר זיך.

מאַרי דוד און זוגתו חנה זענען געווען שטאָטישע, געבירטיק אין צנעה. ווי געזאָגט, איז דער מאַרי דוד געווען אַ נצר פון חכמים און בני תורה, בעת חנה איז געווען אַ שטילע מיידל, וואָס איז פרי פאַריתומט געוואָרן. איר פאָטער איז געווען אַ גאָלדשמיד. ער האָט נישט אויסגעלעבט קיין גאַנצע דרייסיק יאָר. און די מוטער, נאָכן פאַרצערן דעם גאַנצן פאַרמעגן, וואָס עס איז געבליבן פון מאַן, איז אויך יונג אַוועק אין קבר. עס זענען געבליבן דריי רונדע יתומות, וואָס האָבן, נאָכן טויט פון דער מוטער, זיך געהאָדעוועט ביי קרובים; חנהן האָט צוגענומען דער פעטער, דער מוטערס ברודער. צו זעקס יאָר איז זי אריין אין שפּאַן פון פעטערס שטובווירטשאַפט. זי האָט פאַר־שפּאָרט אַ דינסט מיידל. חנה האָט געטאָן אַלע שטוביקע אַרבעטן, און אירע שוועסטערקינדער, צוויי בתולות, האָבן זיך פאַרשאַפט מיט איר, ווי מיט אַ געדונגענער דינסט. ביידע בתולות האָבן איר נישט פאַרטראָגן מחמת קנאה צו איר שיינקייט און געשיקטקייט. זיי זענען נישט געווען אַזוי באַחנט, אַזוי געשטאַלטיק ווי זי. זיי פלעגן איר אָנטאָן צרות צרורות, זידלען און קנייפּן אין דער שטיל. חנה האָט אַלץ פאַרשוויגן, און איר ווייטאָג געשטילט מיט טרערן אין די נעכט. איר מומע איז געווען קאַלט און בייזלעך. זי האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק. דער פעטער איז געווען אַ גוטער, און ביי יעדער געלעגנהייט איר געגלעט איבערן קאָפּ און באַטראַכט מיט פולע אויגן רחמים.

דער פעטער איז געווען אַ פאַרפראַצעוועטער מענטש. ער האָט געדאַרפט צושטעלן טרף לבית, פון אַ קרעמעלע, פאַרקויפנדיק די ישמעאלים געווירצן מיט בשׂמים, פאַר פּרוטות, אויף באָרג.

צייט דער מוטערס טויט, האָט חנה נישט געוווּסט פון אַ ניי קליידל, אָדער שיך. בדרך כלל פלעגט זי גיין באָרוועס, געטראָגן די אָפּגעניצטע קליידלעך פון אירע שוועסטערקינדער, קיין מאָל נישט לויט איר מאָס. אָבער איר חן, איר געשטאַלטיקייט, אירע גרויסע, שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן,

זענען שטענדיק געווען גענוג, אָפּצוווענדן די פרעמדע אויגן פון איר קלאָג־געדיקן לבוש. צו 15 יאָר, האָבן זיך גענומען לאָזן שדכנים צום פעטער, נישט צו זיינע טעכטער, נאָר צו חנהן. דער אויסרייד איז געווען, אַז חנה איז דאָס עלטסטע מיידל אין דעם פעטערס משפחה. נישט צו פרעגן חנהן, האָט דער פעטער איר פאַרקנסט צום בחור דוד יחיא. אַזאַ שידוך איז פאַר אים געווען אַ זכיה. די „שטאָט״, האָט באַוווּנדערט דעם שידוך: — ראשית איז דוד יחיא געווען צוויי, אפשר דריי מאָל עלטער פון דער כלה, ער איז געווען אַ חלוש, קליין געוואַקסן, אַ דאַרינקער, מיט גאָר אַ שיטער בערדעלע, מיט צוויי לאַנגע פיאות־לאָקן. מען האָט אים קוים אַרויסגעזען פונעם לבוש. והשנית: — דער יחוס, אַזאַ יחוס! דער איידעלער בחור, דער וויללערנער, אַקעגן אַן איינפּאַך מיידל, אַ יתומה, וואָס ווייסט נישט פון אַ צורת־אות.

די חתן־בחורים פונעם באַלמעלאָכישן און קליין סוחרישן שטאַנד, האָבן געברענט פון קנאה. זיי פלעגן, אין דער שטיל, פרעסן חנהן מיט די אויגן. אין די פרימאָרגנס פלעגן זיי זיך לאָזן גיין נאָענט צום ברונעם, איר אָנקוקן ביים שעפּן וואַסער. חנה פלעגט פילן די שפּיזן פון זייערע אויגן. זי פלעגט זיך פאַררויטלען, און, במחשבה, וואָס מער אַריינדרינגען אין אירע קאָפּטלעך, נישט צו דערמעגלעכן די בחורים צו שנאָרן, נישט קיין כזית פון איר מיידלש לייב, וואָס איז במילא געווען איינגעהילט אין אַ קלייד, פון האַלדז, ביז צו די שמאָלע הויזן, וואָס פאַרענדיקן זיך ביי די פוס־טריט.

לכתחילה האָט זיך דוד יחיא׳ס משפחה געבלאָזן און געגרויסט, באַלד נישט מסכים צו זיין מיטן שידוך. נאָך דעם איז אַוועק אַ דינגעריי מיטן נדן, וואָס איז געווען נישטיק. צום סוף איז מען דורכגעקומען, וויסנדיק אַז דוד איז שוין אַן אַלטער בחור, אַריינגעפּאַרן אין די פערציקער, אַ חלוש, וואָס נייטיקט זיך אין אַן „עוזר כנגדו״, אַ אשה, וואָס זאָל אים אַרומזען און אויס־פילן כל משאלות לבו. אַזוי האָט אויך געעצהט דעם חכם, מאָרי יוסף שאַבאַזי, דער בכבודיקער קרוב פון דעם חתנס משפחה.

אין חודש ניסן, תשצ״ז, האָט מעןביידן געפירט צו דער חופה, אין אַ מזלדיקער שעה.

אחינו בני תימן זאָגן: — „החתונה לשנים, והשמחה לאלפים, — אַ חתונה פאַר צווייען, און אַ שמחה פאַר צוויי טויזנט״.

די שמחה האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואָך פֿאַר קדושין, און האָט געדויערט גאַנצע זיבן מעת־לעת נאָך דער חופּה.

די שטוב, פֿון חנהס פֿעטער, איז אַ רונדע וואָך פֿול געווען מיט ווייבער, וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער מצוה פֿון נייען די חופּה קלייד, חנהס ערשטע, נייע קלייד אין לעבן. די ווייבער האָבן געהאָלפֿן דער כלה זיך צו וואַשן און זאַלבן מיט בשמים מכל המינים. ביים נייען, און ביים פּוצן די כלה, האָט מען געשפּילט און געזונגען. ווידער דער חתן, האָט יעדער טאָג געשיקט דער כלה אַן אַנדער מתנה: אַ שיינעם אויבער־בגד, אַ זיידענעם שטערן־טיכל, זילבערנע קמעות, איינצופֿלעכטן אין די האָר, שיך פֿון פֿיינעם קאַלב־לעדער, אויסגעהאַפּטע הויזן פֿון בעסטן קעמל־וואָל, שמעקעדיקע זייף, בשמים וואַסער, אוירינגלעך און בראַסלעטן.

אַזוי ווי חנה איז געווען אַ יתומה, האָט דער חתן, אין חופּה־טאָג, נישט געדאַרפֿט גיין קויען פֿאַר אירע עלטערן, צו בעטן ביי זיי סליחה ומחילה, פֿאַרן אַוועקנעמען די כלה פֿון איר היים. עס איז אים נאָר געבליבן צו באַשמירן דעם שטערן מיט פֿייכטע אַש, אַ זכר לחורבן, און זאָגן בלחש: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני".

די חתונה האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אַרויספֿירן די כלה פֿון אַ באַהעל־טעניש, הינטער אַ פֿאָרהאַנג. בפני כל עם ועדה, האָט איר דער חתן, דוד יחיא, מקדש געווען מיט אַ גרויסע זילבערנע מטבע, און עס האָט זיך אָנגע־הויבן די אמתע שמחה והלולה, וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן ביז עטלעכע טעג פֿאַר פּסח, ווען מען דאַרף מצות באַקן, רייניקן, פּוצן און כשרן די הייזער לכבוד דעם יום טוב. ערשט אינעם טומל און רויש פֿון די זמירות, אכילה און טענץ, האָט חנה צום ערשטן מאָל גוט אָנגעקוקט איר מאַן, ס'האָט איר פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. זי האָט זיך פֿאַרנאַנדערגעוויינט: — „דאָס איז מיין מאַן? אָט דער בלאָסער חלוש?"

„יאָ,יאָ", האָבן מענטשן געטענהט: — „זעט, די כלה וויינט פֿון שמחה, אַזאַ מזל, אַזאַ גליק פֿון אַן אָרעמער יתומה, אַריינצופֿאַלן אין אַזאַ פֿיינער, מיוחסדיקער משפּחה, אַזאַ גליק!"

דעם פֿעטערס טעכטער, האָבן איר דאָס מאָל נישט מקנא געווען. זיי האָבן איר אַרומגענומען, באַרירט מיט די ליפּן אירע קאַלטע, פֿייכטע באַקן,

אָנגעקוקט מיט שדים אין די אויגן און געפּרעפּלט: „מזל טוב, חנה״.

דער איינציקער פון די מחותנים, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן עולם, מיט תשעה־באב אין האַרצן, איז געווען חנהס גוטער פעטער. דער פעטער האָט פּרובירט שטילן זיין קומער מיט אַ טוץ כוסות שאַרפן, ריינעם אַראַק, אָן אַ טראָפּן וואַסער.

די מומע, ווידער, איז אויך געווען באַזאָרגט: „ווער וועט איר איצט אָפּטאָן אַלע שטוביקע אַרבעטן, ווער?״

✶

נאָך דער חתונה, האָט זיך ס׳פּאָר פאָלק אַריינגעצויגן אין אַ דירה פון צוויי צימערלעך, געדונגען ביי אַ שכן אַ ישמעאלי. די דירה האָט מען גע־יידישט מיט אַ גרויסער מזוזה, אין אַ קופּערנער שייד, און מיט אויסמאָלן אויף דער וואַנט, אַ שוואַרצן פּירעק, לזכר חורבן בית־המקדש.

אַ טרעגער האָט געבראַכט אַ קופערט מיט זאַכן, אַ פּאָר נידעריקע בענ־קלעך, כלים, אַ פּייער־טאָפּ, מאַטעס, קישעלעך וכדומה.

אַזוי איז צוגעקומען אין צנעה, אין דער יידישער גאַס, נאָך אַ משפּחה בישראל.

אַז דוד איז אַרויס ברשות עצמו, האָט ער געמוזט באַזאָרגן זיין הײם מיט מזונות און אַל דאָס נייטיקע. לויט דער עצה פונעם קרוב, החכם יוסף שאַבאַזי, האָט אים דער פּעטער געהאָלפן אויפמאַכן אַ כותאב (חדר), צו לערנען יידישע קינדער תורה ודת. תלמידים זענען געווען די ויותר.

איז דוד געוואָרן אַ מלמד בישראל. אַז דוד איז געוואָרן אַ מלמד, האָט מען אים שבת אויפגערופן צו דער תורה מיטן טיטול: מרן, מארי, ר׳ דוד בר — — — פון יענעם שבת אָן, האָבן אים אַלע גענומען רופן, נישט סתם „דוד״, אלא מאָרי דוד, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג.

✶

חדשים שפּעטער, האָבן די קרובים פון ביידע צדדים, גענומען באַ־טראַכטן חנהס געשטאַלט, „עפּעס״ צו געפינען אַ שינוי, האָבן זיי גאָרנישט באַמערקט. זיי האָבן געזען, אַז חנהס אויגן לייכטן ווי פריער, נאָר מיט עצבות. האָט מען גענומען ריידן, פריער צווישן זיך, אין דער משפחה, נאָך דעם צווישן שכנים, היתכן?

געערדט און באַערדט האָט מען נאָר חנהן, אין גאַנצן נישט צו דער־מאָנען דעם מאָרי דוד. מען האָט זיך געסודעט, אַז נאָר זי, חנה, „טויג נישט". חנה האָט געוווּסט פון דאָס אומגעקערטע. בעת מען פלעגט חנהן באַגלייטן אין גאַס מיט די אויגן, האָט זי געפילט, ווי די פרעמדע בליקן שטעכן איר לייב ווי נאָדלען...

מיט דער צייט האָט איר פנים פאַרלוירן די פריערדיקע פרישקייט. זי איז געוואָרן בלאַס און פאַראומערט.

היימישע זאָרגן, דאגות פרנסה, גזירות און רדיפות, האָבן ביסלעכווייז אָפּגעקערט די נייגעריקע פון דער „גאַס", פונעם מאָרי דוד מיט זיין יונגער אשה. מען האָט זיי געלאָזן צו רו. אַזוי איז דער רצון פון בורא עולם. נאָך דעם פעטערס מיידלעך, האָבן נישט אויפגעהערט צו שאַרפן זייערע צינגלעך, און געניסן פון אַ שטיקל נקמה אָן דער שיינער חנהן, וואָס האָט באַקומען אַ פנים ככל הנשים. קיינער זאָגט איצט נישט מער: — „די שיינע חנה, חנה דזשאַמילאַ".

„זי טויג נישט", פלעגן זיי פּלאַפּלען צווישן זיך און צווישן באַקאַנטע, „זי טויג נישט".

★

שפּעטער האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט: מאָרי דוד מיט חנהן זענען ווייט, ווייט פון צנעה. זיי לעבן אין ראש המעין, אין מדינת ישראל. מאָרי דודס עלטערן זענען אַוועק אויפן עולם האמת. חנהס פעטער מיט זיין משפחה לעבן אויך אין מדינת ישראל, ווייט פון ראש המעין, אין יבניאל. דעם פעטערס טעכטער זענען געבליבן פאַרזעסן. דאָ מוזן זיי העלפן אַרבעטן דער מוטער אין אַן אייגענער, קליינער ווירטשאַפט, בעת דער פעטער, געפינט זיך אויסער דער היים, אויף „עבודת חוץ", ביי איינעם אַ מושבניק, אין אַ נאָענטער קאָ־לאָניע. דער פעטער קומט פאַר נאַכט אַ היים אַ מידער, וואַשט זיך אַרום, דאַוונט מנחה מיט מעריב צוזאַמען, עסט עפּעס אָפּ, שוין אין דער פינצטער, און פאַרן שיין פון דער לבנה, אָדער פון אַ ווינט־לאָמפּ, פאָרעט ער זיך אין חצר, אָדער אין שטאַל ביי דער מילך־קו.

די נייע פּרנסה, איז דעם פעטער גאָרנישט אָנגעקומען לייכט (ער קען זיך נישט צוגעוווינען צום וואָרט „אַרבעט"). אָבער, בעזרת השם, געפינט

ער זיך אין מדינת ישראל. אַבי געזונט. יעדער פּרנסה איז ניחה. אַרבעטן איז שווער, אָבער ס׳איז פּרנסה. דערפאַר קומט אַ שבח דעם בורא עולם.

דאָס איינציקע וואָס פאַראומערט דאָס לעבן, איז די פאַרזעסנקייט פון די טעכטער. ווען ס׳וואָלטן זיך אָפּגעפונען זייערע באַשערטע, וואָלט אַלץ געווען גוט און ווויל. אמת, ער איז זיכער, אַז עס וועלן זיך געפינען זייערע באַשערטע. ער איז מער ווי זיכער, אָבער דערווײַלע יאָדעט אים זיין ווייב. זי פּרעסט אים, ווי ער וואָלט זיין שולדיק, וואָס די טעכטער האָבן ביז איצט נישט חתונה געהאַט. מאָרי דוד, אין ראש המעין, לערנט מיט יידישע קינדער תורה ודת. מאָרי דוד איז דאָ געוואָרן מער איינגעשרומפּן, מער אויסגעטריקנט, דאָס שיטערע בערדל, מער גרוי ווי שוואַרץ, די אויגן האַלב־פאַרמאַכט, בעת חנה, איז אין ארץ ישראל געוואָרן מער געשטאַלטיקער, ווייבלעכער, צוריק שיין, ווי אַ מאָל אין צנעה.

קעגן מאָרי דודס רצון, האָט חנה, שטילערהייט, גענומען זוכן אַרבעט אויסער דער היים.

ווי אומעטום, איז פאַראַן אין ראש המעין, אַ בית ספר. איינער פון די לערער, ייסחאק שמו, איז אויסגעקאָכט איבעם דאָרטיקן לעבן, מחמת אין די אָוונטן איז ער אַ כלל־טוער, און אַ מדריך פון דער דערוואַקסענער יוגנט.

די עלטערע תושבים זענען נישט צופרידן פון דעם לערערס דרכים, כאָטש ער איז אַ זייעריקער, מבני תימן. זיי טענהן, אַז ער פאַרפירט די יוגנט מיט פאַלשע תורות, און שטעלט זיי אויף קעגן די עלטערן.

דער מורה, ייסחאק, מאַכט זיך משוגע. ער לערנט ס׳יונגוואַרג מאַכן ווילדע עוויות מיט קונצן, ווי דרייען מיט די הענט און פיס, צו שטיין אויפן קאָפּ, זיך לייגן מיטן עכוז (הינטערחלק) אויף דער ערד, ווי פיר פיסיקע, וכדומה. די צרה וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס, ווען ער לאָזט צורו די מיידלעך. זיי לערנט ער אויך די עבודה זרה, ווי די יינגלעך.

אַזוינס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט דעם מאָרי דוד, וואָרעם ייסחאַקס טענות און מעשים זענען נישט געפאַלן ווי שטיינער אין וואַסער. זיי זענען געווען דער יוגנט צום האַרצן. ס׳יונגוואַרג האָט אַלץ געוואָלט וויסן און דערגיין, זיך אויסגלייכן מיט די אשכנזים. ייסחאַק האָט זיי געלערנט חשבון, טבע און היסטאָריע. ער פלעגט זיי דערציילן די חכמה, ווי עס דרייט זיך אַ

מאַטאָר, בעזרת עלעקטרע מיט ברען שטאָף. ער פלעגט זיי דערציילן, וואָס עס איז בכלל עלעקטרע, ווי אַזוי, בעזרת אַזאַ עלעקטרע, פליט אַן עראָפּלאַן. ער פלעגט זיי דערציילן וועגן ווייטע לענדער און פעלקער.

ייסחאַק איז געבוירן געוואָרן אין ארץ ישראל, געענדיקט אַ בית ספר און אַ גימנאַזיע, נאָך דעם אַוועק לערנען אויף קורסן, צו ווערן אַ לערער, ביז מען האָט דעם תכשיט, פון רחובות, געשיקט קיין ראש המעין לערנען קינדער „עפענען די אויגן”.

ס׳האָט נישט געהאָלפן, נישט דער רוגז און ניט די פעטש פון די על־טערן: — מיידלעך און נשים נשואות האָבן גענומען באַזוכן, ייסחאַקס „שעורי־ערב”. ייסחאַק האָט זיי אַראָפּגעפירט פונעם גלייכן וועג. ער האָט געטאָן זיינס. אַזוי האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן חנהן און געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן: — „אַזאַ יפת תואר”!

פון דעמאָלט אָן, האָט ער שוין חנהן נישט אויסגעלאָזט פון אויג. יעדע באַגעגעניש פלעגט אים אָנצינדן און אָפּנעמען זיין פריערדיקע, אינערלעכע רויִקייט. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט איר לעבן, און זיך דערוווּסט מער, ווי חנה האָט זיך געקענט פאָרשטעלן.

ייסחאַק האָט געוווּסט פריער, ווי מאָרי דוד, אַז חנה קלייבט זיך צו גיין אַרבעטן מחוץ לביתה. נישט אומזיסט האָט ער זיך געחברט מיט שפרהן, דאָס מיידל פון דער „סאָסיאַליט”. שפרה האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן, נישט נאָר צוליב דער הילף, וואָס זי האָט פון אים גענאָסן ביי איר סאָציאַלער אַרבעט. זי האָט אין אים געפונען אַ שיינעם בחור, אַ פּיקח, אַן אַקטיוויסט, אַ בחור מיט פייערדיקע אויגן, זי איז אויך געווען אַ פריילן... פון שפרהן, האָט ייסחאַק זיך דערוווּסט אַלץ, וואָס עס האָט אַ שייכות מיט חנהן. ער האָט פאַרשטאַנען מאָרי דודס שווער געמיט און רוגזה: — ס׳האָט אים געפייניקט די אייפערזוכט. אויב חנה וועט אַרבעטן אויסער דער היים, וועט זי זיכער זיך געפינען צווישן פרעמדע גברים...

וואָס ווייטער זענען מער יוגנטלעכע אַוועק פון ראש המעין קיין פתח תקוה, רמת גן און תל אביב. זיי זענען אַוועק אַרבעטן אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן, זיך אויסגעמישט מיט אשכנזישע אַרבעטער, איבערגענומען זייערע זיטן און שטייגער, און דאָס מיטגעבראַכט אין די היימען.

דער דורשט אַלץ צו וויסן, און דער ווילן צו לערנען, איז געווען שטאַר־קער ווי דער ווילן פון די עלטערן. די יונגע האָבן איבערוועלטיקט די אַלטע. מען האָט פאַרזיכטיק געקירצט די פאות, אָדער זיי באַהאַלטן אונטער די היטלען, מען האָט זיך גענומען קליידן „פרענקישע" (איראָפּעיִש) און... ווי מאָרי דוד האָט געטענהט, בין מנחה למעריב, אין שולעכל, „איז זייער שלעכט, מחמת די „מגיפה" האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן מיידלעך און יונגע נשים נשואות".

די „מגיפה" האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מאָרי דודס שטילער היים. חנה איז געוואָרן אַן אַנדערע, איר נישט צו דערקענען. זי איז מער נישט יענע שטילע יתומה, די געהאָרכזאַמע, טרייע אשה, מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויגן... צוריקגערעדט, האָבן די שכנים געטענהט: „ווען חנה וואָלט געהאַט קינדער, ווי אַלע נשים, וואָלט זי נישט געקענט פאַרשווינדן אויף גאַנצע טעג, צו גיין אַרבעטן אויסער דער היים. אין בעסטן פאַל, וואָלט זי געקענט אַוועקגיין אויף אַ פּאָר שעה, עטלעכע מאָל אַ וואָך, מאַכן ספּאָנדזשע (וואַשן דילן), צו פאַר־דינען אויסצוהאַלטן די משפחה, איז אָבער חנהס טראַכט פאַרשלאָסן"...

צום סוף, איז די מענטשן מיאוס געוואָרן זיך צו פאַרנעמען מיט דער רעטעניש, ווער עס איז „שולדיק", חנה אָדער דער מאָרי דוד, ווי עס איז זיי בשעתו מיאוס געוואָרן די זעלבע ריידעריי אין צנעה. דעם ביטערן סוד האָבן געוווּסט נאָר זיי ביידע, נאָר מחמת שלום בית, האָט זיך דער מאָרי דוד, געוואָרגן מיט זיין בושה און פאַרשטאָפּט די אויערן פאַר דעם מינדעסטן רמז וועגן גט.

וואָלט דער מאָרי דוד געלעבט אין תימן, וואָלט אין זיין שטוב שוין לאַנג געווירטשאַפט נאָך אַן אשה; דער חרם פון רבינו גרשום, איז נישט חל אויף די יידן פון תימן, אלא אין ישראל, איז דער כח פון געזעץ מחייב אַלע תו־שבים פון דער מדינה, מקיים צו זיין דעם חרם פון רבינו גרשום. אמת, עס זענען דאָ פאַלן פון מרידה פון נישט פאָלגן אַזעלכע אומזיניקע חוקים ומש־פטים, וואָס קנסענען מיט תפיסה פאַר חתונה האָבן מיט צוויי נשים, אַפילו כדי מקיים צו זיין די מצוה פון פריה ורביה, וואָס עס איז אַ דין מיט אַ מצוה צוזאַמען, פון גאָר אַלטע צייטן, איידער רבינו גרשום איז געבוירן געוואָרן.

עס זענען דאָ חכמים מיט רבנים, וואָס וויסן, אַז דיני דמלכותא דארעא,

זענען כדיני מלכותא דרקיע, אלא, וואָס מיר דינים פון מלכותא דארעא, וואָס אַסרן ממשיך צו זיין יידישע דורות? איז אַזוינס נישט פיקוח נפש דישראל?

ס׳זענען אויך דאָ חכמים־קנאים, וואָס זענען מתיר, בשתיקה, אַ צווייט מאָל חופה וקדושין. אמת, אַזעלכע פאַלן זענען ווייניק, ס׳איז איינגעשטעלט. אייגן בלוט און פלייש, אייגענע מענטשן ווערן מלשינים.

מאָרי דוד טראַכט נישט, און חלומט נישט פון אַ צווייטער אשה. פאַר אים איז חנה גענוג. חנה איז גוט, אַזוי ווי זי איז. ער וואַרט נאָר אויף רחמי שמים! זיין צרה איז, וואָס ער קען נישט מלחמה האַלטן מיט חנהן, בעת זי פאַרשווינדט פון דער היים אויף גאַנצע טעג, צו באַדינען אשכנזים אין פּתח־תקוה. וויפל מאָל ער האָט פּרובירט שמועסן מיט חנהן, מיט גוטן און מיט בייזן, אַז זי זאָל לעבן און זיך אויפפירן ווי אַלע נשים פון איר גלייכן, נישט אַוועקצוגיין פון דער היים, — האָט נישט געהאָלפן. ער האָט ביי איר גאָר־נישט געפועלט. ער איז איר מוחל די פאַרדינסטן. וויפל ער פאַרדינט, מוז זיין גענוג פאַרביידן, — „לחם במשורה״, זאָגט ער, — „איז יידיש. אויב דו ווילסט שוין יאָ אַרבעטן, איז גענוג אַ פּאָר שעה אַ טאָג, נאָר אויסצופילן דעם חסר״. אָבער — — — לכתחילה האָט חנה אַלץ אויסגעהערט און גע־שוויגן. זי האָט נישט געוואָגט, און נישט געוואָלט ווידערשפּעניגן איר מאַן, דעם געלערנטן דוד.

צום סוף זענען איר דערעסן געוואָרן זיינע טענות, און זי איז אַרויס מיט לשון: — „וואָס ווילסטו פון מיר? איך באַזאָרג דיר מיט אַלץ, איך מאַך דיר עסן, איך רייניק די היים, איך וואַש דיין וועש און די בגדים, זאָלסט שטענדיק טראָגן אַ ריינע העמד מיט אַ ריינעם בגד, איך לאַטע, איך צערעווע און שטריק, איך האָרעווע פון פאַר טאָג ביז האַלבער נאַכט, און מיט דעם אַלעמען געפין איך זיך נישט קיין אָרט אין אַ יידיקער שטוב אָן קינדער. וואָס פאַר אַ טענות קענסטו האָבן צו מיר? ברענג איך דיר נישט אַ יעדער פּרוטה, וואָס איך פאַרדין?״

נאָך אַזאַ מענה־לשון, האָט זיך דער מאָרי דוד איינגעקאָרטשעט אין זיין ווייסן קאַפּטאַן, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און גענומען זאָגן תהילים, בקול רם, כדי נישט צו הערן חנהס תוכחה. דעם ספר תהילים האָט ער געקענט אויף אויסנווייניק, ביזן לעצטן אות.

די אַרבעט האָט חנהן פאַרשאַפט, שפרה, פון דער „סאָסיאַליט". זי האָט געאַרבעט ביי איינעם אַ רופא אין פּתח תקוה.

בעת די עלטערע תושבים פון ראש המעין האָבן נישט פאַרטראָגן שפרהן, איז זי געווען אָנגעלייגט ביי די יונגע.

די עלטערע יידן האָבן אויך נישט פאַרטראָגן ייסחאָקן. „ייסחאָק פירט קינדער צו כפירה, און שפרה קריכט אַריין אַלעמען אין די ביינער, אומעטום שטעקט זי איר נאָז".

— „מוחל, מוחל טובות, לא מעוקצך ולא מדובשך", — האָבן זיי געמורמלט, ביידן הינטער די פּלייצעס.

שפרה האָט זיך דערנענטערט צו חנהן, מיט דער כונה איר צו העלפן, ווי זי פלעגט העלפן אַנדערע פאַרליטענע פרויען. זי האָט געוווּסט, ווי אַזוי, בנעימות, געלאַסן, מיט אַ סך געדולט, צו פאַרטרייבן פון ראש המעין די „באַבעס" מיט זייערע סגולות, קמיעות און אָפּשפּרעכערייַ, באַזונדערס, די יעניקע, וואָס פלעגן אָפּנעמען קינדער און „היילן" קראַנקע, נישט איינעם אַוועקשיקנדיק אויפן עולם האמת.

בעת שפרה האָט זיך דערוווּסט פון דער קינדערלאָזיקייט, אין מאָרי דודס היים, האָט זי צו רו געלאָזט דעם מאָרי, און זיך פאַרלייגט אויף חנהן, זי זאָל קודם כל גיין אַליין צו אַ דאָקטער, און נאָך דעם ווירקן אויפן מאַן, ער זאָל אויך אַזוי טאָן.

חנהן איז איינגעפאַלן די נשמה פון פחד און בושה. „זי וועט זיך גיכער אָנטאָן אַ מעשה". זי וועט בשום אופן נישט גיין צו אַ דאָקטער און נישט וואַגן, אַזוינס צו בעטן ביי מאָרי. גיין אַרבעטן איז עפּעס אַנדערש. דער מאָרי וועט זיך טאַקע רוגזן און צום סוף משלים זיין. די איינקונפט פון דער אַרבעט, וועט שטאַרקן איר מעמד כלפי אים, און וועט איר אויך דערמעגלעכן אַרויסגיין פון דער קלאָגעדיקער, היימישער לופט.

חנה האָט געאַרבעט שווער, זייער שווער: ביי זיך אין דער היים, און ביי „יענעם". פונדעסטוועגן האָט די פראַצע נישט געמינערט איר שיינקייט. זי איז געבליבן שיין ווי אַ בלום, איינגעהילט אין איר אומגעלומפּערטן לבוש, מיט די לאַנגע, שמאָלע הויזן, מיטן קאָפּ־טיכל ביז די אויגן.

דער דאָקטער, ביי וועמען חנה האָט געפונען אַרבעט, איז געווען אַ ייד

פון דער דריטער עליה, אַ געוועזענער חלוץ פון רוסלאַנד, וואָס האָט די ערשטע יאָרן אין לאַנד געאַרבעט עבודת פּרך, ביים טריקענען זומפּן און בויען כבישים. ער האָט פאַרבראָכן זיין אומנות אַ פּאָר יאָר צייט, ביז מאַ־לאַריע האָט פאַרצערט זיין געזונט.

דער דאָקטער האָט געקרענקט, געפיבערט, געליטן פון אַ געשוואָלענער מילץ, ביז ער האָט חתונה געהאַט, מיט דער חובשת (קראַנקן־פלעגערין), וואָס האָט אים באַדינט: — גאַנצע נעכט געקילט די היץ מיט נאַסע טיכער, אים איינגעגעבן כינין, און געקאָרמעט ווי אַ קינד.

ווי אַ דאָקטער, האָט ער איינגעזען, אַז מיט אַזאַ מילץ, וועט ער מער נישט טויגן צו עבודת פּרך. ווען וועט ער טאָן אַ טובה, אויב די מילץ וועט פּלאַצן?

פונעם דאָקטערס בעט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ געצעלט, האָט די חובשת געגומען לערנען, ווי זיך צו באַגיין מיט קראַנקע. וואָרעם דעמאָלט, זענען נאָך נישט געווען אין לאַנד אַזעלכע שולעס. דעמאָלט פלעגט אַן אַרבעטער־קאָלעקטיוו באַשטימען אַ מיידל, זי זאָל זיך פאַרנעמען מיט קראַנקע, ווי ער פלעגט באשטימען אַ חברטע צו וואַשן וועש, קאָכן בורגול (גרויפּן) און פּרעגלען ציבעלעס אין אייל.

דער דאָקטער האָט ליב באַקומען זיין פלעגערין. זי אים אויך...

די פריינדשאַפט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ חתונה.

ביידע האָבן געדונגען אַ צימער אין פּתח תקוה, און בלית ברירה, מחמת פּרנסה, אָנגעהויבן היילן קראַנקע. נאָך אַלעמען איז דאָס געווען אַ פראַגע פון פּיקוח־נפש, אָן גוזמא.

אין מדינת ישׂראל איז שוין דער דאָקטער געווען באַרימט. ער האָט גע־האַט אַ גרויסע פּראַקטיק, געוווינט אין אַ רחבותדיקער דירה, געהאַט אַ זון, אַ סרן אין צה״ל, און אַ חתונה געהאַטע טאָכטער אין אַ קיבוץ.

זיין פרוי וואָלט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז זי איז געווען אַ מאָל, גאָר אַ מאָל, אַ חובשת, נאָר דאָס פאָלק, האָט איר ווייטער גערופן „חובשת״. אַזאַ צונאָמען איז נישט געווען קיין אומכבוד אין יענער סביבה, ווו זי האָט זיך אויסגעלעבט. די ליבשאַפט פונעם עולם צום עלטערן דאָקטער, איז אויך צוגעפאַלן צו איר, זיין פרוי, די „חובשת״.

לכתחילה האָט חנה דאָרטן אָפּגעטאָן נאָר די שווערע אַרבעט, געמאַכט „ספּאָנדזשאַ״, געוואַשן וועש און כלים. ביסלעכוויַיז האָט איר די „חובשת״ אויסגעלערנט אַנדערע שטוביקע מלאכות, ווי פּרעסן העמדער און קליידער, צוגרייטן לייכטע מאָלציַיטן, און גרייטן דעם טיש, ווען קיין געסט זענען נישט געווען.

אין אַזעלכע פּאָלקסטימלעכע משפחות, ווי ביים דאָקטער, עסט די „עוזרת״, צוזאַמען מיט דער משפּחה, ביים זעלבן טיש. נאָר די „חובשת״, האָט אַזוינס בשום אופן נישט געקענט פּועלן ביי חנהן. דאָס איז געווען איבער אירע השגות. זי האָט זיך נישט געקענט צוגעוואוינען צו געברויכן גאָפּל־מעסער, ווי מען האָט איר געלערנט און נישט צו עסן, מיט די הענט, גלייך פונעם טעלער. עס איז איר געווען ניחא צו עסן אַליין אין קיך, פון קיינעם נישט געשטערט.

די גברת־חובשת איז געווען צופרידן פון חנהן. ווער רעדט נאָך, אַז זי האָט געקענט דערציילן אירע באַקאַנטע, אַז זי דערציט אַ נייע עולה, פון תימן, ווי זי זאָרגט פאַר איר, אַפילו פאַר איר מאַן, אַ מלמד אין ראש המעין.

אַזוי, טריט ביי טריט, איז חנה אַריין אין אַ נייער אומבאַקאַנטער סביבה פון אַשכנזים, צו דערקענען אַ נייעם לעבן. ביסלעכוויַיז האָט חנה זיך גענומען קליידן אַנדערש און געניסן פון די געניצטע קליידער, וואָס די גברת פלעגט איר שענקען, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. זי פלעגט איבערנייען די קליי־דער אונטער דער השגחה און די אָנווייזונגען פון דער גוטער גברת, זיי זאָלן איר פּאַסן.

מיט דער צייט, האָט זיך חנה באַקענט מיט נאָך „עוזרות״ פון איר גליַיכן, זיך געטראָפן מיט זיי אין מאַרק און אין די געוועלבן, ביים אָפּנעמען די קניות, די פולע, שווערע קוישן, וואָס עס פּאַסט נישט פאַר אַ גברת אַליין צו טראָגן. זיי פלעגן איר דערציילן פון זיך, און פון זייער נישט לייכטער דאָליע אין די קיכן, וווּ זיי האָרעווען און שטייען אויס נגישות פון די גברות, אדונים, און זייערע קינדער. זיי פלעגן מקנא זיין חנהן, וואָס האָט „גוט געטראָפן״, צו אַרבעטן ביי לייטישע מענטשן...

עס איז געקומען דער טאָג, ווען חנה האָט געוואַגט נישט אָנצוטאָן איר אַלטן לבוש, מיט די לאַנגע הויזן. זי האָט אָנגעטאָן אַ געבלומטע קלייד,

האַלבע זאָקן מיט פֿאַנטאָפֿל אויף העכערע אָפּצאַסן. זי האָט אויסגעטאָן די בראַסלעטן, אַראָפּגעוואָרפֿן די טונקעלע קאָפּ־טוך, אַ באַהאָנגענע מיט קמיעות, און פֿאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ פּשוט, קאָלירט טיכל, וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט אין גאַס, ווי אַ מציאה.

בעת דער מאָרי דוד האָט איר דערזען אינעם נייעם לבוש, האָט אים ס'בלוט פֿאַרקאָכט. ער האָט עטלעכע מאָל אויסגעשפּיגן, און נישט געקוקט אויף זיין חולשה, זיך געוואָרפֿן אויף איר מיט זיינע קנאָכיקע פֿויסטלעך, שרייענדיק: — „סוררת, חצופה! פּוזמקאות האָסטו אָנגעטאָן, צו ווייזן שטיקער פֿון דיינע נאַקעטע פֿיס. גוואַלט! — דו גייסט צו שמד, צו כפירה, חצופה! — אַרויס פֿון מיין שטוב, אַרויס!"

האָט אים חנה אָפּגעשטויסן פֿון זיך, און איז צום ערשטן מאָל אַנטלאָפֿן פֿון איר היים, נישט צו זאָגן שלום, נישט צו דערלאַנגען דעם מאָרי זיין פֿינדזשאַן קאַווע, אָפּילו נישט אַ וויש צו טאָן מיט די פֿינגער איבער דער מזוזה, און זיי צולייגן צום מויל.

אַ צעפּלאָמטע, שווער אָטעמענדיק, איז חנה צוגעלאָפֿן צום אויטאָבוס, געקויפֿט דעם בילעט, זיך פֿאַרקליבן אויף דער לעצטער באַנק, אין אַ ווינקל, און זיך צעוויינט אין דער שטיל. זי האָט זיך באַמיט גאָרנישט צו טראַכטן, מחמת חרטה, אָדער מחמת רחמנות אויף מאָרי, איר מאַן, וואָס האָט קיין מאָל נישט געוואַגט הויבן אויף איר אַ האַנט. זי האָט אים צום ערשטן מאָל נישט דערלאַנגט זיין פֿרימאָרגן־קאַווע, אַפּילו נישט אַראָפּגענומען דאָס עסן פֿונעם פּייער־טאָפּ.

ס'האָט זיך געמאַכט, אַז אין זעלבן אויטאָבוס, האָט זיך געפֿונען דער לערער ייסחאַק, וואָס האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט נעבן חנהן.

ייסחאַק האָט איר צום ערשטן מאָל געזען וויינען. בעת זי האָט זיך באַרויִקט, האָט ער איר געפֿרעגט, הלמאי זי איז אַזוי צעטראָגן, „אפשר איז דער מאָרי קראַנק?"

„לא", האָט זי אָפּגעהאַקט, אָפּווענדנדיק די אויגן צום פֿענצטער. „לא", האָט זי איבערגעחזרט.

ייסחאַק האָט איר אלכסונדיק באַטראַכט, און באַמערקט איר נייעם הילוך, נישט גלויבנדיק די אייגענע אויגן.

„אויב אַזוי", — האָט ער שטיל געזאָגט צו חנהן, — „געפעלסטו מיר בעסער, ווי פריער, נעם זיך נישט צום האַרצן".

„מאַלעש חנה, וועסט זיך צוגעוווינען, אַלע וועלן זיך צוגעוווינען. דאָ איז נישט צנעה, דאָ איז מדינת ישראל. בחיי חנה, ביסט באמת אַ מוטיקע אשה. אַזוי דאַרף זיין, אַזוי!"

בדרך כלל, האָט חנה זעלטן געהערט אַ גוט וואָרט פון די אַרומיקע, אויף איר חשבון, אַ פשיטה, ווען איר אויסזען. מיטן מאָרי דוד לעבט זי שוין קנאַפּע צען יאָר. ער האָט איר קיין מאָל נישט געזאָגט קיין גוט וואָרט, ווי מען זאָגט צו אַ פרוי — אַ וואָרט, וואָס זאָל גלעטן. זעלטן ווען, האָט ער זי אַ קוש געטאָן און דער קוש — איז איר געווען דערווידער, מחמת דעם שלעכטן ריח פון זיין מויל און די נאָדלען פון זיין בערדל.

מיט שרעק און איבל, דערמאָנט זי זיך זייערע ערשטע נעכט צוזאַמען, ווען ער פלעגט ליגן ביי איר זייט, ציטערן און קרעכצן פון מאַכטלאָזיקייט. זי פלעגט זיך בייסן די ליפּן ביז בלוט, ביז, זי האָט זיך גענומען אויס־בעטן באַזונדער, אויף אַ צווייטער מאַטע. דער מאָרי דוד האָט נישט רעאַ־גירט, ווי עס וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.

עס זענען אַוועק אַ סך שלאָפלאָזע נעכט. זי פלעגט זיך דרייען און וואַרפן פון איין זייט אויף דער צווייטער. איר גאַנץ לייב און לעבן האָט געוויינט, ביזן לעצטן גליד. און אָט הערט זי פון לערער ייסחאָק גוטע ווער־טער, וואָס וואַרעמען און גלעטן... זי האָט זיך פאַררויטלט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און זיך געמאַכט קוקן אין פענצטער, ווו עס זענען פאַרבייגעפלויגן פעלדער, בוימער און שמעקעדיקע פרדסים.

די גברת מיטן דאָקטער, האָבן זיך אויך איבערגעוווּנקען, דערזעענדיק איר אין דעם נייעם לבוש. ביידע האָבן נישט פאַרלוירן קיין וואָרט. ערשט שפּעטער האָט די גברת געשמייכלט, איר געגלעט איבערן קאָפּ און גוטמוטיק געזאָגט: „ככה, חנה! עס קליידט דיר. ביסט מלא חן. האָסט גוט געטאָן, וואָס דו האָסט אַראָפּגעוואָרפן די מכנסים, וואָס האָבן דיר פאַרמיאוסט. איצט, חנה, דאַרפסטו זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן, און דו ווערסט אַ גברת".

יענעם אָוונט האָט זיך חנה צוריקגעקערט אַהיים מיט אַ שווערן געמיט, מיט אינערלעכן אומרו. זי האָט דערוואַרט אַ נייעם דין־ודברים מיטן מאָרי

דוד, אָבער עס איז גאָרנישט געשען. זי האָט געפונען דעם מאָרי זיצן צונויפ־געקאָרטשעט, אויסזעענדיק קלענער, און נעבעכדיקער ווי ער איז געווען. ווי שטענדיק, איז ער געזעסן אויף דער מאַטע, אָנגעלענט אָן אַ קישן. אָן אַ זייט איז געלעגן איבערגעדרייט דער פינדזשאַן אין אַ ריטשקע קאַווע. אויפן נידעריקן טישל, ביים אויסגעלאָשענעם פּייער־טאָפּ, איז געשטאַנען צוגעע־ברענט דאָס עסן, וואָס זי האָט צוגעגרייט פאַרן אַוועקגיין.

מאָרי דוד איז געזעסן ווי אַ שטיק וואַקס. אַ גאַנצן טאָג האָט ער גע־פאַסט און געזאָגט תהילים מיט זוהר. די תלמידים האָט ער געשיקט אַהיים, זאָגנדיק זיי אַז ער איז נישט בקו הבריאות, אַז ער קען היינט נישט לערנען. יענער אומגליקלעכער טאָג פון מאָרי, איז געוואָרן אַ יום טוב פאַר זיינע תלמידים, וואָס זענען אַרויס אויף דער פריי, צו צעטראָגן די ידיעה, אין זייערע היימען, אין דער לאַנגער גאַס פון ראש המעין.

ווייזט אויס, אַז ווינטן האָבן פאַרטראָגן אַלע נייעסן פון ראש המעין, ביז ווייט קיין יבניאל, צו חנהס פעטער. מען האָט דעם פעטער דערציילט, אַז חנה איז אַראָפּ פון גלייכן וועג, זי איז געוואָרן אַ סוטה, ביז זי האָט פאַר־ביטן איר היימיש־יידישן לבוש, זיך צו קליידן „פרענדזשי״ (אייראָפּעיש) און זי איז געוואָרן אַ חצופה.

נאָך מער: חנה לאָזט איבער דעם מאָרי דוד אַליין, גאַנצע טעג. אַפילו אין די אָוונטן בלייבט ער אַליין, ווייל חנה גייט גאָר אויף אַזעלכע קורסן צו לערנען לייענען און שרייבן, און איינער אַ כופר, אַ לערער, פאַרדרייט איר דעם קאָפּ, נישט אַראָפּצונעמען פון איר זיינע אויגן; באַגינען באַגלייט ער איר צו דער אַרבעט, און גאָר אָפט זעט מעןביידן זיך צוריקקערן צוזאַמען פון פתח תקוה.

מען האָט אים דערציילט, אַז מען האָט געזען חנהן טאַנצן מיט יונגע גברים, אויף איינער פון די הלולעס, וואָס דער לערער, דער כופר, פראַוועט פאַר דער יוגנט פון ראש המעין. עס איז אים קנאַפּ צו פאַרסמען זייערע נשמות, מוז ער אויך פאַרדאַרבן זייערע גופים, רייצן דאָס בלוט, מקרב זיין בחורים מיט מיידלעך אָן חופה וקדושין, — „אוי ואבוי לנו!״

דעם פעטער האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז „גם חנה בתוכם״, כאָטש אַזעלכע מעשיות זענען אים נישט פרעמד; ער זעט אַזוינס אין יבניאל, אין

פוריה, אפילו אין שרונה, ווו ער גייט אַרבעטן. זיינע פאַרזעסענע טעכטער גייען אויך אין די אָוונטן לערנען קריאה וכתיב. אַזאַ איז די היינטיקע וועלט.

דעם פעטער האָט שאָקירט חנהס באַציִונג צו אַזאַ אײדעלן מאַן, אַזאַ מיוחס און תלמיד חכם, ווי מאַרי דוד. נאָך אַלעמען איז חנה נישט קיין פאַרזעסן מיידל, וואָס דאַרף גיין אויף אָוונט־קורסן אויסקוקן אַ חתן. זי איז אַן אשת איש. אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרטן ווו עס זענען נישטאָ קיין קינדער, איז שלעכט און ביטער. ער האָט זיך דערמאָנט אָנעם פסוק: „אין השמחה שרויה אצל חשוך בנים, — די שמחה איז אָפּגעטאָן פון דעם יעניקן, וואָס האָט נישט קיין זין״, אַ פשיטא, ווען עס זענען בכלל נישטאָ קיין קינדער.

וועגן דעם פלעגט דער פעטער שמועסן מיט זיין זוגתי, האַלבע נעכט. זי ווידער האָט אים געפּרעסן, און געשטאָכן מיט איר שאַרפער צונג, באשר זי גלויבט אַלץ, אפשר מער ווי מען דערציילט. נאָר ער וויל פאָרן קיין ראש המעין, זאָל ער פאָרן. זי וועט אים נישט שטערן. זאָל ער אויפהערן זיך פּרעסן. איז דער פעטער געפאָרן, באַלד ווי עס האָט זיך געמאַכט אַן אומ־זיסטע נסיעה.

דער שאָפער פון „תנובה״, וואָס פירט די מילכיקס פון שרונה קיין עפולה און טבריה, איז געפאָרן צו משפחה, אויף א שמחת־מצוה, קיין פתח תקוה. ער האָט אים מיטגענומען און צוגעזאָגט, אַז „אם ירצה השם, צו מאָרגנס, וועל איך דיר צוריקברענגען קיין שרונה. פון שרונה קיין יבניאל, איז דער מהלך, ווייניקער פון אַ תחום שבת״.

אַז דער פעטער האָט זיך דערקליבן צום מאַרי דוד, איז אים שלעכט געוואָרן אויף דער נשמה, נישט געפינענדיק חנהן אין דער היים, אין דער מחיצה פון איר מאַן, ווי עס פירט זיך אין יידישע משפחות. ער האָט געפונען דעם מאַרי דוד אַליין.

דער מאַרי איז געזעסן אויף דער מאַטע, ביי אַ פאַררויכערטן נאַפט־לעמפּל. דאָס שוואַכע ליכט איז געפאַלן אויף די פאַרגעלטע בלעטער פון זוהר הקדוש, אַ ירושה־ספר פון פאָטער זצ״ל. דער מאַרי האָט געהאַלטן דעם ספר ווייטלעך פון די אויגן, און איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין הייליקן שריפט, אַז ער האָט נישט באַמערקט דעם גאַסט איבערטרעטן זיין שוועל.

„אַהלאַן, שלום יאַ שאר בשרי, יאַ מרן — מאַרי דוד, עליכם השלומים והברכות!"

דער פעטער האָט צוויי מאָל איבערגעחזרט זיין באַגריסונג בקול רם, ביז דער מאַרי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון פאַרטיפונג, נישט צו כאַפּן זיך תיכּף ווער זיין גאַסט איז, מחמת מיט אַ רגע צוריק, איז ער גאָר געווען אין די עולמות העליונים, מאַכנדיק אין דמיון כלערליי צרופים וחישובים פון אַ פּסוק, מיט אַ גירסה צום פּסוק, אין שייכות מיטן קץ, מיט דער גאולה און ביאת המשיח. טיף, במחשבה, איז דער מאַרי דוד געקומען צום אויספיר, אַז משיח איז נאָך נישט געקומען, ווייל הקדוש ברוך הוא פּרובירט נאָך אויס זיין פאָלק ישראל, צי ער איז שוין ראוי צו גאולה שלמה. מאַרי דוד האָט געהאַלטן, אַז דאָס פאַרגאָסן יידיש בלוט, בעת דער וועלט־מלחמה, וואָס איז געווען מלחמת גוג ומגוג, האָט נאָר מטהר געווען דעם גוף פונעם פאַר־ליטענעם עם הבחירה, בעת די נשמה פון פאָלק ישראל איז נאָך כולה שקועה בעוונותינו הרבים. די טומאה איז נישט אויסגעברענט. די יראה ראַנגלט זיך מיט דער טומאה. זי ראַנגלט זיך מיט פאַרקליידטע דמויות; ער, דער מאַרי דוד אַליין, האָט בנסתר מגלה געווען אַ שד, בצורת דעם מורה ייסחאַק, וואָס לעבט ממש אונטער זיין נאָז. די צונגען פונעם גהינום־פייער, שלאָגן אָן ביז די ווענט פון בית ספר אין ראש המעין, ווו חנה, די אשה נשואה, די סוטה, זיצט איצט איבער אַ טריף־פּסולדיקן מעשה ביכל. זי זיצט דאָרטן מיט נאָך אַזעלכע זינדיקע ווי זי, גברים ונשים צוזאַמען.

„שמע בקולי, שאר בשרי", האָט דער מאַרי דוד געזאָגט בלחש צום פעטער, אויסשטרעקנדיק צו אים זיין ציטעריק־מאָגער הענטל, מיט די גרוי־סע געלע נעגל, — „שמע בקולי! דער כופר, אַ שד בצורת אדם, ייסחאַק ימח שמו, שטייט איצט פאַר דער כיתה, מיט אַ טמא ביכל אין דער האַנט. ער לייענט עפּעס פיר, בקול רם... שמע שאר בשרי. זיין טריפענער קול דערגייט ביז דאַנען. דאָס לייענט ער נאָר פאַר איר, פאַר חנהן. ער פרעסט איר מיט די אויגן. זי איז, בעוונותינו הרבים, געפאַלן בשבי, ביי אַ נישט גוטן ימח שמו"...

אַ שעה שפּעטער, בעת חנה האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, איז זי בשתומם געוואָרן, צו דערזען מיט שרעק, צוויי שאָטנס אויף דער וואַנט, צו־געטוליעט קאָפּ צו קאָפּ, פאַרגליווערטע. דער מאַרי דוד האָט געטייטלט מיט

אַ פינגער אין אַ ספר, און אין דער שטיל אַריינגעטענהט צו אַ צווייטן מענטשן, וואָס זי האָט אַ ווײַלע שפּעטער דערקענט, צו איר פעטער.

„אַי״, האָט זי אַן איבעררעשטע אויסגערופן, — „אַי! פעטערל, דודי״...

האָבן זיך ביידע מענער אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שלאָף. מאַרי דוד האָט אַרויסגעלאָזט דעם ספר פון האַנט, און אים צוריקגעכאַפּט, אַ קוש געטאָן, און צוגעדריקט צו זיך, בעת דער פעטער איז אויפגעשפּרונגען און געבליבן שטיין, פּנים אל פּנים מיט חנהן.

„הזאת היא את? — דאָס ביסטו, חנה״?

ער האָט איר אָנגעקוקט אינעם טונקל פון צימערל, אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק, פון אויבן ביז אַראָפּ און געבליבן צוגעשמידט צו חנהס אויגן, וואָס האָבן געגליט.

„אַייוואַ, יאָ, דאָס ביסטו, חנה״.

אין חנהס מחיצה האָט זיין אָנגעווייטיקט האַרץ אָנגעקוואָלן מיט רחמים, מיט בענקשאַפט פון אַ מאָל, אַ מאָל, ווען ער פלעגט איר טרעפן אַלס קינד, מיט אַ פינגער אין מויל. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט איר געפירט צו זיך, נאָך דער קבורה פון זיין שוואָגער, דעם גאָלדשמיד, ווו זי איז פאַר־בליבן, ביז דער חתונה. ער האָט איר ליב געהאַט, און האָט איר ווייטער ליב, ווי אַן אייגן קינד. אין דער רגע האָט ער אַלץ מיט אַלעמען פאַרגעסן און מיט ליבשאַפט האָט ער איר אַרומגענומען, צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיין ברוסט, און געשטאַמלט: — „חנה, חנה, יאָ בינתי, חנה יתומה״...

דער מאַרי דוד האָט זיך געמאַכט, ווי ער זעט גאָרנישט. ער איז געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטער מיטן ספר אין האַנט, בעת אין דער אמתן, האָט ער געברענט פון אייפערזוכט. דער נאָמען ייסחאַק, האָט געעגבערט זיין מוח, ווי דער מאָסקיט, אינעם אויער פון טיטוס הרשע.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך באַרויִקט, האָט חנה צעבלאָזן די קוילן אינעם פייער טאָפּ, פאַרבריט קאַווע, און מכבד געווען דעם מאַרי דוד מיטן גאַסט. אַליין איז זי געבליבן שטיין פון ווייטן, ביז ביידע האָבן הילכיק אויסגע־ליידיקט די טעפּעלעך. נאָך דעם איז זי צוריקגעגאַנגען אין איר ווינקל, צוצו־גרייטן עסן פאַרן גאַסט און פאַרן מאַרי דוד. אַליין, האָט זי גאָרנישט טועם געווען.

דער פעטער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט, בעת דער מאָרי, האָט קוים באַ־רירט די שפּייז. נאָך ברכת המזון, האָט חנה צוגעראַמט די שיריים, און זיך צוגעזעצט אין אַ ווינקל פון דער מאַטע, אויספרעגן דעם פעטער, וועגן אַלץ מיט אַלעמען, פון זיין היים אין יבניאל, בעת מעשה פאַרריכטנדיק אַלע ווײַלע דעם קנויט אין לעמפּל, וואָס האָט דוקא היינט גערויכערט און פאַר־שוואַרצט די גלאָז, מער ווי שטענדיק.

עס איז געוואָרן שפּעטלעך. אין דרויסן האָט מען שוין מער נישט גע־הערט די ריידערײַ און די שטיפערײַ פון דער יוגנט. שטיקלעך וואָלקנס האָבן זיך געריצט מיט אַ דרייפערטלדיקער לבנה, וואָס האָט זיך באַמיט אַראָפּ־קוקן אונטן. די וואָלקנס האָבן איר אַלע ווײַלע פאַרשטעלט דעם פּנים. פון די נאָענטע ירקון־קוואַלן האָט זיך געהערט די שטענדיקע פּלאַפּלערײַ פון די זשאַבעס, און דאָ, אונטערן פענצטער פון מאָרי דוד, האָבן זיך איבער־געפרעגט מיאוסע, שוואַרצע שפּרינגער, וואָס האָבן זיך געפּאָרט און געריבן די הינטערשטע פיסלעך. אין די אויערן האָבן געזשומעט מאָסקיטן.

דער פעטער, וואָס האָט געדאַרפט מאָרגן גאַנץ פרי, זיך צוריקקערן אַהיים, האָט נישט באַוויזן צו כאַפּן אַ שמועס מיטן מאָרי דוד וועגן תכלית, וועגן די ריידערײַען און די רמזים פון צעבראָכענעם שלום־בית. ווייזט אויס, אַז אויך ביים מאָרי דוד איז דאָס האַרץ געווען גענוג אָנגעקוואָלן מיט עגמת־נפש, פול, ביז די ברעגעס, מיט טענות ומענות, מיט ביטערניש און ווייטאָג.

האָט זיך מאָרי דוד נישט געלאָזט לאַנג בעטן אַרויסגיין אין דרויסן, כדי, שלא בנוכחות האשה, זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, און הערן, וואָס דער פעטער וועט זאָגן, וויסנדיק לכתחילה, אַז דער פעטער וועט זיין חנהס מליץ יושר.

אין דרויסן, האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף אַ באַלקן, נישט ווייט פון דער היים, און גענומען ריידן בלחש. לכתחילה האָבן זיך די רייד נישט געקלעפּט, אָבער, אַז דער שמועס האָט זיך פאַרפעדימט, האָבן זיי זיך אויס־געטענהט ביזן סוף.

מאָרי דוד האָט אַלץ דערציילט, מחוץ ביידנס עינויים אין די נעכט. דער פעטער האָט געענטפערט מיט עצות, נישט צו נעמען אין חשבון קיין גט. דער מאָרי דוד האָט נישט געוואָלט בלייבן קיין גרוש, און נאָך דעם ווידער

איבערחזרן די נעכט מיט אַ צווייטער אשה, מי יודע, ווער זי קען זיין. עס איז אויך געווען אומזיניק צו ריידן וועגן אַריינבעמען אַ צווייטע אשה אין שטוב, מחמת אימת־הדין, און דער שאַרפער קעגנערשאַפט פון פעטער, וואָס איז לויטן רושם, פונעם מאַרי דוד, אויך נישט געווען דער זעלבער עזריה פון צנעה. ער איז דאָ געוואָרן אַן אַנדערער מענטש, נאָענט צו סטיה פונעם גלייכן וועג.

דער פעטער האָט אים דערציילט, אַז זיינע טעכטער לערנען אויך לייענען און שרייבן, אַז זיי האָבן אויך געביטן זייער פריערדיקן לבוש און קליידן זיך כמנהג האשכנזים. צו זיין וויטאָג, וואַרטן נאָך ביידע טעכטער אויף שידוכים. ווער וועט זיך אומקוקן אויף זיי אינעם אַלטן לבוש? צי ווייס נישט דער מאַרי דוד, אַז די יוגנט איז דאָ אַנדערש, ווי דאָרטן? צי ליגט ביים מענטשן זיין יראת־שמים נאָר אינעם לבוש? פאַר וואָס זאָל טאַנצן און זינגען זיין כפירה? צי ווייס נישט דער מאַרי דוד פון די חסידים, ביי די יהודי אשכנז, וואָס דאַווענען זינגענדיק און טאַנצנדיק? די חסידים זענען זיך מתיחד מיטן בורא עולם דורך זמירות, וואָס קוועלן ביי זיי אַרויס ממעמקים, פון די סאַמע טיפענישן אַרויס!

וואָס עס איז שייך דעם לערער ייסחאַק, איז ער דאָך אַן אחד משלנו, מיהודי תימן. ער וויל אונדז מקרב זיין צום גאַנג פון מדינת ישראל, עס זאָלן זיך אַלע יידישע עדות און שבטים צונויפשמעלצן, אַז מיר זאָלן באמת קענען זאָגן פון גאַנצן האַרצן: — מי כישראל עם אחד! און דאָס, וואָס דער בחור, ייסחק, דערציילט דער יוגנט פון אַלע חידושים אין דער וועלט, הלמאי זאָל עס הייסן כפירה מיט מינות?

אַזוי פון שמועסן ברמז, ובלשון סגי נהור, איז מען צוגעקומען צו דער ווונד אשר בלב, וואָס דער פעטער האָט פאַרשטאַנען, ווי דעם מקור פון אַלע צרות און מחלוקת.

— „א אשה", האָט דער פעטער געזאָגט, „איז שווער צו לעבן אין אַ ליידיקע שטוב, נישט צו זיין אַרומגערינגלט און פאַרטאָן מיט קינדער"...

„ובכן", מיינט דער פעטער, „זאָל דער מאַרי דוד מאַכן נאָך אַ נסיון, אויב נישט גיין צו קיין רופא, — נישט ער, נישט חנה, — זאָלן זיי ביידע אַרויספאָרן אויפן הר הכרמל, זיך משתטח זיין, און תפילה טאָן אין דער

מערת אליהו הנביא, און בעטן גנאָד מיט רחמים, אז חנהס טראַכט זאָל זיך אויפמאַכן. הקדוש ברוך הוא וועט זיך דערבאַרעמען, אליהו הנביא וועט פאַר־נעמען אייער געבעט, און זיין פאַר אייך אַ מליץ יושר פאַרן כסא הכבוד... אַלע שכנים און קרובים, אַלע ידידים ווייסן, אַז דאָס העלפט, דאָס העלפט אַפילו, ווען אַלע תרופות, קרייטעכצער און משקאות, האָבן פריער נישט געהאָלפן"...

מאַרי דוד איז רויט געוואָרן. ער איז געוואָרן אומרויק און צעחושט. דער פעטער האָט גערעדט און גערעדט, נישט צו זען דעם מאַרי דודס פנים. זיינע רייד וועגן מערת אליהו, זענען געווען פאַרן מאַרי, דברים כדרבונות, אַ פיצל אחיזה, ווי אַ שטרוי פאַר אַ מענטשן, וואָס טרינקט זיך.

פון דער לבנה איז שוין נישט געבליבן קיין זכר. זי איז פאַרקראָכן הינטער די פרדסים און הויכע עקאַליפּטוסן. עס איז געווען שטאָק פינצטער. שטיקלעך וואָלקנס מיט טיולן, נעפל האָבן פאַרשטעלט די שטערן. עס איז געוואָרן פייכט, קיל און קאַלעמוטנע. שאַקאַלן האָבן גענומען קלאָגן פון הונגער און עלנט...



יענע נאַכט, האָט קיינער פון די דריי נישט געשלאָפן: דער פעטער איז נישט געווען געוווינט צו דער געדיכטער, פייכטער לופט פון שרון, נאָענט צום ירקון. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט, אויף דער צווייטער. ער האָט זיך געבאָדן אין שווייס און געהוסט. דאָס בעט איז דאָ געווען האַרטער, ווי אין דער היים, ווו די נעכט זענען מחיהדיק קיל. דאָס האַרץ האָט אים גע־ווייטיקט און גענאָגט: „אַזאַ גורל האָט זי, מיין חנה, די יתומה", — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין.

חנה איז געלעגן אין אַ ווינקל, ביים פייער־טאָפּ. זי האָט זיך נישט אויס־געטאָן און געטריבן פון זיך די מחשבות וועגן ייסחאַקן. זיינע זיסע רייד, זיינע גליַיקע אויגן, מיט זיין גאַנצער מראה, האָט זיך פון איר נישט אָפּגעטאָן, באַזונדערס אין די עלנטע נעכט. און דאָ איז צוגעקומען די אויפרודערונג מיטן פעטערס באַזוך. בעת זי נעמט טראַכטן פון פעטער, דוכט זיך איר, אַז איצט האָט זי קיינעם נישט אַזוי ליב, ווי איר גוטהאַרציקן פעטער עזריה, וואָס איז צו איר שטענדיק געווען, און געבליבן, ווי אַ פאָטער, אַ באַשיצער,

אַ מליץ־יושר, כלפי דער בייזער מומע, מיט די שאַרפע צינגער פון אירע טעכטער. דער מאָרי דוד, איז געזעסן איינגעהילט אין טלית, פאַרטיפט אין תיקון חצות, דאָס מאָל, אויפגערוימטער און מונטערער ווי שטענדיק. דער מאָרי האָט אין דער שטיל געזונגען:

— „אתה יודע רזי עולם, ותעלומות סתרי כל חי, — דו ווייסט די סודות פון דער וועלט, און אַלע פאַרבאָרגענישן פון יעדער באַשעפעניש".

„אתה, אתה יודע כל חדרי בטן ובוחן כליות ולב. אין כל דבר נעלם ממך, ואין נסתר מנגד עיניך! — דו, דו רבונו של עולם, ווייסט אַלע צעלן פון בויך, דו פּרובירסט אויס דעם מענטשנס נירן און האַרץ, פאַר דיר בלייבט גאָרנישט פאַרבאָרגן".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„רעי, לכה נשכימה לכרמים, שם אתן את דודי לב אהבת עולמים, — קום מיין פריינד, לאָמיר אויפשטיין, צו גיין אין די ווייננגערטנער, ווו כ'וועל דיר געבן אייביקע ליבע"...

„שפתותיך כלה צוף יזובון, ועיניך יונים לב ייטיבון, שני שדיך רצון ישאבון — דיינע לעפצן, כלה, וועלן פליסן מיט מעד, דיינע אויגן ווי טויבן, וועלן פאַרגיטיקן ס'האַרץ, דיינע ברוסטן, וועלן שעפּן ווילן"...

— „מור ואהלות בגדיך", — ווײרוך מיט גאַרדינען איז דיין קליי־דונג" — — — „צרור המור בין שדיך, — בינטלעך ווײרוך צווישן דיינע ברוסטן". — „אַי, יאַי, יאַי, אלהינו ואלהי אבותינו", האָט דער מאָרי גע־זונגען מיט חדוה, מיט מתיקות און דביקות, און באַטאָנט יעדער אות און יעדער זילב פון דער תפילה.

כעלות השחר, מיטן אויפגאַנג פונעם מאָרגנשטערן, האָט זיך דער פּע־טער אויפגעהויבן. ער איז געוועזן פאַרכאַפּט פונעם מאָרי דודס תפילה און ניגון. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין פּעקל דעם טלית ותפילין, זיך איינגע־הילט, און אַוועקגעשטעלט צוזאַמען מיטן מאָרי, ביים גרויען פענצטער, אין דער ריכטונג צו ירושלים עיר הקודש.ביידע האָבן גענומען זינגען מיט דביקות דעם „אדון עולם" פסוק נאָך פסוק, ווי זיי וואָלטן אויפגעשטאַנען נאָך אַ גוטער נאַכט, פון אַ זאָרגלאָזן שלאָף.

בעת דער פעטער מיטן מאָרי האָבן געדאַוונט, האָט זיך צעשפּרייט איבער

דער שטוב, אַ שמעקעדיקער ריח פון פריש, פאַרבריטעטער קאַווע, מיטן דופט פון אָפּגעפרישטע פּיטעס.

דער פרישטיק איז געווען גרייט.

נאָכן פרישטיק, האָט זיך דער פעטער געזעגנט מיטן מאַרי דוד, אַ קוש געטאָן די מזוזה, זיך איילנדיק צום ערשטן אויטאָבוס. חנה איז מיטגעפאָרן מיטן פעטער ביז פתח תקוה. זי איז געפאָרן צו דער אַרבעט. אונטערוועגס, האָט איר דער פעטער דערציילט דעם סוף פונעם שמועס מיטן מאָרי דוד, נישט ווייסנדיק, אַז אַ באַנק פאַר זיי, זיצט דער לערער ייסחאַק, און הערט יעדעס וואָרט...

★

באַלד נאָך תשעה באב, זענען אַלע וועגן, וואָס פירן קיין חיפה, פול געווען מיט יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויפן הר הכרמל, אויף אַ גאַנצן מעת לעת, צו דער הייל, ווו אליהו הנביא האָט זיך אַ מאָל אויסבאַהאַלטן פון זיינע שונאים. עס זענען געפאָרן גאַנצע משפחות אויסגעפּוצטע אין יום־טובדיקע קליידער, מיטפירנדיק אַלטע עלטערן, פאַרזעסענע טעכטער, חור־לאים, קאַליקעס, גרושות און אלמנות. דאָס זענען געווען עולי רגל יידן פון די מזרח־עדות, און אשכנזים פון די אַלטע ישובים אין ארץ ישראל.

עס זענען פאַראַנען מקדימים, וואָס קומען אָן אַ מעת לעת פריער, צו פאַרנעמען בעסערע פּלעצער, פריער אויפצושלאָגן געצעלטן אויפן שפּוע פון באַרג, זיי זאָלן זיין גרייט פאַר די קרובים, וואָס קומען שפּעטער. די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין צעלטן, האָבן געפלאָכטן סוכות, פון צווייגן, אַראָפּ־געבראָכענע פון אַרומיקע ביימער.

יענע טעג, לעבט און ווימלט יענער ווינקל, פונעם מערבדיקן כרמל, אַרום דער מערת אליהו, וואָס שטייט אַ גאַנץ יאָר ליידיק, אויסגעטריקנט פון זון און ווינט, באַדעקט מיט צעוואָרפענע, אַלטע באָקסער־ביימער, און ווילדע קוסטעס.

ערשט די לעצטע יאָרן, האָט מען גענומען אויסראַמען און באַצירן דעם שטח, אויסברענען די דערנער, אויסשטייניקן און טעראַסירן די סביבה, פאַר־זייען גראָז מיט בלומען, פלאַנצן ביימער, און אויסבויען טרעפּ מיט שטעגן, צו פאַרלייכטערן דעם אַרויפשטייג פאַר די עולי רגל. מען האָט פאַרלייגט

רערן צו ברענגען פריש וואַסער, מחיה צו זיין דורשטיקע, פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די שוואַכע און פאַרליטענע עולי רגל, וואָס קומען זוכן טרייסט, און בעטן הילף ביים ליכטיקן נביא, קושן די ערד מיט די פעלזן פון דער הייל, וואָס איז אַ סגולה און רפואה צו לינדערן אַלעליידן און נאָך דעם זיך צוריקקערן אַהיים מיט דערלייכטערונג און בטחון, אַז עס וועלן זיך אויפמאַכן פאַרשלאָסענע טראַכטן פון עקרות, עס וועלן געבוירן ווערן זכרים, ביי יענע, וואָס געבוירן מיידלעך, עס וועלן זיך אוסהיילן קראַנקע גלידער, — פאַר־זעסענע בתולות, אלמנות און גרושות, וועלן באַגליקט ווערן מיט חתנים.

גוט און הייליק איז אליהו הנביא ביי אַלעמען, ביי יידן, קריסטן און מוסלמענער. אַלע שבחים צום מר אליאס! (אליהו הנביא)

יענע טעג הילכן מיילן ווייט די געזאַנגען פון הר הכרמל: „אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי, שיבא אלינו, במהרה ובימינו״.

די טעג פון עליה ברגל, אויפן כרמל, איז יום טוב ביי נישט ווייניק יידן אין חיפה. מען זאַמלט זיך צונויף אין די טויזנטער, אינעם סקווער, ביי דער עיריה. מען שטעלט זיך אויס אין שורות, אין אַ מאַניפעסטאַציע. פאַנען פלאַטערן איבער אַ ים קעפּ. מען טראָגט ספרי תורות אונטער קאָלירטע חופות. בראש פונעם עולם, שפּאַנען דער ראש העיר מיט די פּני פון שטאָט, רבנים, חכמים, לומדים, ישיבה בחורים, צוזאַמען מיט „עמך״, מיט יוגנט און קינדער. מען שפּאַנט בגילה, ברינה ובשמחה רבה. מען זינגט פּזמונים, באַ־גלייט מיט נגינה פון כליזמר, מיט טרומפייטן, חלילים, פידלען, פּויקן און טאַצן.

לכבוד יום טוב, ברענען אַלע גאַסן־לאָמפּן אין מיטן טאָג, און דער וואָס האָט זיך נישט משתתף געווען אין אַזאַ גאַנג אויפן כרמל, קען נישט וויסן דעם טעם פון אַ שמחה, ניין!

„אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי,
יבא אלינו, במהרה בימינו״...



נאָכן באַזוך פון פעטער, איז געוואָרן היימלעכער ביים מאָרי דוד. ער האָט אויפגעהערט זיך צו רוגזן, און ווידער גענומען ריידן מיט חנהן, כאָטש זיי האָבן זיך נישט דערנענטערט.ביידע זענען געשלאָפן אויף דער זעלבער

מאַטע, אויף דער ערד, ווי ס׳פירט זיך, נאָר זיי זענען געלעגן אָפּגערוקט איינער פון צווייטן. איר צוקאָפּן, איז געווען דעם מאַרי דודס צופוסן. יע־דערער האָט זיך איבערגעדעקט מיט אַ באַזונדערן צודעק, וואָרעם וואָס פאַר אַ זין האָט איין צודעק פאַר צוויי מענטשן, וואָס ליגן צוזאַמען פאַרקערטע און וויטע?

מאַרי דוד האָט געקרעכצט אין די נעכט, און חנה האָט געהאַלטן פאַר־בונדן דעם קאָפּ מיט די אויערן מיט אַ טיכל. זי האָט נישט געקענט הערן, און זיך צוגעוווינען צו זיינע קרעכצן און אומרו־קע נעכט. חנה איז געווען יונג, אויסגעפּראַצעוועט, פון זיין אויף די פיס, פון פאַרטאָג ביז האַלבער נאַכט, האָט זי געוואָלט שלאָפן. דער מאַרי האָט איר געלאָזט צו רו, און געהאַלטן די הענט, ביי זיך אונטערן צודעק.

פריער פלעגט חנהס קערפּער ווײנען אין די נעכט, איצט האָבן געווײנט דעם מאַריס הענט. אַזוי איז געווען דער רצון פון זיין ליכטיקן נאָמען. וואָס האָט דער מאַרי געקענט העלפן?

איז געקומען דער חודש אב. נאָך די „דריי אויסגעפּאַסטע וואָכן״, זענען געקומען די „ניין טעג״, ווען דער מאַרי דוד האָט גאַנצע נעכט תפילה געטאָן. ער האָט באַוויינט דעם חורבן הבית, מיטן חורבן ירושלים עיר הקודש. יענע נעכט פלעגט ער איינדרעמלען, ערשט ווען די הענער פלעגן נעמען קרייען, און חנה האָט זיך שוין געפּאָרעט, אין דער שטיל, אַרום פייער־טאָפּ. נאָך אַ קורצן שלאָף, פלעגט זיך דער מאַרי אויפכאַפּן, אָפּגיסן נעגל־וואַסער, אַ שמיר טאָן דעם שטערן מיט אַש, לזכר חורבן בית המקדש, און זיך שטעלן דאַוונען. בעת ער איז געווען פאַרטאָן אין תפילה, איז דער פרישטיק געווען גרייט, און די קאַווע פאַרבריט. ביים צונויפלייגן טלית און תפילין, איז שוין חנה געווען מחוץ פון דער היים, אונטערוועגס, צו דער אַרבעט.

ווי עס איז געוואָרן אָפּגערעדט מיטן פעטער, האָט חנה אַלץ צוגעגרייט, עולה רגל צו זיין, צוזאַמען מיטן מאַרי, אויפן הר הכרמל, צו אליהו הנביאס הייל, צו געפינען אַ סגולה און תרופה.

האָט זיך געמאַכט, אַז תשעה באב אָוונט, נאָכן איבערבייסן, נאָכן תענית, האָט זיך דער מאַרי אויפגעהויבן, און געזאָגט: — „חנה! לאַ, איך בלייב אין דער היים, איך פאָר נישט, ווילסטו, פאָר אַליין אָן מיר, איך וויל נישט, אַז

לייט זאָלן לאַכן. וועט מען דיר פרעגן, ווו איך בין? — ענטפער, אַך איך בין ניט מיט אַלעמען. כ׳פאַר נישט!״

— „איך פאָר נישט״, האָט ער אַ געשריי געטאָן, און זיך צוריקגעזעצט, אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און פאַרשטעלט מיט די הענט דעם פּנים.

איז חנה געוואָרן אויסער זיך, נישט תופס צו זיין, וואָס ער מיינט. זיין אויסגעשריי האָט איר אָנגעצונדן מיט האַס צום מאַרי. זי האָט געוווּסט, אַז ער זאָגט „ניין״, וועט בלייבן „ניין״. זי האָט אים גוט געקענט. זי האָט אים נישט דערוווידערט, נישט פאַרלוירן קיין וואָרט. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַ דערצאָרנטע, אַרויסגעלאָפן פון שטוב און געלאָזן הינטער זיך אָפן די טיר.

חנה האָט זייער ליב געהאַט איר פעטער, און האָט אים אַלץ געגלויבט; — אָט האָט זיך דער פעטער מטריח געווען, געמאַכט אַ וויטע נסיעה, מיט דער כונה צו ברענגען שלום־בית אין איר צעשטערטער היים, העלפן מיט אַן עצה. „דער פעטער ווייסט, וואָס ער רעדט. דער מאַרי איז מסכים געווען. און — — — אָט פאָרט ער נישט!״

זי, חנה, איז געבוירן געוואָרן, און געלעבט אין צנעה, אין אַ יידיש ווינקל, סוף וועלט, ווו, צווישן גלויבן און אַבערגלויבן, איז נישט געווען קיין גרענעץ. דאָרטן האָט מען דורות נאָך דורות, געלעבט מיט ניסים, מיט סגו־לות, מיט אָפּשפּרעכערייי וכדומה. אַלץ איז געווען איינגעוועבט אין בטחון, אין אַ טיף פאַרוואָרצלטער אמונה, וואָס האָט געריזלט און געשטראָמט אין בלוט, אַן אמונה, וואָס מען קען נישט גיך אָפּשניידן, ווי מען שניידט אָפּ פאות, ווי מען בייט אַ לבוש. — — — פאַר וואָס זאָל זי נישט גלויבן דאָס, וואָס דער פעטער האָט געזאָגט? פאַר וואָס זאָל זי נישט אָננעמען זיין עצה?

אין תוך גענומען, נייטיקט זי זיך נישט אין עצות, אין שייכות מיט איר צרה. זי נייטיקט זיך נישט אין קיין רפואות, נישט אין קיין סגולות, נאָר זי וויל זיין ווי אַלע נשים, וואָס געבוירן קינדער, און האָדעווען זיי, דאָס איינ־ציקע גליק אין אַזעלכע היימען, ווי אירס. פאַר וואָס זאָל זי נישט טאָן אַלץ, און אַלץ נישט פּרובירן? פאַר וואָס זאָל ער נישט אָננעמען דעם פעטערס עצה? פאַר וואָס קומט איר אַזאַ פינצטערער מזל?

איז חנה געלאָפן, לענג אויס די לײדיקע גאַס. פון ביידע זייטן גאַס איז געווען ליכטיק אין די אָפענע פענצטער. פון יעדער פענצטער האָבן זיך

געטראָגן רייד מיט געזאַנג. אַלע זענען געזעסן, במסובין, אַרום זייערע נידעריקע טישלעך און הנאה געהאַט פונעם אָנבייסן נאָכן תענית, נאָר זי, זי אַליין איז געבליבן מיט תשעה באב אין געמיט.

איז זי געלאָפן ביז סוף גאַס, הין און צוריק, זי איז געלאָפן אַ צעשויבערטע, אין דער פייכטער אוונט לופט, ביז זי איז מיד געוואָרן, און זיך צוגעזעצט אויפן זעלבן באַלקן, ווו דער פעטער איז געזעסן מיטן מאָרי דוד און געשמועסט.

חנה איז געזעסן אַ פאַריאושטע, ביז זי האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין די שענקלען, און געזאָגט בקול רם: — „איך פאָר, איך פאָר אָן אים, איך וועל בעטן פאַר אים, איך פאָר אַליין!"

צו מאָרגנס איז זי געפאָרן. זי האָט מיטגענומען דעם צוגעגרייטן פּעקל, אַרויסוואַרפנדיק אויף גיך, דעם מאָריס חלק. זי איז אַרויס פון שטוב, נישט צו זאָגן אַ וואָרט, זיך נישט אומצוקוקן.

בעת חנה איז אַרויס מיטן פּעקל, איז דער מאָרי דוד געזעסן אויף זיין שטענדיקן אָרט, איינגעהילט אין טלית, איינגעשפּאַנט אין די רצועות פון זיינע גרויסע תפילין. ער איז געווען פאַרטאָן אין שחרית, און האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף חנהן.

אין ראש המעין זענען נישט געווען קיין סודות. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס יאָר, פאָרט דער מאָרי דוד מיט חנהן אויפן כרמל, צו דער „נחמו" פייערונג אין מערת אליהו הנביא. אויב אַלע האָבן געוווּסט, האָט דער לערער ייסחאָק זיכער געוווּסט...

בעת חנה איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויפן אויטאָ, וואָס איז געפאָרן קיין חיפה, צום כרמל, האָבן איר די שכנים אָנגעקוקט מיט שטוינען: — „אַליין? היתכן?"

צו פאַרשפּאָרן איבעריקע רייד, האָט זי, ווי צו זיך אַליין געזאָגט בקול: „יאָ, כ'פאָר אַליין, דער מאָרי איז נישט מיט אַלעמען, ער איז נישט בכח צו פאָרן".

זענען אַלע געווען פאַרנומען מיט זיך, מיט די קינדער, מיט אַלטע עלטערן, מיט פּעקלעך, מיט פאַרנעמען בעסערע זיץ־פּלעצער, האָט מען חנהן צו רו געלאָזט. די עולי רגל האָבן געקענט דעם מאָרי דוד, איר מאַן, און

געוווסט, אַז ער איז אַ חלוש, במילא לאָזט זי אים שטענדיק אַליין, גאַנצע טעג, בעת זי אַרבעט, אַזוי, אַז איר נסיעה אַליין, איז נישט געווען אַזאַ חידוש.

איין איינציקער, פון די עולי רגל, האָט איר נישט פאַרלוירן פון אויג: —

דער לערער ייסחאַק, וואָס איז מיטגעפאָרן, זיצנדיק שטיל, צונויפגעדריקט אין אַ ווינקל, פאַרשטעלט מיט די אָנגעוואָרפענע פעקלעך, און צונויפגעוויקלטע מאַטעס. חנה האָט אים באַמערקט, ערשט האַלב וועגס. זי האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, מיטן ווילן, זיך נישט צו באַגעגענען מיט זיינע אויגן. אָבער פון דער רגע, וואָס זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך דערפילט בעסער: „זי פאָרט נישט אַליין!". ס'בלוט האָט געגומען שטאַרקער פולסירן, ס'האָט איר געקלאַפּט אין די שלייפן, און אַ וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן איבער איר קערפּער. כאָטש זי האָט אויף אים נישט געקוקט, האָט זי געפילט איבער זיך זיינע אויגן, וואָס האָבן איר באַגלייט דעם גאַנצן וועג.

✶

דער „נחמו" טאָג האָט געגליט. די זון האָט געברענט ווי פייער. די מענטשן אין אויטאָ, אונטערוועגס צום כרמל, האָבן געשוויצט. אַלע זענען געווען איינגעהילט אין זייערע היימישע מלבושים, מיט קאַפּטאַנעס איבער די מלבושים. די פרויען אין קליידער אויף קליידער, מיט שטערנטיכלעך באַהאָנגענע מיט מטבעות און קמעות, אַרומגעגאַרטלטע מיט קאָלירטע, וואָלענע גורטן. אַלעמען איז געווען הייס. זייער הייס. אַלע האָבן געלעכצט נאָך אַ קאַלטן טרונק, ביז די ברעמזן האָבן גרילצנדיק אַ קרעכץ געטאָן. דער מאָטאָר איז אויסגעלאָשן. דער אויטאָ איז שטיין געבליבן מיט אַ צאַפּל, אַ שליידער טוענדיק די מענטשן איינער אויפן צווייטן, וואָס האָט אַרויסגערופן גוטמוטיקן געלעכטער ביי די יינגערע און תרעומות ביי די עלטערע. אַזוי טומלענדיק, זענען די מענטשן אַראָפּגעשטיגן פון אויטאָ, געקלעטערט איינער איבערן צווייטן, זיך איבערגעפרעגט, אויסגערופן נעמען פון קינדער און קרובים און אַראָפּגעטראָגן, אויף די הענט, אַלטע און שוואַכע עולי רגלניקעס.

צופוסנס דעם כרמל, איז דער ים געלעגן פאַרגליווערט, ווי אַ צעשמאָלצענע מאַסע זילבער, באַזוימט אויף מרחקים, מיט אַ לייסט פון שניי ווייסן שוים.

ס'האָט געבלאָזן אַ פריש ווינטל, אויסגעמישט מיטן זאַלציקן ריח פון ים.

די מענטשן, באַרויקטע, האָבן זיך אָפּגעגאַרטלט, פאַרנאַנדערגעשפּילעט די אויבערשטע קאַפּאָטעס, און אַריינגעאָטעמט די מחיהדיקע פרישקייט. מען האָט זיך געלאָזט גיין מיט קריגלעך און פלעשער, אָנצופילן מיט וואַסער, פון די פריער צוגעגרייטע קראַנען, לענג אויס די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט באַרג אַרויף, צו דער הייל פון אליהו הנביא.

חנה האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון טומלדיקן עולם, מוחל זייענדיק דאָס וואַסער, כאָטש דער דורשט האָט איר געפּייניקט, נישט ווייניקער ווי די אַנדערע. זי האָט זיך געלאָזט באַרג אַרויף, נישט מיט די טרעפּ, נאָר מיט אַ זייטיקן שטעג, וואָס איז אויך פול געווען מיט יוגנטלעכע גייער.

ווי אַ שאָטן, האָט זיך פון ווייטן געשלייכט ייסחאַק, מיט אַ טעקע אין האַנט, נישט צו פאַרלירן חנהן פון אויג. זי האָט אים דאָ ביז איצט נישט געזען, אַפילו ווען זי פלעגט זיך צוזעצן אויף אַ שטיין זיך אָפּרוען. אירע בליקן זענען געווען געווענדט צו דער אָנסופיקער רחבות פון ים, וואָס האָט איר פאַרכאַפּט ביז פאַרגעסונג.



שפּעט אין אָוונט, נאָך אַלע תפילות, זמירות, טרערן און מצוה־טענץ, אַרום צעצונדענע שייטערס, האָט זיך חנה פאַרקליבן אונטער אַ פּיסטאַציע קוסט, אויסגעשפּרייט די מיטגעבראַכטע דעקע, אויסגעטאָן די שיך, און צע־בונדן דאָס פּעקל מיטן עסן. זי איז געווען הונגעריק, מיד און זייער דורשטיק.

אַזוי זיצנדיק, מיט אַ פּיטע אין האַנט, איז זי פונסניי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פאַרכישופטער פראַכט פון אויבן, איבערן קאָפּ, ווי פון אונטן, אונ־טערן באַרג, זעענדיק פון ווייטן די בערג־מאַסיוון פון גליל, צונויפגעגאָסן מיטן צעבריליאַנטעוועטן, טונקל־סאַמעטענעם הימל. זי איז געזעסן פאַר־כישופט, און געזען ווי דער דער לייכט־טורעם, אויפן ראַנד פון כרמל, פע־כערט דעם ים מיט ווייסע פאָסן, וואָס בליצן אויף און לעשן זיך אויס, צו כאַפּן אינעם ליכט אַ שיף, אַ באַלויכטענעם, שווימענדיקן פּאַלאַץ. אָט שוועבט דער פּאַלאַץ, ווי ער וואָלט העגנגען אין דער לופט, ווי ער וואָלט זיך געוויגט אַ צעשטראַלטער, צו ווערן אַרומגערינגלט מיט פייערלעך ווי שטערן. חנה האָט געגאַפט, נישט צו וויסן, אַז דאָס זענען יידישע פישער־שיפלעך ביי זייער נאַכט פאַנג, און יעדעס פייערל, איז דער מזל פון פישער מיט זיין

שיפל... דרייט זי אויס דעם קאָפּ צו מערב זייט, זעט זי אַן אָנסופיקע גיר־לאַנדע פלאָרעסצענט רערן, דורכגעפלאָכטן מיט רויטלעכע פּאַנאַרן. אונטער דער גירלאַנדע, ציט זיך אַן אָנסופיקע קייט קלענערע כלי־רכב מיט פייער־דיקע אויגן... דרייט זי אויס דעם קאָפּ צו מזרח זייט, דערזעט זי אַ נייע גלאַנציקע פּאַנאָראַמע פון שוואַרצע שפּיגל־סטענגעס, — צעשניטענע גאַסן, צעצויגענע צווישן קאַלירטע פייער פּאַסן, וואָס צינדן זיך אָן, לעשן זיך אויס, און צינדן זיך ווידער אָן: — דאָס לייכט, פינקלט און שטראַלט, די צפון רעזידענץ, די כרמל שטאָט פון ישראל, וואָס שפּרייט זיך פון צעשטערנטן הימל אין דער הויך, ביזן באַרג אַראָפּ, צום שוימיקן זוים פון ים. אין מיטן פון די פייערן, טיילט זיך אויס אַ הויכער, פירקאַנטיקער גיגאַנט מיט גע־זימסן, באַהאָנגען מיט רויטע, אָנגעגליטע נעאָן לאָמפּאַדן. אונטערן גיגאַנט, וויגן זיך באַלויכטענע שיפן. פון די שפּיגל־וואַסערן פון פּאָרט, טראָגט זיך אַ קרעכצן פון קראַנען, מיט לאָמפּן אויף די קעפּ, וואָס זעען אויס, ווי פייער־דיקע היטלען.

איז חנה געזעסן אַ פּאַרכישופטע, נישט צו באַמערקן, ווי ייסחאָק שטייט אין דער נאָענט, הינטער אַ קנאָכיקן פייגן־בוים, מיט אַ פּאָר אויגן, — שטי־קער פייער.

ערשט נאָכן זאָט ווערן מיט דער מראָה, האָט זי געכאַפּט דעם גלי פון ייסחאַקס אויגן. פון איבערראַשונג, האָט זי אַ געשריי געטאָן, זיך באַלד כאַ־פּנדיק פאַרן מויל, אַראָפּצושלינגען נאָך אַ געשריי.

חנה האָט זיך בכונה דערווייטערט פון עולם, נישט ווענדיק זיין באַ־לעסטיקט פון קיינעם, און אָט, שטייט פאַר איר ייסחאַק, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

עס איז שוין געווען נאָך חצות. די שייטערס זענען געלעגן אויסגעלאָ־שענע. די מענטשן זענען געלעגן איינגעוויקלטע אין בגדים און דעקעס, צו געניסן פון באַכטיקן אָפּרו. ווו נישט ווו האָט געוויינט אַ קינד. פונעם ים ליכט, פון אויבן און פון אונטן, איז קיין סך נישט געבליבן. פון ווייטן האָט זיך נאָך געטראָגן אַ געזאַנג מיט אַ האַפּקען פון טאַנצנדיקע רעדער־יונגוואַרג, אַקאָמפּאַנירט מיט ברומען פון שיפן, וואָס לאָזן זיך אַרויס אין מרחקים. דער הימל האָט זיך געשפּרייט ווי אַ שוואַרצע אָנסופיקייט, פול מיט פינקל־

דיקע בריליאַנטן. די דרייפערטל לבנה, איז אויך פאַרפאַלן געוואָרן, ערגעץ הינטער די בערג. די כוואַליעס פון ים האָבן זיך ריטמיש געקייקלט, געמורמלט און געוואַשן די ברעגעס.

חנה איז געזעסן צוגעשמידט צו ייסחאַקן, איינגעקלעמט אין זיינע אָרעמס. זי האָט געגליט, נישט צו טראַכטן פון גאָרנישט, בעת ער האָט געגנאָגט די זיסע וואַרעמקייט פון אירע הייסע ליפּן.ביידע האָבן זיך געגראָבן איינער אין צווייטן, ביז זיי האָבן זיך אויסגעצויגן אונטערן קוסט, צו ווערן צונויפגעשמאָלצן אין אַ גאַנצקייט, צו צעגיין פון חמימה און מתיקות. ייסחאקס ליפּן האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן מיט חנהס, צו נאָגן, ווי אַ בין דעם זיסן נעקטאָר פון אַ צייטיקער בלום...

דער לייכט־טורעם האָט ווייטער געפּעכערט זיינע ווייסע פּאַסן, נישט צו באַרירן מיטן ליכט דעם גן עדן־קוסט, וואָס האָט פאַרשטעלט חנהן מיט ייסחאקן.

ערשט פּאָר טאָג, ווען אַ שווערער, קילער טוי, האָט זיך צעלייגט אויפן כרמל, האָט זיך ייסחאַק אויפגעכאַפּט, ציטעריק איינגעוויקלט חנהן אין איר דעקע, און שטיל פאַרשוווּנדן, געעזטיקט מיט גליק. חנה איז יאָ געווען וואַך, אָדער נישט געווען וואַך. זי איז געלעגן פול געלאָדן מיט דער ברכה און מיט אַלע סגולות פון אליהו הנביאס הייל.

פונעם נאָענטן קלויסטער, האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פון גלחישן שחרית. אַ כאָר פון באָרוועסע כרמליטן, האָבן געוואָרפן מיט די פינגער, פון קאָפּ צו די אַקסל, פון די אַקסל צום נאָפּל, און געזונגען: — „דאָמינוס וואָביסקום, דאָמינוס וואָבי־י־י־סקום", אַ גלעקל האָט באַגלייט זייער בזירישע תפילה.

ווייט, גאָר ווייט פון אליהו הנביאס הייל, איז איצט געזעסן דער מאָרי דוד אויף דער מאַטע, איינגעהילט אין טלית, פאַרטאָן אין תיקון חצות, פאַרן טונקעלן שיין פון אַ פאַררויכערטן לעמפּל. דער מאָרי האָט זיך געשאָקלט אין דביקות, און פאַרגאָסן טרערן אויפן חורבן בית המקדש...

חיפה, 5.11.63

# די קללה

מיט יאָרן צוריק האָט געלעבט אין ירושלים אַן אַלטער גר, אַ זקן, מיט לאַנגע ווייסע האָר ביז די אַקסלען, מיט אַ לענגלעך אַסקעטישן פּנים, מיט מילדע בלויע אויגן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך גוטסקייט און שלוה.

ווי אַלע גרים, האָט ער געהייסן אברהם. געווען אַ געבירטיקער פון ערגעץ הינטער די הרי חושך פון טיף רוסלאַנד, אַ געוועזענער „סובאָטניק", וואָס איז געקומען אין ארץ ישראל אין די 90־קער יאָרן, צוזאַמען מיט נאָך רוסישע עולי־רגלניקעס, תפילה צו טאָן און קושן די ערד, וואָס איסוס־כריסטאָס האָט באַטראָטן, כדי זיך צוריקקערן אַ געלייטערטער, אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען. האָט זיך געמאַכט אַז ער איז שווער קראַנק געוואָרן, און זיך נישט געקענט צוריקקערן צו זיין „ראָדינע". ער איז לאַנג געלעגן אין פאַרשידענע הקדשים און זיך געראַנגלט מיטן מלאך־המות, ביז ער איז אים בייגעקומען, ביסלעכווייז זיך געשטעלט אויף די פיס, און אַוועק אין דער רוסישער מיסיע, בעטן הילף, צו קענען זיך צוריקקערן אַהיים. אָבער בייזע צינגער, פון די עולי־רגלניקעס, האָבן אים געמסרט, אַז ער איז אַ „סובאָט־ניק", אַ „זשידאָווסטוויושטשער", וואָס קלייבט זיך צו ווערן אַ ייד.

„פּעלן זשידעס אין רוסלאַנד"? האָט מען אים געזאָגט אין דער מיסיע, „עס זענען דאָ גענוג זשידעס אויף דער ערד פון דער סוויאַטאַיאַ רוס (הייליקער רוסלאַנד), — בלייב דאָ, מוזשיק"!

ער האָט נישט באַוויזן אויפמאַכן ס'מויל, צו דערקלערן, אַז ער איז טאַקע אַ סובאָטניק, אָבער ווייט נישט קיין יעווריי (אַ ייד), אַז ער איז פון ריין רוסישן שטאַם, פון אַן אוראַלטער משפּחה פון טיף רוסלאַנד, און ער וויל צוריק אַהיים.

— „פּאָשאָל וואָן", — האָט דער טשינאָווניק פון דער מיסיע אַ דונער געטאָן און אים אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן.

לכתחילה האָט ער געליטן געברענטע צרות, נישט געהאַט קיין טרוקן

ברויט, נישט ווי צו נעכטיקן, נישט אַ בגד צו בייטן. ער האָט באַקומען אַן אויסזען, וואָס האָט געשראָקן קינדער. ביז אַ צופאַל האָט אים געראַטעוועט און געוויזן דעם ריכטיקן וועג אין לעבן.

דער ווינטער איז צוגעפאַלן אין ירושלים; — קעלטן, רעגנס און שאַרפע ווינטן. דער הונגער האָט אים געפּייניקט. די נעכט זענען געוואָרן נישט אויס־צוהאַלטן. ער האָט גענומען בעטן דעם טויט אויף זיך. וואָס טויג אים אַזאַ לעבן? — מענטשן שרעקן זיך פאַר אים, ווי ער וואָלט געווען אַ נישט־גוטער. קינדער אַנטלויפן פון אים, אָדער באַוואַרפן אים מיט שטיינער. ער איז גרייט צו יעדער אַרבעט, אַפילו רייניקן בתי כסאות, — אָבער מען טרייבט אים אַוועק ווי אַ משוגענעם, ווי אַ קרעציקן.

אברהם דערציילט, אַז פון זיין פריסטער יוגנט האָט ער געהאַט חלומות. ער האָט געגלויבט אין חלומות, ווייל אין יעדער חלום, איז דאָ אַ רמז, אַ פונק נבואה...

ובכן, איין מאָל, אין אַ מוראדיקער קאַלטער נאַכט, ווען ער איז געלעגן ערגעץ אין אַ חורבה, איז אים געקומען צו חלום אַן אַלטער מאַן, איינגעהילט אין אַ ווייסן נעפּל, אַ מאַן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, נישט צו זען זיין פּנים, און האָט אים, מיט דער האַנט, שטום געוויזן די ריכטונג ווי די זון גייט אויף. דער אַלטער מאַן איז געשטאַנען מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט אַזוי לאַנג, ביז ער איז נישט געוואָרן, ווי ער וואָלט צעגאַנגען אינעם נעפּל, וואָס האָט אים איינגעהילט.

אברהם האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ פאַרפּוירענער, אַ פאַרחלשטער, קוים צו קענען באַוועגן אַ גליד. ער איז אַזוי געלעגן ביז פאַר טאָג.

פאַר טאָג איז ער געקומען צו זיך, און בלינד זיך געלאָזן גיין איבער די שמאָלע, טונקעלע געסלעך פון אַלט־ירושלים. ער איז געגאַנגען, נישט אויפ־הערנדיק צו טראַכטן פונעם חלום, פון דער האַנט, וואָס האָט אים געצייגט דעם מזרח — — — איז ער געגאַנגען, געגאַנגען, ביז ער איז געקומען אין יידישן שטח, ווו אַן עלטערער מענטש, אַ ייד, האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, אַזוי צו זאָגן:

— „יאַ כאַוואַדזשא, קבצן! היינט איז שבת, מיין ווייב איז קראַנק, מאַכמוד האָט פאַרפעלט קומען צעבלאָזן די קוילן אין פייער־טאָפּ, אַנצוואַ־

רעמען אַ גלאָז הייס וואַסער, קום מיט מיר און טו עס דו. כ׳וויל נישט אומ־זיסט. היינט איז שבת, וועסט קיין טאָלער נישט קריגן, אָבער אַ שטיק חלה מיט פיש וועסטו יאָ קריגן״.

„איך האָב זיך אַליין נישט געגלויבט״, — האָט אברהם געזאָגט. „כ׳בין געבליבן שטיין ווי אַ געליימטער. אָבער דער ייד האָט מיר גענומען פאַר אַ האַנט, אַריינגעפירט אין זיין דירה, געוויזן ווו שטייט פייער טאָפּ, געוויזן די קוילן, די נאַפט מיט די שוועבעלעך. כ׳האָב זיך געזעצט אויף די קני און געטאָן וואָס ער געבעטן. איך זיך דערוואַרעמט, איך גיריק געשלונגען דעם שכר; די שטיק חלה. איך זיך שיעור דערוואָרגן מיט ביינדלעך פון פיש. ער מיר געגעגבן אַ קליין פישל צו די חלה. איך געוואָרן אַ ביסל זאַט. איך זיך באַלד דערמאָנט אָן חלום. חלום מיר נישט אָפּגענאַרט״.

„מאַכמוד יענעם שבת נישט געקומען אין יידישע גאַס צעבלאָזן קוילן, צו וואַרעמען יידישע היימען, קאָכן וואַסער, קאָכן מילך פאַר קינדער און קראַנקע. די קעלט געווען שטאַרק, קיינער נישט געקוקט, ווי איך זע אויס, אַבי איך זאָל צעבלאָזן די קוילן, עס זאָל ווערן וואַרעמער — — — אַזוי איך געוואָרן אַן אַריינגייער אין יידישע היימען. אומעטום איך געטראָפן גוטסקייט, געטראָפן רחמים, שפייז, אַן אַלטן בגד, אַ פּאָר שיך, אַפילו אַלטע, אויסגע־קראָכענע יידישע פעלץ־היטל, מיר געגעבן די גוטע מענטשן״.

אַזוי האָט ער זיך צוגעוווינט צו די יידן פון אַלט־ירושלים. ער איז דאָרטן געבליבן, געוואָרן אַ נוצלעכער מענטש און געהאָלפן די תושבים מיט כלערליי מלאכות. — „ער האָט גאָלדענע הענט״, — האָט מען געטענהט. ער האָט געקענט פאַרריכטן אַ טיש, אַ בענקל, אַ וואַנט, אַ טיר. ער האָט געקענט אויסברוקירן אַ הויף, טראָגן פעק, אָפּלאָדן און אויפלאָדן סחורות, שוין אָפּ־גערעדט פון ברענגען וואַסער וכדומה. אָבער זיין גרויסער טאָג, איז געווען שבת, ווען ער פלעגט צעבלאָזן די פייער־טעפּ, קאָכן וואַסער, פאַרבריען מילך פאַר קינדער און יונגע מוטערס, ווען ער פלעגט גיין אין שולן און קלויזן אויסגלייכן צעשמאָלצענע ליכט און אָנפילן האַנטפאַסן מיט וואַסער. וואָס פלעגט ער נישט טאָן?

מאַכמוד איז פאַרשוווּנדן פון יענער געגנט, נישט צו וויסן פאַר וואָס און פאַר ווען. אָבער אַ צייט שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז ער איז געניזוקט

געוואָרן, בעת אַ געשלעג, געכאַפּט אַ מעסער אין בויך און איז געשטאָרבן אַ פּאָר טעג שפּעטער, „מחמת דאָס גאַנצע בלוט איז פון אים אויסגערונען״...

*

פון דער היים האָט דער גר געהייסן גריגאָרי פּאַיאַווקין. אַז ער איז געוועזן אַן עולה רגלניק, אַ סובאָטניק, ווייסן מיר אויך, בלייבט נאָר צוצוגעבן, אַז קיין פּאַספּאָרט האָט ער נישט געבראַכט מיט זיך. יענע יאָרן האָבן די טערקישע שומרים ושוטרים זיך ווייניק אינטערעסירט מיט נאַרישע, פרעמדע פּאַספּאָרטן, וואָס זיי האָבן במילא נישט געקענט לייענען. בלייבט ווידער צוצוגעבן, אַז ער האָט זיך געלאָזט עולה רגל זיין, מחמת אינערלעכן דראַנג, צו זען און באַטרעטן די הייליקע ערטער פונעם ווייטן ביבלישן לאַנד, קושן די ערד, וואָס איסוס־כריסטאָס האָט באַטראָטן און נאָך דעם זיך צוריקקערן אַהיים, ווו ער האָט איבערגעלאָזן אַ משפחה מיט אַ יונגע ווייב, פּעאָדאָטיאַ, וואָס פלעגט יעדן טאָג, נאָכן אָפּטאָן די היימישע אַרבעטן, גיין אים העלפן, אין אַ ציגעלניע, ווו ער האָט געאַרבעט, ווי אַ געניטער ציגל־ברענער.

זיין אַוועקלאָזן זיך, עולה רגל זיין אין אַזאַ ווייטן וועג, האָט געהאַט נאָך אַ סיבה, גאָרנישט קיין מינדערוועריקע, אַז ניט וואָלט אים די משפחה נישט אַוועקגעלאָזט פון דער היים. די סיבה איז געוועזן די עקרות פון פּעאָדאָטיען. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז איר טראַכט קען זיך עפענען נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט אויסטרינקען אַ קוואָרט הייליק ירדן וואַסער (אמתע ירדן וואַסער), און פאַרן שלאָף צובינדן צום בויך אַ זעקעלע אָנגעוואַרעמטע ערד, פון יענע מקומות, ווו איסוס־כריסטאָס האָט פאַרענדיקט זיין לעצטן גאַנג צום דעם קרייץ, אין סוויאַטאָגראַד—אירוזאַלים (ירושלים עיר הקודש).

יענע יאָרן האָבן מענטשן, פון דעם גרס שטאַנד, נישט געשריבן קיין בריוו. ראשית, האָבן גאָר ווייניקע געקענט שרייבן, והשנית, איז דאָרטן נישט געווען קיין פּאָטשט. די נאָענטסטע פּאָטשט איז געווען אַ פּאָר הונדערט וויאָרסט פון זיין היים. ווידער, צו וואָס איז בכלל נייטיק צו שרייבן בריוו? — ס'איז אַן אומזיסטע טרחה. ווער דאַרף עס? אפילו די, וואָס פלעגן אַוועקדינען אין דעם באַטיושקאַ צאַרס אַרמיי, פלעגן אויך נישט שרייבן. זיי פלעגן אַוועק פון דער היים אויף דריי, פיר יאָר, און בדרך כלל, אויב ס'פלעגט נישט זיין קיין מלחמה, צוריקקומען, אָן צו שרייבן בריוו.

מעשה צופֿאַל, האָט דער גר, נאָך אַ יאָר זיצן אין ירושלים, באַגעגנט אַ באַקאַנטן עולה רגלניק, פֿון אַ שכנותדיקן ישוב, וואָס אים האָט דערציילט, פֿון דער כאָליערע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין יענע מקומות. די כאָליערע האָט געשניטן מענטשן, ווי מען שניידט זאַנגען. בקיצור: פּעאָדאָטיאַ איז געשטאָרבן. זיין מאַטושקאַ, יעקאַטערינאַ, איז אויך געשטאָרבן. צוויי ברידער זענען אויך פֿאַרצוקט געוואָרן פֿון דער מגיפה, צוזאַמען מיט נאָך און נאָך מענטשן פֿון זיין דאָרף (אַזוי איז געווען דער ווילן פֿון גאָט). דער גרעסטער טייל פֿון די לעבן געבליבענע, האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין אַ צווייטער געגנט, וואָס דער מלאך־המות האָט צו רו געלאָזט.

נאָך אַזעלכע גרוסן איז אים דאָס האַרץ צעבראָכן געוואָרן. זיינע טרערן זענען אין גאַנצן אויסגערונען, און ער האָט זיין צוריקקער אָפּגעלייגט, יאָר נאָך יאָר, ביז די היים איז ביסלעכווייז פֿאַרשוווּנדן פֿון זיינע מחשבות.

נאָך וועמען צו בענקען, האָט ער נישט געהאַט. זיין פֿאָטער איז גע־שטאָרבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. די איבעריקע פֿון דער משפּחה, האָט די מגיפה פֿאַרצוקט, איז ער געבליבן אין ירושלים, צווישן די יידן, וואָס זענען גוט און פֿריינדלעך צו אים. ער האָט זיך אויסגעלערנט גענוג יידישע ווערטער צו קענען זיך צונויפֿרעדן, און צו זיין אייגענעם ווּנדער, האָט ער פֿאַרלוירן דעם חשק צו די פּאָר מאַליטוועס, וואָס ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק פֿון דער היים, ביז ער האָט זיי כמעט פֿאַרגעסן. די ערשטע צייט, אין ירושלים, פֿלעגט ער נאָך, אינסטינקטיוו, וואַרפֿן צלמים איבער זיך, וואָס פֿלעגט אַרויסברענגען פֿון די כלים זיינע יידישע ברויטגעבער. האָט ער זיך באַמיט עס צו טאָן, ווען קיינער פֿלעגט נישט זען. ביז ער האָט זיך פֿון דעם אויך אָפּגעוווינט.

ער ווייס נישט פֿאַר וואָס, עס האָט אים, דאָ אין ירושלים, גענומען אינטערעסירן און ציען צו די ניגונים פֿון די יידישע תפֿילות, וואָס ער פֿלעגט הערן, אין שול, ווו דער אונטער־שמש פֿלעגט אים ברענגען, שבת, אויסצו־גלייכן אַ צעשמאָלצענע יאָרצייט ליכט, אָדער אין מיטן וואָך, אָנצופֿילן דעם קופּערנעם כיור מיט וואַסער, צו שייערן די מעשענע מנורות, ביז זיי פֿלעגן בעמען שיינען ווי גאָלד, אויפֿראַמען דעם חצר וכדומה.

דער אונטער־שמש און פּשוטע יידן, וואָס פֿלעגן שטענדיק זיצן ביי דער

טיר, נאָענט צום קופּערנעם כיור, זענען געווען פריינדלעך צו אים, פלעגן אים לערנען ווערטער און פּסוקים פון סידור. אַז זיי האָבן באַמערקט, ווי ער באַוועגט מיט די ליפּן, אַליין נאָכגעזאָגט, האָבן זיי די זאַך גענומען ערנסטער און אַליין דערציילט דעם שמש. דער שמש האָט עס דערציילט ווייטער, ביז עס איז דערגאַנגען צו די גבאים און צום רב, וואָס האָט זיך געבייזערט, הלמאי זיי זענען מחלל דעם סידור מיטן לשון הקודש, הלמאי זיי ליצנעווען מיט אַן ערל, לאָזן אים זיצן אין אַ מקום קדוש, בשעת התפילה. אָבער מען האָט זיך אַזוי צוגעווינט צו אים, אַז קיינער האָט זיך נישט געחידושט צו הערן, אַז אין אַ שיינעם טאָג איז ער צוגעגאַנגען צום רב, אים געכאַפּט קושן די הענט, און געבעטן, ער זאָל אים מגייר זיין.

דער רב האָט זיך שטאַרק אָנגעבייזערט, נישט געלאָזט נעמען פאַר די הענט, אים משלח געווען פון זיך. אָבער די מעשה האָט זיך גענומען איבער־חזרן, וואָס ווייטער אַלץ אָפטער. דער רב האָט אים פּרובירט אָפּרעדן פון אַזאַ זאַך, דערקלערנדיק געדולדיק, אַלע חומרות פון דת ישראל, אָנצושרעקן אים מיט די פייערן פון גהינום, פאַר דער מינדעסטער עבירה.

— „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, איז זייער אַ שטרענגער, דאָס יידישע גלויבן איז נאָך שטרענגער", — האָט דער רב צו אים געטענהט, — „עס זענען דאָ אַ סך „לאווין", מיט גאָר אַ סך דינים פון מילכיקס, פליישיקס, שמירת שבת קודש, תעניתים, טהרת הגוף והנשמה, טלית און תפילין, מיט נאָך און נאָך דינים". צו וואָס דאַרף ער עס? ס'איז אַ שווערער עול, צי וועט ער אַלץ באַנעמען און אויסהאַלטן?

„אָט דערציילסטו, אַז דו ביסט אַ סובאָטניק", זאָגט אים דער רב, — „און דו גייסט אין יידישע הייזער, צעלייגן אַ פייער און קאָכן וואַסער אום שבת. ווי אַזוי וועסטו קענען אָפּהיטן דעם יידישן שבת, מיט אַלע אַנדערע דינים, וואָס כ'האָב דיר אויסגערעכנט"?

האָט ער אים געענטפערט:

— „טאַק טאָטשנאָ, סוויאַטאָי ראַבין, אַלץ ריכטיק, הייליקער רבי. מיר סובאָטניקעס נישט אַרבעטן שבת. צינדן פייער איז נישט אַרבעט. ביי אונדז, ווייט אין ראַסיי, מוז צינדן פייער שבת, מוז צינדן פייער אַ גאַנצע וואָך. ביי אונדז ווינטער מוראדיקע מאָראָזי, קעלטן. ווינטער פרירט וואַסער אין שטוב

און אין שטאַל. ווי נישט צינדן פייער שבת? נישט געבן בהמות טרינקען? אַליין נישט טרינקען קיפּיאַטאָק (זודיק וואַסער)? קינדער נישט טרינקען, נישט זיך אָנוואַרעמען. אָן פייער קינדער שטאַרבן. עלטערע מענטשן אויך שטאַרבן ווינטער אָן פייער! זומער, מיר שבת גאָרנישט טאָן, ניט צינדן פייער, נאָר געבן עסן די בהמות. — איך, סוויאַטאָי ראַבין, איך שווערן, איך היטן אַלע זאַקאָנעס, ווי גוטער ייד, ווי בעסטער ייד, איך היטן״!

ס'האָט זיך לאַנג געטומלט אין יענער שול פון אַלט-ירושלים, דעם גרס נאָמען איז געווען ביי יעדערן אויף די ליפּן, אַ פּשיטא, ווען ער האָט גענומען שטרענג אָפּהיטן שבת, מער נישט צו גיין באַדינען יידישע היימען. יידן זענען געבליבן אָן אַ „שבת-גוי״, און מען האָט געמוזט געפינען אַ בייעם אַכמעד, אַ קאַליקן אַראַבער פון שער חברון.

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוויינט צו דער מחשבה, אַז ער מיינט עס ערנסט, בלב שלם.

צום סוף האָט ער זיינס אויסגעפּירט: — מען האָט אים געיידישט, לויט אַלע דינים און יסורים, וואָס ער האָט מקבל באהבה געווען און אויך געביטן דעם נאָמען, אויף אברהם בן אברהם, ווי גריגאָרי פּאַיאַוקין וואָלט קיין מאָל ניט עקזיסטירט אויף דער וועלט. אברהם האָט מער נישט פאַרלאָזן דעם יידישן שטח פון אַלט-ירושלים. ער האָט געפונען זיין שטענדיקן אָרט צווישן די מענטשן אין שול, נישט ווייט פונעם כיור, נאָענט צו דער טיר. די מענטשן האָבן פאַר אים געזאָרגט, און אים צונויפגעפירט מיט דער פאַרזעסענער, איין-אויגיקער בתולה, חייטשע. אברהם האָט מיט איר חתונה געהאַט, און צו אַלעמענס וווּנדער האָט זי, במשך פון צוויי יאָר, געבוירן צוויי זין, מיט העל בלויע אויגן, מיט ווייס-בלאָנדע האָר, ווי געקאַמטער פלאַקס.

*

זינט דעמאָלט זענען אַוועק אַ סך יאָרן, בעסערע און ערגערע. אברהמס זין זענען אויסגעוואַקסן, אַוועק פון דער אַלטער שטאָט אין דער נייער ירו-שלים, ווו זיי זענען געוואָרן אַרבעטער: — איינער טרייבט אַ גרויסן לאַסט-אויטאָ, דער צווייטער איז אַ געניטער בוי-אַרבעטער.ביידע זין האָבן חתונה געהאַט און געבוירן זין מיט טעכטער, בלאָנד-האָריקע און בלוי אויגיקע, וואָס קומען שבת און יום טוב צו גאַסט, צום אַלטן זיידן, אברהם דער גר,

וואָס לעבט אין אַ מושב־זקנים, פון יענער זייט מויערן, נישט ווייט פון מאה־שערים. נישט אברהם אַליין, נישט קיין אַנדערער, ווייסן ווי אַלט ער איז. ער האָט אפילו פאַרלוירן דעם חשבון פון די יאָרצייטן נאָך זיין חייטשען, עליה השלום, מיט וועמען ער האָט געלעבט מער ווי 40 יאָר צייט.

ווער קען נישט אברהם דעם גר? ווער האָט נישט געהערט זיין דערציילן פון די אַמאָליקע צייטן? ווער האָט נישט געהערט זיין ווונדערלעכן לשון יידיש, בין מנחה למעריב, אין דער שולעכל פון מושב זקנים, אָדער אין זוניקע טעג, ווען ער פלעגט זיצן אויף אַ באַנק, אונטער אַ בלעטער־בוים אין רחביה? אָט וועלן מיר, וואָרט ביי וואָרט, איבערגעבן איינע פון זיינע דערציילונגען:

„איך געהאָט שלעכטע צייטן, אין ירושעלאַים. דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט אַוועק, געקאָנט שלעכט יידיש און גאָר קנאַפּ לשון קודש, קוים צו קענען דאַוונען באַיזוסט (אויף אויסנווייניק). איך נישט געקענט לייענען. איך געווען שווער קראַנק, אַריין אין שפּיטאָל. דאָס ווייב און קינדער, נישט האָט וואָס צו עסן. אַללעס הונגעריק, אַללעס ווײנט. ווייב קומט צו מיר אין שפּיטאָל. ווייב ווײנט. איך איר געבן צוקער פון מיין טיי. איך טרינק ביטער טיי. איך איר געבן מיין ברויט: — נעם חייטשע, גיב קינדער ברויט. גיב קינדער צוקער. זיי פאַרבייסן. זיי נישט וויינען. ניט זאָג קיינעם אַ וואָרט. איך ווייס, אַז פאַר אַנדערע מענטשן אויך נישט גוט. שלעכטע צייט. ווייב אַוועק רו׳קער. ווייב אַוועק, איך איינגעשלאָפן. מיר געקומען חלום: — גרויסער אָקס מיט בלויע פאָסן מיר לעקט און לעקט פּנים, ביז אָקס אַוועק. באַלד קומען 6 קי, גרויסע פעטע קי, מיט איינע קליינע קעלבעלע. איך נעם איין קו מיט קעלבעלע, פיר אַוועק אַהיים. שלאָף אַוועק פון מיר. איך כאַפּ אויף, זיץ אויף בעט קלער און קלער, האַ? געווען חלום, גוטער חלום, ווי דערציילט פון די ביבליע: — 6 פעטע קי, 6 גוטע יאָר. קליינע קעלבעלע, — נאָך האַלבע גוטע יאָר, אפשר נאָך פערטל גוטע יאָר. איך שוין פריילעך, אַוועק זאָרג, גאָט מיר געוויזן ריכטיקן חלום, נעם גלויבן, ס׳מוז קומען גוטס!

דאָס ווייב געקומען. איך איר דערציילט גאַנצן חלום. איך איר זאָג: — ניט וויין מיין ווייב, באַלד זיין גוט, זעקס גוטע יאָרן. מיט נאָך האַלב גוטן יאָר, גיי אַהיים צו קינדער, גיי חייקע.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, איך פון שפּיטאָל אַרויס. מוז גיין מיטן שטעקן, אָבער איך גלויב, אַז חלום נישט אָפּנאַרן. אַוועק אַ וואָך, אַוועק נאָך אַ וואָך, אַ דריטע וואָך, איך גיי אין גאַס, זע אַ גרויסע הויז. אויף הויז אַ טאָפּל. איך וויל לייענען ווערטער. איך נישט קען. שווערע, שיינע געצאַצקעטע ווערטער. איך קוק אויף די ווערטער. איך פיל הינטער פלייצע שטייט אַ מאַן. איך זיך אויסגעדרייט. זע אַ יונגן מאַן. ער זאָגט: — „איך דאָ באַלעבאָס, וואָס איר פאַרלאַנגט? וועלכע שפּראַך איר רעדט"?

איך זאָג: — „פּאָ רוסקי, אויך אידעש".

גוט. ער זאָגט, ער אויך רעדט פּאָ רוסקי, ער איז פון ראָסיי. פרעגט ער מיר, „ווי גייט דיר? ווי דו פילסט? וואָס דו טוסט? ווי פרנסה"?

איך זאָג: אַלץ גוט. ס'איז גוט. פרעגט ער: — „האָסט אַרבעט"?

איך זאָג: — דערווייל נישטאָ אַרבעט. — „דו באַלמעלאָכע"? ער פרעגט. יאָ, איך ציגל ברענער. איך אויך קאַכליעס קען מאַכן. איך דאַכאָווקעס מאַכן אויך קען, און נאָך אַרבעטן קען.

„וואָס? דו ציגלברענער? — זייער גוט. אַ גאַנצע יאָר מיר זוכן ציגל־ברענער. קום אַרבעטן צו אונדז, אפילו היינט", — ער געזאָגט.

בין געגאַנגען אַרבעטן. גוט געאַרבעט. געוואָרן מאַסטער פון ווערקשטוב. 20 געזעלן. אַלע גוטע, אַלע מיר גיבן כבוד.

אין דער היים איך זאָג ווייב: — אַהאַ! 6 פּעטע קי, דו זעסט, שוין גוט געוואָרן, ווי אין חלום.

געאַרבעט אַ יאָר, געאַרבעט נאָך אַ יאָר, פאַרדינט ביסל געלט, אָפּגע־שפּאָרט אַ ביסל, גענומען בויען שטיקל הויז, מיט אייגענע הענט, פאַר דער אַרבעט, נאָך דער אַרבעט, שטיקל נאָך שטיקל, געבויט, געבויט ביזן דאַך.

איינעם אַ פרייטיק, איך נעם אין ווערקשטוב דאַכאָווקעס צו דאַך. איך בעט מואַלעם גוסטאַוו פאַרשרייבן צאָל אויף מיין חשבון. מואַלעם פאַרשריבן. מואַלעם געהאָלפן מיר טראָגן דאַכאָווקעס אַהיים. איך און ער גוטע פריינד. געבראַכט אַהיים דאַכאָווקעס, אַנידערגעלייגט אונטערן בעט, ביז נאָך שבת. איך זיך געזעצט אָפּרוען פון אַרבעט.

באַלד קומט מענטש פון דירעקטאָר. ער פרעגט: — „וויפל איר גענומען דאַכאָווקעס"? איך ווייז צעטל מיט צאָל, ווי פאַרשריבן מואַלעם גוסטאַוו.

מענטש פון דירעקטאָר זיך נישט פוילט, בויגט זיך איין אונטערן בעט, ציילט און ציילט דאַכאָוואָקעס, הויבט זיך אויף און זאָגט: — „ס'איז דאָ 16 שטיק מער פון פאַרשריבן צאָל. ווי קומט 16 שטיק מער"?

איך זאָג: — איך נישט ווייס, איך גענומען לויט פאַרשריבן צאָל. דאָס האָט ווער צוגעלייגט, להכעיס, איך נישט געזען.

מענטש פון דירעקטאָר אַלעס פאַרשריבן, געזאָגט גאָרנישט, און אַוועק. איך אַוועק אין שול, מנחה־מעריב. שלעכט געדאַוונט. אָ וואָרעם זיצט אין קאָפּ, פרעסט מיין מאַרך: ווער מיר צוגעלייגט 16 דאַכאָוואָקעס? שוין נישט געהערט חזן. קלער און קלער, נאָר פון דאַכאָוואָקעס, מיאוס!

אַהיים געקומען פון שול, נישט געקענט זיצן, נישט געקענט עסן. פריי־טיק נאַכט איך תמיד אין דער היים. קיין מאָל נישט אַוועק אין גאַס. דאָס מאָל איך אַוועק אין גאַס. איך גיי, גיי. איך קלער, ווער מיר דאָס געטאָן, — מיר מאַכן אָ גנב!

זונטיק איך גיי אַרבעטן. קום אין ווערקשטוב, קוק, קוק אַרום און אַרום, ווער דאָס קען זיין, האָ! אפשר דאָס איז זעלמאַ, דער וואָס האָט שלעכטע ווייב. נישט קען זיין אַנדערער. ער נישט פאַרגינער. נאָר ער. ווייל איך מיט אַלעמען גוט. קיינעם נישט געטאָן שלעכטס. קיינער אויף מיר ניט אין כעס. איך זע, ער אויף מיר קוקט קרום, קוקט נישט גלייך אין די אויגן. איך זע טייוול אין זיינע אויגן. ער לאַכט, ער מיר שוין האָט אין זיינע הענט. מיר אָ שטאָך אין האַרצן. טוט שטאַרק ווי. איך געוואָלט וויינען, אָבער געזאָגט צו זיך: — „אברהם! נייך, דו נישט אָ באַבאַ, דו אָ מאַן"!

איך צוגעגאַנגען צו זעלמאַ. איך רויִק געפרעגט: — „זאָג זעלמאַ, דאָס דו מיר צוגעלייגט דאַכאָוואָקעס, מיר מאַכן פאַר אָ גנב, דירעקטאָרס כעס זאָל פאַלן אויף מיר"? זעלמאַ דרייט אַוועק קאָפּ, זאָגט: — „נייך".

איך אים נישט לאָז אָפּ: — „זאָג זעלמאַ, דיין ווייב, זי, זי דיר דאָס גע־הייסן טאָן"? זעלמאַ שווייגט. איך שוין זאָג מיט כעס: — „דו, דו, דאָס געטאָן! איך נאָך שטאַרקער אין כעס. איך שריי און זאָג, וואָס אָ גר נישט דאַרף זאָגן. איך קלאַפּ אין טיש. איך שריי בייז, מיט הויכן קול, אַז גאַנצער ווערקשטוב טרייסלט: — „שווייגן ייִנגלעך, לייגט אַוועק אַרבעט, איך אייך זאָגן עטלעכע ווערטער: — איך גענומען דאַכאָוואָקעס. מואַלעם גוסטאַוו פאַר־

שריבן געניוע צאָל. זעלמאַ שטיל צוגעלייגט 16 שטיק, אויף מיר צו וואַרפן חשד פון דירעקטאָר און פון אַלע, אַז איך גנב, דערפאַר הערט: — אין זעקס טעג אַרום זאָל פאַלן די רוט פון הימל אויף זעלמאַ״!

איך זיך באַרויקט. איך זע ווערקשטוב לײדיק. קיינער נישטאָ, אַלע צע־לאָפן. געבליבן איך אַליין. איך קלער: וואָסטו געטאָן אברהם? וואָסטו גע־וואָרפן אויף מענטש קללה? פוי אברהם, אַ חרפה אויף דיר. נישט ריכטיק אַברהם, אַלע געהערט קללה.

געקומען אַהיים, נישט האָב מער רו, נישט קען עסן, נישט קען קוקן ווייב אין אויגן. איך פאַל אין בעט, ביז איך גענומען שווער שלאָפן. איך זע חלום: — געבונדענע הענט, געבונדענע פיס. איך רייס מיט כעס שטריק, מאַך פריי הענט, מאַך פריי פיס, כאַפּ אויף, גיי צום טיש, זע מואַלעם גוסטאַוו, מיין פריינט, זיצט ביי מיר, ביי מיין טיש. אויף טיש שטייט פולע שיסל צוקער. גוסטאַוו עסט צוקער. איך אויך עס צוקער. גוטע צוקער. זיסע, גרויסע שטי־קער צוקער. איך ווידער פאַל שלאָפן. ביי שנעלער, אויף קלויסטער זייגער, שלאָגט 12. האַ? געחלומט? — צעריסן קייטן, געגעסן צוקער, גוטע צוקער, געגעסן צוזאַמען מיט מואַלעם גוסטאַוו, גוטער חלום. איך שוין פריילעך, וועק אויף ווייב און קינדער, זעץ זיך ביים טיש, טונק ברויט אין זאַלץ, מאַך ברכה מיט הויכן, קלינגענדיקן קול. ווייב, קינדער קוקן אויף מיר מיט גרויסע אויגן. זאָגט ווייב: — „אברהם! וואָס מיט דיר? דו משוגע? דו קראַנק? ווען מען דאַרף עסן דו שלאָפסט, ווען מען דאַרף שלאָפן דו עסט. קומסט פון שול סמוטנע, אַנטלויפסט פון שטוב, איצט אין מיטן נאַכט דו פריילעך, וואָס מיט דיר געשען? ווי איז מיר, אברהם״! זי וויינט. איך דערצייל גאַנצע מעשה מיט זעלמאַ, מיט חלום, איך זאָג: — „ווייב און קינדער! זייט פריילעך, ס׳מוז זיין גוט, געווען גוטער חלום מיט זיסן צוקער״.

אַוועק נאָך אַ שבת, געווען פריילעכער ווי תמיד. זונטיק איך גיי אַרבעטן. איך פיל, אַלע קוקן אויף מיר, נישט ריידן, איך אויך שוויג, אַזוי איך אַרבעט גאַנצע וואָך, שטיל, נישט ריידן ביז פרייטיק.

פרייטיק קומט מענטש פון דירעקטאָר, רופט זעלמאַ צו זיך. דער מענטש מיר זאָגט, דירעקטאָר שטאַרק אין כעס. מיר געקומען מחשבה, אַז ער אין כעס צוליב מיר. מענטש אַוועק מיט זעלמאַ.

ווען זעלמאַ צוריקגעקומען, געוואָרן רעש אין ווערקשטוב. זעלמאַ מוז אַוועק פון אַרבעט, ווו געאַרבעט 20 יאָר. זעלמאַ מוז פאַרלאָזן שטוב ווו ער געלעבט מיט ווייב און קינדער. זעלמאַ געבליבן אָן ברויט, אָן שטוב.

צו מיר קומט מואַלעם גוסטאַוו און זאָגט, איך שולדיק אין אומגליק פון זעלמאַ. דערפאַר איך מוז גיין צו דירעקטאָר בעטן, זעלמאַ זאָל צוריקגיין אין ווערקשטוב אַרבעטן. איך דערפילט שטאַרקן ווייטאָג אין האַרץ. איך זיך גע־פילט שולדיק, נישט געטאָרט וואַרפן קללה אויף טאַטע פון קינדער. איך געזאָגט צו מואַלעם גוסטאַוו, גוט, — איך טאָן דיין פאַרלאַנג.

איך אַוועק אין שטוב, זיך גוט געוואַשן, אָנגעטאָן שבת בגד, אַוועק צום דירעקטאָר. מיר געבראָכן פיס, קול געציטערט, אָבער געזאָגט דעם דירעק־טאָר: — „איך האָב גרויסע פראָסבע, בקשה, זאָל זעלמאַ צוריקגיין אין ווערקשטוב. ער בעל משפחה, ער האָט קליינע קינדער״.

דירעקטאָר מיר אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן, זיך געוווּנדערט, פאַר וואָס איך בעט פאַר שלעכטן מענטש. זעלמאַ אַ שלעכטער, זעלמאַ דיר פאַר־קלאָגט אַ סך מאָל: — אברהם־גר גנבעט, אברהם שלעכטער, שטערט אַר־בעט, טוט שאָדן ווערקשטוב. דירעקטאָר אַלץ פאַרשריבן אין קליין ביכעלע. דירעטקאָר גענומען פאַרשן, ביז איינער אים דערציילט, אַז זעלמאַ שלעפּט פון ווערקשטוב מאָדעלן פון וואַזעס, צאַצקעס, קאַכלעס.

דירעקטאָר געזאָגט, ער גענומען צאַצקעס געגעבן מיינע קינדער, זיי זיך זייער געפרייט און אַלץ גענומען. דירעקטאָר אַזעלכע צאַצקעס, מיט זיין מענטש געשיקט צו זעלמאַס קינדער, זיי זיך נישט געפרייט, געפונען ביי זיי אַזעלכע צאַצקעס, געשלעפּט פון ווערקשטוב. מיט דער צייט זיך אַזוי די־רעקטאָר דערוווּסט, אַז איך אומשולדיק, זעלמאַ דער שלעכטער געוואָלט פּטור ווערן פון מיר. דירעקטאָר נישט געוואָלט הערן, נישט אָנגענומען מיין בקשה. אָבער איך זיך געשטאַרקט, גענומען מוט, ווידער און ווידער געבעטן רחמנות פאַר זעלמאַס קינדער, זיי נישט שולדיק, וואָס טאַטע שלעכטער. אויב דירעקטאָר מיר נישט פאָלגט, איך מוז פאַרלאָזן אַרבעט. מיין צער גרויס.

דירעקטאָר געשוויגן, געטראַכט, געטראַכט, צוגעגאַנגען צו מיר, גענומען מיין האַנט, געזאָגט: — „דו אברהם בעסטער אַרבעטער, דו בעסטער מענטש. איך געטראָפן, דו גוטע האַרץ. זעלמאַ, קומט צוריק אַרבעטן״.

זעלמאַ געקומען צוריק אין ווערקשטוב. אַוועק אַ חודש, שוין געוועזן אַלעס גוט, אָבער איך נישט גערעדט מיט זעלמאַ אַ וואָרט. איין מאָל איך הער, זעלמאַס זון שטאַרק קראַנק, אַ שלאַנג אים געביסן. אַוועק נאָך אַ וואָך, געבראַכט צום זון אַ דאָקטער פון מאַנטעפיאָרע. דאָקטער שאָקלט מיטן קאָפּ:

— „שלעכט, גאָר שלעכט"! דערוויילע זעלמאַס ווייב אויך קראַנק, שפּייט מיט בלוט, און זעלמאַ אויך געוואָרן קראַנק.

אין אַן אָוונט געקומען צו מיר מואַלעם גוסטאַוו, מיט יינגלעך פון ווערקשטוב. גוסטאַוו זאָגט: — „אברהם! אויף זעלמאַ זיך גיסט צאָרן פון הימל. העלף, אברהם. דו געוואָרפן אויף אים קללה, איצט בעט גאָט, ער זאָל צונעמען קללה פון זעלמאַס קאָפּ. איך זיי ענטפער, אַז יעדערער קען בעטן גאָט. איך אויך בעטן, אָבער, זעלמאַ מוז זאָגן פאַר מענטשן און פאַר דירעקטאָר, אַז איך נישט געגנבעט דאַכאַוועקס.

זעלמאַ געפאָלגט, ער אַזוי געטאָן. באַלד אַלץ גוט געוואָרן. זעלמאַ גע־וואָרן געזונט, זיין ווייב געוואָרן געזונט. דער זון נעבעך פריער געשטאָרבן, באָררוך דאַיען עמעס.

איצט, זעלמאַ מיר דער ערשטער טראָגט אַ קעגן אַ „גוטן מאָרגן". ער פריינטלעך צו מיר, צו אַלע, פאַרבעט מיר צו אים אויף קידוש.

אָבער גוטע מענטשן, איך נישט געקענט קוקן גלייך אין זעלמאַס אויגן. איך זיך תמיד דערמאָנט אָן קללה, וואָס געטראָפן זיין זון, אָלע שאָלעם. מיר, מיר שטאַרק טוט ווי האַרץ, כאָטש איך ווייס, אַז מער איך אויף קיינעם נישט וואַרפן קללה, אַפילו נישט שונאים".

— — — די זון האָט זיך פאַרקליבן הינטער די בערג פון יהודה, ס'האָט גענומען בלאָזן אַ קילער ווינט. אברהם האָט פאַרענדיקט זיינע רייד און איז געבליבן זיצן מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, צו זיין, במחשבה, גאָר ווייט פון רחביה, מי יודע מיט וויפל יאָרן צוריק, בעת ער איז נאָך געוועזן דער בעסטער ציגל־ברענער אין לאַנד פון ישראל.

חיפה, 24.3.64

באַמערקונג:

דעם תוכן פון דער דערציילונג האָט דער מחבר בשעתו באַקומען פון יונג פאַר־שטאָרבענעם פריינד, אינזשינער נחמן טענענבוים ז"ל.

ש.

## פון זעלבן מחבר :

באַרג אַרויף, דערציילונגען פון ישראל. 180 זייטן, אַרויסגעגעבן פון צוויש"א, בוענאָס־איירעס, 1951.

טאָג איין טאָג אויס, ראָמאַן פון א"י־לעבן. 208 זייטן, אַרויסגעגעבן פון אַ ספּעציעלער פאַרלאַג־קאָמיסיע ביים פאַריין פון סוואַלק און אומגעגנט, בוענאָס־איירעס, 1954.

„אונטערוועגנס", דערציילונגען פון ישראל. 312 זייטן, אַרויסגעגעבן דורך דער צווייטער שלום־עליכם־שול אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס, 1956.

„נעכטן", פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. 448 זייטן, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „אונדזער וואָרט", בוענאָס־איירעס, 1959.

"ISRAEL POR DENTRO", דערציילונגען (אין שפּאַניש). אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „קאַנדעליאַבראַ", בוענאָס־איירעס, 1957.

„גאַנג", „ארץ ישראל, מדינת ישראל, עמך ישראל". 251 זייטן, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1962.